אוקראַיִנישע וויסנשאַפטלעכע אקאַדעמיע
אינסטיטוט פאר ייִדישער פראָלעטארישער קולטור
סעקציע פאר ליטעראטור אונ קריטיק

א. כווילִיא

# טאראס שעווטשענקאָ

## דער גרויסער דעמאָקראט,
## דער דיכטער־רעוואָלוציאָנער

פארלאג פונ דער אוקראַיִנישער וויסנשאפטלעכער אקאדעמיע
קיִעוו • 1935

Printed in Soviet Union

איבערגעזעצט פונ מאנוסקריפט ד. האָפשטיינ.

רעדאקטער פונ דער איבערזעצונג — מאקס עריק. טעכרעדאקטער — ש. ליפּאָוו. קאָרעקטער — כ. לייבאָוויטש. פאפיר 94 × 62 — 1/16 — 38 קג. 3 דרוקבויגנ. אינ 1 פאפיר־בויגנ 96 000 צייכנס. טיראזש 2000 עקז. פארלאג נומ. 60 דרוקעריי: אוקראַינישע וויסנשאפטלעכע אקאדעמיע קיִעוו, ארטיאָמ 44. באשט. 349. באפולמ. פונ געגנטליט 16. אָפּגעגעבנ אינ זאצ 35 — 4/IV
אונטערגעשריבנ צומ דרוק 35 — 7/VI

דערלויבט ארויסצולאָזנ פונ דרוק דורכ דער אוקראַינישער וויסנשאפטלעכער אקאדעמיע. באשטענדיקער סעקרעטאר פונ אואנ — אָ. וו. פּאלאדינ.

1

דאָס לעבנ און דאָס שאפנ פונ שעווטשענקאָנ געהער צו דער צײַט, ווענ דאָס צאַרישע רוסלאַנד האָט זיכ געפונענ אינ צושטאנד פונ איבערגאנג פונ דער לײַבייגנטימערישער ווירטשאפט־סיסטעמ צו דער קאפּיטאליסטישער.

די סעוואסטאָפּאָלער קאמפּאניע אינמיטנ 19־טנ יאָרהונדערט, די שוידערלעכע מיליטערישע מאפּאָלע פונ ניקאָלײַס רוסלאַנד האָבנ אנטפּלעקט די אלע עקאָנאָמישע און פּאָליטישע ווידערשפּרוכנ, וואָס זײַנענ געווענ אינעמ צארישנ רוסלאַנד, האָבנ אנטפּלעקט זײַנ עקאָנאָמישע און טעכנישע אָפּגעשטאנענקײַט.

אוקראַינע האָט פאַרנומענ א גרויס אָרט אינ דעמ עקאָנאָמישנ און פּאָליטישנ לעבנ פונעמ דעמאָלטיקנ רוסלאַנד. אוקראַינע, אלס א קאָלאָניע פונעמ צארישנ רוסלאַנד, איז געווענ א באשטאנדטייל פונ דער פעאָדאַל־לײַבייגנטימערישער ווירטשאפט־סיסטעמ. און די פּראָצעסנ פונעמ רײַפ ווערנ פונ א גרויסנ אופרײַס אינעווייניק אינ דער לײַבייגנטימערישער אָרדענונג, וועלכע זײַנענ פאָרגעקומענ אינ גאנצ רוסלאַנד, זײַנענ פאָרגעקומענ אויכ אינ אוקראַינע.

דאָס אוקראַינישע דאָרפ אינ דער ערשטער העלפט פונעמ 19־טנ יאָרהונדערט, פונקט ווי דאָס דאָרפ פונ רוסלאַנד, האָט זיכ געשטיקט אינ יאָכ פונ לײַבייגנטימערישער געפענקעניש. די אדעליק־לײַבייגנטימערישע אָרדענונג איז ווי א שווערע לאסט געלעגנ אפ דער מערהײַט פונ דער באפעלקערונג פונ דעמ צארישנ רוסלאַנד, אפ די ארבעטנדיקע מאסנ, אפנ פויערטומ.

די אדעליק־לײַבייגנטימערישע עקאָנאָמיק האָט געבראכט צו א גרויסער פאראָרעמונג פונ די ארבעטנדיקע מאסנ.

אינ דער זעלבער צײַט האָט דער קאפּיטאליזמ געלאָזט שוינ פעסטע שפּראָצנ אינ רוסלאַנד און אפ אוקראַינע. די קאפּיטאליסטישע פּראָדוציר־אויפנים, די אנטוויקלונג פונ קאפּיטאליזמ האָבנ געפאָדערט, אז די פעאָדאַל־לײַבייגנטימערישע ווירטשאפט־סיסטעמ זאָל ליקווידירט ווערנ.

דאָס לעבנ, די פּאָליטישע און ליטעראַרישע טעטיקײַט פונ שעווטשענקאָנ פאלנ אויס פונקט אפ דער צײַט פונ דער פאנאנדערלייגונג פונ דער פעאָדאַל־אייגנטימערישער סיסטעמ פונ אָנפירנ מיט דער ווירטשאפט, ווי אינ רוסלאַנד, אזוי אויכ אינ אוקראַינע. די דאָזיקע טעטיקײַט פאלט אויס אפ יענער צײַט, ווענ דער קאפּיטאליזמ לייגט זיכ דורכ א וועג פאר זײַנ אנטוויקלונג, ברעכנדיק די צוימענ פונ דער לײַבייגנטומ־פעאָדאַלער ווירטשאפט־סיסטעמ אפ דער טעריטאָריע פונ רוסלאַנד און אוקראַינע.

כאראקטעריזירנדיק יענע עפּאָכע, האָט לענינ אזוי געשריבנ וועגנ די פּראָדוציר־באַציִונגענ, וועגנ דעמ צושטאנד פונ דער לײַבייגנטימערישער ווירטשאפט פונ דעמ דעמאָלטיקנ רוסלאַנד און פונ אוקראַינע:

„... דער גוטבאַזיצער פלעג געבן דעם פויער ערד, געהילצ אפ א געביידע, ביכלאל פראָדוציר־מיטלען (אמאָל פאָשעט לעבנס־מיטלען) פאר יעדן באַזונ־דערן הויפ, און לאָזנדיק דעם פויער אליינ די זאָרג וועגנ קריגנ פאר זיכ נערונג, האָט דער גוטבאַזיצער געצוווּנגען דעם פויער די גאַנצע צוגאָב־צייט אר־בעטנ אפ אים, ארבעטנ פאַנשטשינע. כ'שטרייכ אונטער: „די גאַנצע צוגאָב־צייט" קעדייַ אָפצומערקנ, אז וועגנ „זעלבשטענדיקייט" פונ פויער באַ אָט דער סיס־טעמ קענ אפילע קיינ רייד ניט זיינ *). דער „ערדכיילעק" („надел"), מיט וועלכנ דער גוטבאַזיצער פלעג „באַזאָרגנ" דעם פויער, איז געווענ ניט מער ווי ד ע ר נ א ט ו ר ע ל ע ר א ר ב ע ט ל ו י נ, האָט געדינט פולשטענדיק און אויסשליסלעכ צו עקספלואַטירנ דעם פויער דורכנ גוטבאַזיצער, צו „באַזאָרגנ" דעם גוטבאַזי־צער מיט ארבעט־הענט, און האָט קיינמאָל ניט געדינט פאר דער ווירקלעכער באַזאָרגונג פונעמ פויער אליינ...

נאָר אָט דורינגט אריינ די סכוירע־ווירטשאפט. דער גוטבאַזיצער הייבט אָנ פראָ־דוצירנ ברויט אפ פארקויפנ, און ניט פאר זיכ. דאָס ברענגט צו א שטארקע־רער עקספלואטאַציע פונ דער פויערשער ארבעט, — ווייטער ברענגט עס צו א פארשוועריקונג פונ דער סיסטעמ פונ נאַדיעלנ, ווייל דעמ גוטבאַזיצער לוינט שוינ ניט באַטיילנ דעמ דאָר פויערטומ, וואָס וואקסט אונטער, מיט נייע נאַ־דיעלנ, און עס קומט אופ א מעגלעכקייט זיכ צו צערעכענענ מיט געלט. עס ווערט באַקוועמער אָפטיילנ איינמאָל פאר אלעמאָל די פויערשע ערד פונ דער גוטבאַזיצערישער (באַזונדערס אויב דערבייַ אָפשניידנ א טייל נאַדיעלנ און באַקומענ א „גערעכטנ" אויסקויפ) און זיכ נוצנ מיט דער ארבעט פונ ד י ז ע ל ב ע פויערימ, וואָס זיינענ מאַטעריעל אוועקגעשטעלט געוואָרנ אינ נאָכ ערגערע באַדינגונגענ און וואָס זיינענ געצוווּנגענ קאָנקורירנ אי מיט די פריער־דיקע הויפלייט, אי מיט די „באַשענקטע" („дарственники"), אי מיט די בעסער באַזאָרגטע אמאָליקע מעלוכישע און אודיעלנע פויערימ א. אז. וו. דאָס לייבייגנטומ פאלט"[1].

די אַזויגערופענע „רעפאָרמ" פונ 1861־טנ יאָר איז אינ טאָכ געווענ א לייבייגנטומ־רעפאָרמ. פאקטיש האָט זי באַפרייט דאָס פויערטומ ניט פונ די פענטעס פונ לייביי־גנטומ, נאָר באַפרייט עס פונ דער ערד. דאָס לעבנ פונ די פויערימ האָט זיכ ניט פארבעסערט. ס'איז אלץ מער געוואקסנ די קלאסנ־פאַנאַנדערשיכטונג אינ דאָרפ, עס זיינענ פארטיפערט געוואָרנ די ליידנ פונ די ארבעטנדיקע מאסנ.

כאַראקטעריזירנדיק די „גרויסע רעפאָרמ" פונ 1861־טנ יאָר, דעקט לענינ גלענצנדיק אופ דעמ לייבייגנטימערישנ כאַראקטער פונ דער דאָזיקער רעפאָרמ. ער דערווייזט, אז אינ טאָכ האָט די רעפאָרמ גאָרניט ניט געגעבנ דעמ פויערטומ, אז דאָס פויערטומ איז אויכ נאָכ דער רעפאָרמ פאקטיש געבליבנ אינ יאָכ פונ דעמ לייבייגנטימער דעמ גוטבאַזיצער.

„די גרויסע רעפאָרמ", — האָט געזאָגט לענינ, — איז געווענ א לייבייגנטומ־רעפאָרמ און האָט ניט געקענט זיינ קיינ אנדערע, ווייל עס האָבנ זי דורכ־

*) איכ באַגרענעצ זיכ א ו י ס ש ל י ס ל ע כ מיט דער ווירטשאפטלעכער זייט פונ דער זאַכ.

[1]) Ленин. Соч. изд. III, т. I. — „Экономическое содержание народничества", стр. 349—350.

געפירט לײַבייגנטימער. וואָס פאר א קראפט האָט געצוווּנגען זיך נעמען פאר דער רעפאָרם? די קראפט פון דער עקאָנאָמישער אנטוויקלונג, וואָס האָט ארײַנגעצויגן רוסלאנד אפן וועג פון קאפיטאליזם. די גוטבאזיצער־לײַבייגנטימער האָבן ניט געקאָנט שטערן דעם וווּקס פון סכוירע־אויסטויש צווישן רוסלאנד און אייראָפּע, זיי האָבן ניט געקאָנט אײַנהאלטן די אלטע, פאלנדיקע ווירטשאפט־פאָרמעס. די קרימער מילכאָמע האָט באוויזן די צעפוילטקײַט און דעם אָנמאכט פון דעם לײַבייגנטימערישן רוסלאנד. די פויערשע „בונטן“, וואָס זײַנען געשטיגן מיט יעדן יאָרצענדליק פאר דער באפרײַונג, האָבן געצוווּנגען דעם ערשטן גוטבאזיצער, אלעקסאנדער דעם צווייטן, צו אנערקענען, אז בעסער איז באפרײַען פונויבן, איידער וואַרטן, ביז מ'וועט אראָפּווארפן פונונטן“ [1]).

טאראס גריגאָריעוויטש שעווטשענקאָ, דער דיכטער פון פארקנעכטעטן פויערטום, האָט געזונגען דעם סאָציאלן יאָך, אונטער וועלכן עס האָבן זיך געפונען די מיליאָניקע מאסן. ער האָט פארשטאנען די ווידערשפּרוכן, וואָס זײַנען געווען צווישן דעם פארקנעכטעטן פויערטום און צווישן דעם לײַבייגנטימער דעם גוטבאזיצער, ער האָט פארשטאנען דעם סאָציאלן אָפּגרונט, וואָס איז געווען צווישן די פארקנעכטעטע און צווישן די, וואָס האָבן געהאלטן די לײַבייגענע אין דעם סאָציאלן יאָך.

די אומגעהייער גרויסע פּריצישע גיטער, די מוירעדיקע ווילדע עקספּלואטאציע פון די פויערים דורך די פּריצים, די גרויסע נויט, דער פּראָצעס פון דער סאָציאלער פאנאנדערשיכטונג פונעם דאָרף, וואָס איז פאָרגעקומען אונטערן דרוק פון דער אנטוויקלונג פונעם קאפּיטאליזם, וועלכער האָט געהאלטן אין דורכלייגן זיך א וועג,— דאָס אלץ האָט, פארשטענדלעך, געשאפן דעם באָדן פאר די גרויסע אופשטאנדן, וואָס האָבן אופגעברויזט אין דער 1־טער און 2־טער העלפט פונעם 19־טן יאָרהונדערט אף די שעטעכן פונעם צארישן רוסלאנד און, באזונדערס, אין אוקראינע.

דאָס איז געווען דער פּעריאָד פון פאנאנדערלייגונג פון דער פעאָדאלער לײַבייגנטימערישער ווירטשאפט־סיסטעם, דאָס איז געווען א פּעריאָד פון איבערגאנג צו דער קאפּיטאליסטישער סיסטעם.

דער פּאָרעץ דער פעאָדאל האָט אונטערגעדריקט דאָס פויערטום. דאָס פויערטום איז געווען אין א שרעקלעכן צושטאנד, עס האָט זיך געטרונקען אין לײדן, אין פּריצישער פארקנעכטונג. און אין דער זעלביקער צײַט האָט דער קאפּיטאליזם, פּאמעלעך דורכלייגנדיק זיך א וועג, שוין געגרייט די קרעפטן, וואָס האָבן באדארפט שפּעטער דורכרײַסן דעם פראָנט פון דער לײַבייגנטימערישער ווירטשאפט, צוגרייטן די וועגן פאר דער קאפּיטאליסטישער אנטוויקלונג פון רוסלאנד און פון אוקראינע, אלס זײַנע א קאָלאָניע, צוגרייטן דעם קלאס, וואָס איז פון דער געשיכטע באַרופן צו פארניכטן דעם קאפּיטאליזם און אײַנשטעלן די דיקטאטור פון פּראָלעטאריאט.

ווי באוווּסט, האָט אוקראינע, ווי אויך גאנץ רוסלאנד, אין מעשעך פון דער 1־טער העלפט פונעם 19־טן יאָרהונדערט געזאָטן אין פלאַם פון פויערשע בונטן און אופשטאנדן. די פויערים האָבן געפּרוּווט אראָפּווארפן פון זיך דעם יאָך, וועלכע די לײַבייגנטימערישע אָרדענונג האָט אלץ שווערער און שווערער געמאכט. די מיטלאל־

[1]) Ленин. Соч. т. XV—„Крестьянская „реформа“ и пролетарски-крестьянская революция“, стр. 143.

טערלעכע פֿאָרמעס פֿון ווירטשאַפֿט און פֿון געזעלשאַפֿטלעכע באַציִונגען, וואָס זײַנען, פֿארשטענדלעך, געווען ענג געבונדן מיט דער סאָציאַל־פּאָליטישער אָרדענונג, וועלכע האָט דעמאָלט עקזיסטירט, האָבן געשטערט דער קאַפּיטאַליסטישער אַנטוויקלונג פֿון רוסלאַנד און פֿון אוקראַיִנע און האָבן געבראַכט צו אַ שרעקלעכן צושטאַנד די אַרבעטנדיקע מאַסן.

ווי ווײַט ס'איז דערגאַנגען די לײַבאייגנטימערישע אונטערדריקונג, קען מען זען כאָטש דערפֿון, וואָס עס האָט געזאָגט דער קיִעווער גענעראַל־גובערנאַטאָר ביביקאָוו אין 1851־טן יאָר, אין זײַן געזעגענונג־וואָרט, ווען ער האָט פֿאַרלאָזט דעם „דאָ־רעם־מײַרעוודיקן קאַנט":

„עס פֿלעג זיך טרעפֿן אין 1850־טן יאָר, אַז צוויי גוטבאַזיצער פֿון ראַ־דאָמיסלער און זשיטאָמירער אויעזדן פֿלעגן האָבן איין פּויער, וואָס האָט אין מעשעך פֿון דער וואָך געאַרבעט אויף איין גוטבאַזיצער 3 טעג און אויף דעם 2־טן—3 טעג [1].

דער גענעראַל־גובערנאַטאָר ביביקאָוו האָט, פֿאַרשטייט זיך, געמיינט ניט די טויזנט פֿון די פּויערים, פּונקט אַזוי אויך האָט דאָס ניט געמיינט אַלעקסאַנדער דער 2־טער, וואָס איז אַליין געווען איינער פֿון די גרעסטע גוטבאַזיצער פֿון רוסלאַנד. אַרויס־טרעטנדיק אַזוי פֿאַר די אַדל־לײַט, האָט ביביקאָוו געוואָלט דאָס זעלבע, וואָס דאָס גאַנצע אַדלטום האָט געוואָלט,—וואָס לענגער און וואָס שווערער עקספּלואַטירן די פּויערים.

אָט וואָס עס האָט געשריבן סאַמאַרין וועגן דעם דעמאָלטיקן צושטאַנד פֿונעם פֿאַר־קנעכטעטן פּויערטום, וואָס דערפֿון קען מען שוין מאַכן אַן אויספֿיר וועגן דעם וווּקס פֿון זײַן ערדלאָזיקייט:

„ביסלעכווײַז פֿאַרלירט זײַן (דעם פּויערס) פּערזאָן, צוזאַמען מיט אירע נאַ־טירלעכע רעכט פֿון אַ באַלעבאָס און פֿון אַ פֿאַמיליען־מענטש, אויך אירע אײַנגעבוירענע פֿייִקייטן, זײַן פּערזאָן ווערט דערפֿירט צו דער שטופֿע פֿון עפּעס אַ גײַסטלאָזיקן אַרבעט־איינס און ווערט פֿאַרשלונגען אינעם מעכאַניזם פֿון דער פּריצישער ווירטשאַפֿט...

אין מאַלאָראָסיע... זײַנען די גיטער צעבראָקלט ביז גאָר; אַ נעפּעש רעכנט זיך דאָרט ניט פֿאַר אַן אומצעטיילבאַרן איינס: עס זײַנען דאָ פּויערים, וואָס שטעלן מיט זיך פֿאָר אַן אייגנטום פֿון צוויי, אַפֿילו פֿון דרײַ גוטבאַזיצער, און אַרבעטן אין וואָך אַ טאָג אויף איינעם, אַ טאָג אויפֿן צווייטן און אַ טאָג אויפֿן דריטן, אַזוי אַז, לויט דעם אויסדרוק פֿון ט., באַווײַזט דער פּויער פֿאַר איין וואָך צו זײַן אין גענעם, אין גאַניידן און אין לײַטערונג־פֿײַער" [2].

די פֿאַנאַנדערלייגונג פֿון דער לײַבאייגנטימערישער ווירטשאַפֿט־סיסטעם, די דע־גראַדאַציע פֿון אַסאַך גוטבאַזיצערישע ווירטשאַפֿטן פֿלעגן ברענגען צו נאָך אַ גרע־סערער עקספּלואַטאַציע פֿונעם פּויערטום, פֿלעגן ברענגען דערצו, אַז די פּויערים פֿלעגן אין טאָג פֿאַרלירן די ערד, פֿלעגן ווערן ערדלאָז, פֿלעגן פֿאַרוואַנדלט ווערן אין זאַכן, וואָס געהערן צו די פּריצים און וואָס שטעלן מיט זיך פֿאָר פּריציש אייגנטום.

אין דער זעלביקער צײַט האָט דער גוטבאַזיצער דער לײַבאייגנטימער געפּרוּווט אין די ראַמען פֿון דער לײַבאייגנטום־סיסטעם גרינדן פֿאַבריקן אין זײַן ווירטשאַפֿט און

[1]) В. И. Семевский. Крестьянский вопрос в России, т. II, стр. 505.

[2]) Самарин, т. II—Замечания об инвентаре и о крепостном праве, М. 1878.

אפ אָט די פאַבריקנ עקספּלואַטירנ די פּויערים. די אַנטוויקלונג פונ די פאַבריקנ אינ די גרענעצנ פונ דער לײַבייגנטום־סיסטעמ האָט נאָכמער פאַרגרעסערט די עקספּלואַטאַציע פונ דעמ פאַרקנעכטעטנ פּויערטומ מיצאַד די אייגנטימער די גוטבאַזיצער.

דער זעלבער סאַמאַרינ דערציילט:

„די פאַבריקאַנטנ שיקנ פונ יענער זײַט דניעפּער אָפּדינגענ מענטשנ בײַ די גוטבאַזיצער; מע ווערבירט זיי הונדערטערווײַז, מע נעמט צו דאָס געלט אונ מע לאָזט זיי אָפּ מיט דעמ פּאָדריאַטשיק אָנ נערונג, אָנ וואַרעמער קליידונג. ט. האָט דערציילט, אַז ער האָט באַגעגנט אפנ פאַראָמ א גאַנצע פּאַרטיע אַזעלכע קנעכט פונ פאַרשיידענעמ עלטער, מענער אונ פרויענ. „ס'איז דענ ניט בעסער אָנעמענ פרײַע?״ — „ע, וואָס פרײַע!.. מיט זיי איז א דולעניש, אונ דאָ זיכ אויסגעדונגענ מיטנ גוטבאַזיצער אונ א סאָפּ. געווענ א פאַל בײַ מיר, אַז 50 מענטשנ זײַנענ אינ וועג צוריק אַנטלאָפנ; איכ האָב זיכ אומגעקערט צומ גוטבאַזיצער מיט אַנ אָנקלאָג; מ'האָט זיי אויסגעשמיסנ מיט א נאַהײַקע אונ אַצינד טו זיכ, וואָס דו ווילסט״ [1].

רעדנדיק וועגנ די לײַבייגענע, גיט סאַמאַרינ אַזא בילד פונ דער לאַגע פונ די פאַרקנעכטעטע פּויערימ:

„ער (דער גוטבאַזיצער) ווערט אָנשטאָט זיי (די רויִנירטע פּויערימ) א באַלעבאָס אינ זייער אייגענער ווירטשאַפט, אונ די פּויערימ ווערנ פּאַשעטע אויספילער פונ זײַנע פאַראָרדענונגענ. פונדאַנענ איז איינ טראָט ביזנ אײַנפירנ צונויפגעפּירטע מישפּאָכעס, אָדער ביז אַריבערפירנ די פּויערימ אינ דער לאַגע פונ כוידעשניקעס. אָט דער דאָזיקער קלאַס איז אינ דער גאַנצער מאַסע פונ דעמ לײַבייגנטימערישנ שטאַנד דערווײַל נאָכ ניט באַדײַטנדיק לויט זײַנ צאָל, נאָר ער ציט צו זיכ די אופמערקזאַמקײַט, ווײַל ער איז ניט לאַנג אופגעקומענ, ווײַל ער איז א נײַ־אויסגעבילדעטער קלאַס. אינ זײַנ פּערזאָנ אַנטשטייט פאַר אונדז דער לעצטער פּראָדוקט פונ דעמ לײַבייגנטומ אונ א גרויזאַמער אָנדײַט אפנ ווײַטערדיקנ וועג פונ זײַנ אַנטוויקלונג״ [2].

אינ דער מאָס, ווי עס זײַנענ געגאַנגענ צו גרונט די גוטבאַזיצערישע ווירטשאַפטנ, אינ דער זעלבער מאָס פאַרשטאַרקט זיכ די עקספּלואַטאַציע פונעמ פאַרקנעכטעטנ פּויערטומ. דער גוטבאַזיצער איז געגאַנגענ אפנ וועג פונ פאַרגרעסערנ די פאַרשיידנערליי פּליכטנ פונ דעמ פּויערטומ אונ פונ פאַרשטאַרקנ זײַנ עקספּלואַטאַציע.

כאַראַקטעריזירנדיק די לאַגע פונ דעמ פאַרקנעכטעטנ אוקראַיִנישנ פּויערטומ, האָט סאַמאַרינ געשריבנ:

„דאָרטנ (אינ קליינרוסלאַנד) הערשט דאָס שרעקלעכסטע צונויפפּאָרונג פונ אַכזאָריעס אונ פונ אומאָרדענונג אינ דער פּריצישער ווירטשאַפט״ [3].

די גוטבאַזיצער האָבנ זיכ שרעקלעכ איזדעקעוועט איבער די פאַרקנעכטעטע פּויערימ, זיי געדריקט פיזיש אונ מאָראַליש, געקוקט אפ זיי ניט ווי אפ קיינ לעבעדיקע מענטשנ, נאָר ווי אפ זאַכנ, געמאַטערט זיי אפ דער פּאַנשטשינע, אויסגעזויגנ פונ זיי

[1]) Самарин, т. II—Замечания об инвентаре и о крепостном праве, М. 1878.

[2]) דאָרטנ.

[3]) דאָרטנ.

אלע זאפטן דורך די אומגעהייער גרויסע שטײַערן, אָנגעווענדט קעגן זיי אכזאָריעס־דיקע פיזישע פּײַניקונגען. די פּויערים, וועלכע זיי האָבן געהאלטן פאר ניט געוווּנ־טשענע אין זייער ווירטשאפט, האָבן זיי פארשיקט קיין סיביר, אָפּגעגעבן זיי אין סאָלדאטן א. ד. גל. בלויז פאר עלף יאָר, פון 1822 ביז 1833, האָבן די פּריצים ארויס־געשיקט קיין סיביר 1283 פּויערים, דערבײַ איז די מערהײַט געווען געשמידט אין קייטן, אסאך פון זיי זײַנען געשטאָרבן נאָך ביזן קומען אהין, ווײַל זיי האָבן ניט געקענט אריבערטראָגן די שרעקלעכע באדינגונגען פונעם וועג. דאָס פּויערטום האָט געזאָטן מיט א ווילן אופצושטיין קעגן אזא איזדעקעווען זיך און געוואָלט צע־רעכענען זיך מיט זײַנע אונטערדריקער, אראָפּוואַרפן פון זיך דעם שרעקלעכן יאָך פון דער מיטלאַלטערלעכער עקספּלואטאציע, וואָס איז אפּ אים געלעגן.

וועגן אָט דער שוידערלעכער, אומענטשלעכער לאגע, אין וועלכער עס האָבן דעמלט זיך געפונען די ארבעטנדיקע מאסן, זאָגן איידעס אפילו די אָפּיציעלע מא־טעריאלן פון די צארישע קאנצעליאריעס.

אזוי, צ. ב., טרעפן מיר אין דעם „איניען וועגן די אומרוען פון די פּויערים אין די גיטער פון פּאָטאָצקאיא" אזעלכע שטעלן:

„די פּויערים האָבן פאנשטשינע געארבעט שטענדיק, ניט אויסגעשלאָסן די זונטיק־טעג און די יאָנטויווים: פון אָנהייב פרילינג האָבן זיי פאר זיך אויס־גענוצט בלויז איין טאָג, דערפאר האָבן זיי קיין ברויט ניט און נייטיקן זיך אין אלצדינג. ס'איז פעסטגעשטעלט געוואָרן, אז ניט רעדנדיק שוין וועגן דער אכזאָריעסדיקער באהאנדלונג, האָט דער גוטבאזיצער שוין אינגאנצן פארקנעכ־טעט די לײַבייגענע און, נוצנדיק זיך מיט זייער ארבעט, האָט ער זיי געצווונ־גען לײַדן הונגער. ס'איז דערוויזן געוואָרן, אז די פּויערים האָט מען שטרענג באשטראָפט אפילו פאר ווייניק־וויכטיקע פעלערן, און אנדערע האָט מען בא־שטראָפט ביכלאל אָן שום שולד פון זייער זײַט. מ'האָט געשלאָגן די פּויערים מיט א בײַטש, מיט ריטער, מיט א קאנאט ווי א פינגער די גרעב און מיט „שוואָרקעס"; איינעם האָט דער גוטבאזיצער פּאָטאָצקי געשלאָגן מיט א בײַטש איבערן פּאָנעם, דעם צווייטן — אויך איבערן פּאָנעם — מיט די שטיוול און האָט אים אויסגעזעצט 6 ציין" [1].

סאָלטאנאָווסקי, וואָס האָט געלעבט אין יענער צײַט, האָט אזוי געשריבן וועגן די 50־קער יאָרן אין אוקראַינע:

„...דאָס פאָלק האָט געארבעט די גאנצע וואָך, ניט אויסגעשלאָסן די יאָנ־טויווים. דאָס אייגענע פעלד האָבן זיי באארבעט מערסטנטייל בײַנאכט. דער לײַבייגענער איז געווען א מענטש, וואָס שטייט אויסער דעם געזעץ. שמײַסן אים האָט מען געמעגט וויפל מע וויל (מ'האָט געמעגט שמײַסן ביזן טויט, אויב דער גוטבאזיצער איז געווען אין גוטע באציִונגען מיט דער מאכט). איבער די ווײַבער און טעכטער פון די לײַבייגענע האָבן זיך איזדעקעוועט די אויסגעלאסענע פאנעס און פאניטשעס. פרויען האָט מען געשמיסן גלײַך ווי מענער. געשמיסן האָבן זיי די פּריצים און די פּריצטעס, ס'האָבן געשמיסן די פארוואלטערס פון זייערע גיטער, ס'האָבן געשמיסן די עקאָנאָמען, ס'האָבן געשמיסן די

[1] פון די מאטעריאלן פונעם קיִעווער געגנט־ארכיוו.

פּאָליצייער און פאַרשיידענע אַנדערע מאַכטהאָבער; מע האָט געשמיסן פאַר פאַרברעכנס און פאַר פעלערן, געשמיסן לויטן געריכט און אָן א געריכט; מע האָט געשמיסן סטאַם פון כּיישער לײַדנשאַפט צו זען דעם צאַפּל פונעם לײַדנדיקן מענטשלעכן לײַב, צו זען ווי עס שפּריצט און פליסט ריטשקעס בלוט".

„מע וואָלט באַדאַרפט זען לײַבייגענע (מענער און פרויען) אָדער סאָלדאַטיקלעך בעשאַסן באָדן זיך זומער. בא קיינעם פון די לײַבייגענע האָט מען ניט געזען קיין איין הינטערטייל, וואָס זאָל ניט זײַן פול מיט סימאָנים פון אַלערליי קלעפּ, מיט בײַלן, סיניאַקעס און שראַמען, און בא די סאָלדאַטן זײַנען די פּלייצעס געווען צעפּאַסעוועט מיט די זעלבע היעראָגליפן, וועלכע האָבן דערצו נאָך געהאַט אַזא אויסזען, ווי מע וואָלט זיי פאַנאַנדערגעמאָלט מיט סאַזשע" [1].

די אַדעליק־לײַבייגנטימערישע אָרדענונג האָט געשטערט דער אַנטוויקלונג פון קאַפּיטאַליזם אין רוסלאַנד, אָבער די שפּראָצן פון קאַפּיטאַליזם אין דער לײַבייגנטימערישער סיסטעם, כאָטש זיי זײַנען געווען געשטיקט,— האָבן דאָך געבראַכט צו א געוויסער עקאָנאָמישער פאַנאַנדערשיכטונג אויך צווישן דעם פּויערטום. אַזוי לייענען מיר אין דעם „לאַנדווירטשאַפטלעכן זשורנאַל" פאַרן 1834־טן יאָר:

„אין די דערפער סטאַרען זיך די רײַכע און די כיטרע פּויערים צו דערפירן די ניט־לײַטישע און אומגעשיקטע ברידער זייערע ביז אָרעמקײַט: אונטערן אויסרייד, אַז זיי, די רײַכע, העלפן יענע אין זייערע נויטן, גיבן זיי געלט אָפּ צו באַצאָלן די מעלוכישע שטײַערן, שיקן אָנשטאָט זיי פורן, באַזאָרגן זיי מיט זוימען,— פאַר די אַלע טויוועס נוצן זיך די רײַכע מיט די ערד־כאַלאָקים, וואָס געהערן די אָרעמע פּויערים, און צווינגען זיי אַליין באַאַרבעטן די ערד. דעם נאַטשאַלניק, וואָס פאָרט פאַרבײַ דעם פּויערשן פעלד, ווערט זיך דוכטן, אַז יעדער נעמט אַראָפּ דאָס ברויט אַפ זײַן ערד, אָבער ווען עס קומט די צײַט פון אָוועקפירן דאָס ברויט, ווערט ער דערזען, אַז אין די שײַערן פון די אָרעמע איז ניטאָ קיין איין סנאָפּ, און נאָך פון האַרבסט הייבן זיי אָן צו בעטן ברויט בא די רײַכע, פאַרזעצן זייערע אייגענע ערד־כאַלאָקים, אָדער גייען אָנשטאָט די רײַכע אַפ פאַנשטשינע. די רײַכע זויגן ווי פּיאַווקעס דעם אָרעמאַנס בלוט, און די פּריקאַשטשיקעס שיקערן זיי אָן און לערנען זיי אויס אַלע מיסברויכן".

איז אָט, אין דער זעלבער צײַט, ווען אין די באַדינגונגען פון דער לײַבייגנטום־סיסטעם פון רוסלאַנד האָט דער קאַפּיטאַליזם זיך דורכגעלייגט א וועג פאַר זײַן אַנטוויקלונג, האָט זיך פאַראַלעל דערמיט אָנגעהויבן די פאַנאַנדערשיכטונג צווישן דעם פּויערטום. די לײַבייגענע זײַנען געווען אָן ערד, זײַנען געווען הונגעריק, זיי פלעגן געשוואָלן ווערן פון הונגער, און אין דער זעלבער צײַט איז אין דאָרף געווען, עמעס, א קליינער שיכט פון אַזעלכע לײַבייגענע, רײַכע פּויערים, וואָס האָבן געשפּילט א געוויסע ראָל אינעם ווירטשאַפטלעכן מעכאַניזם פונעם פּאָרעץ און האָבן געצויגן די זאַפטן פון דער דאָרפישער פאַרקנעכטעטער אָרעמשאַפט.

[1] זשורנאַל „Україна" 1925.

כאראקטעריזירנדיק דאָס לײַבײגנטום ביכלאל, האָט לענינ געזאָגט:

„... ווענ דער האלב־בעטלערישער פויער ארבעט אפ דעמ גוטבאזיצער מיט זײַנ נעבעכדיקנ פי אונ מיט זײַנ געצײַג, זײַענדיק פארקנעכטעט דורכ דער באקומענער האלוואָע אָדער דורכנ ארענדירנ די ערד, איז דאָס טאקע דער עקאָנאָמישער מעהוס פונ דער לײַבײגנטימערישערווירטשאפט.

באמ קאפיטאליזמ האָט ניט דער ארבעטער ניט קײנ ערד אונ ניט קײנ ארבעט־געצײַג. באַ דער לײַבײגנטימערישער ווירטשאפט האָט דער עקספלואטירטער ארבעטנדיקער אי ערד, אי ארבעט־געצײַג, נאָר דאָס אלצ דינט טאקע אפ פארקנעכטנ אימ, אפ צופעסטיקנ אימ צומ „פאָרעצ דעמ גוטבאזיצער" [1]).

די שוידערלעכ־ביטערע לאגע פונ די פילמיליאָניקע מאסנ פויערטומ, די אומענטשלעכע עקספלואטאציע מיצאד די פריצימ—דאָס אלצ האָט געבראכט דערצו, אז ס'זאָל רײַפ ווערנ דער אופברויז, דאָס אלצ האָט געבראכט די אופשטאנדנ פונ די פילמיליאָניקע פויערשע מאסנ, דאָס אלצ האָט אונגעהויבנ דאָס פויערטומ קעגנ די פאטריארכאליש־פעאָדאלע קײטנ, אינ וועלכע ס'איז פארשמידט געווענ די אויבעטנדיקע באפעלקערונג פונ דעמ צארישנ רוסלאנד.

וועגנ אזעלכע לענדער, ווי דאָס לײַבײגנטימערישע צארישע רוסלאנד, האָט ענגעלס אינ זײַנ צײַט געשריבנ:

„די גרויסע לאנדווירטשאפטלעכע לענדער צווישנ באלטישנ אונ שווארצנ יאמ קאָנענ זיכ ראטעווענ פונ פאטריארכאליש־פעאָדאלנ בארבאריזמ נאָר דורכ אנ אגרארער רעוואָליוציע, וואָס זאָל די לײַבײגענע אָדער שפאנפײיקע פויערימ (тяглые крестьяне) פארוואנדלענ אינ פרײַע ערדבאזיצער, — א רעוואָליוציע, וואָס איז פולשטענדיק ענלעכ צו דער, וועלכע איז פאָרגעקומענ אינ 1789־טנ יאָר אינ דעמ פראנצויזישנ דאָרפ" [2]).

קעדײ צו צעשמעטערנ די לײַבײגנטימערישע אָרדענונג, האָט מענ געדארפט ניט קײנ רעפאָרמ, נאָר א רעוואָליוציע.

וועגנ אָט דעמ האָט לענינ גלענצנד געזאָגט אינ 1913־טנ יאָר אינעמ ארטיקל „די ליבעראלע צופארבונג פונעמ לײַבײגנטומ".

ענטפערנדיק מיליוקאָוונ, האָט לענינ געשריבנ:

„דער ליבעראלער היסטאָריקער ה. מיליוקאָוו, דער פירער פונ דער פארטײ ק.־ד. האָט געשריבנ ניט לאנג אינ א לײטארטיקל פונ „רעטש":

„די סאָציאלע אומגלײַכהײַט אינ רוסלאנד (דאָס לײַבײגנטומ) האָט זיכ ארויסגעוויזנ מער שלאבעריק אונ מער צופעליק־אופגעקומענ ווי ווו ס'ניט איז אינ דער ציוויליזירטער וועלט. זי האָט אָפגעטראָטנ אָנ ווידערשטאנד (!!!) לויט דעמ ערשטנ קריצ פונ פענ..."

מיר זײַנענ שוינ געוווינט צו דעמ, אז אלע ליבעראלע אונ א טײל פונ די פאָלקיסטישע היסטאָריקער פארבנ צו דאָס לײַבײגנטומ אונ די לײַבײגנטימערישע מעלוכע־מאכט אינ רוסלאנד. אָבער צו אזעלכע שענדלעכע „פערל", ווי דער, וואָס מיר האָבנ געבראכט, האָבנ זיכ ניט אלע דערעדט.

---

[1]) Ленин. Соч. т. XVII, стр. 337.

[2]) Маркс—Энгельс. Письма. „Соцэкгиз", 1931, стр. 113.

ניט שלאבעריק אונ ניט צופעליק־אופגעקומענ איז געווענ דאָס ליבײַ־גנטומ אונ דער ליבײַגנטימערישער, גוטבאזיצערישער שטאנד אינ רוסלאנד, נאָר פיל „שטארקער“, פעסטער, מעכטיקער, אלערמעכטיקער, „ווי ווו ס'ניט איז אינ דער ציוויליזירטער וועלט“. ניט „אָנ ווידערשטאנד“, נאָר מיט דעמ גרעסטנ ווידערשטאנד האָט דאָס אָפגעטראָטנ טײלעכלעכ פונ זײַנע פריוויליגיעס. אָדער, עפשער וועט דער ה. ליבעראל אונדז אָנווײַזנ אינ דער „ציוויליזירטער וועלט“ בײַשפּילנ, וואָס זײַנענ ענלעכ צו דעמ גורל פונ טשערנישעווסקינ?“ [1]).

ווירקלעכ, דער גוטבאזיצער דער ליבײַגנטימער האָט ניט געוואָלט פרײַוויליק אראָפ־קריכנ פונ דעמ האלדז פונעמ פארקנעכטעטנ פויער. ווירקלעכ, אינ ערגעצ אינ דער „ציוויליזירטער וועלט“ איז ניט געווענ אזעלכע פאקטנ, בײַשפּילנ, וואָס זאָלנ ענלעכ זײַנ צו דעמ גורל, וואָס האָט געטראָפנ טשערנישעווסקינ, וואָס האָט געטראָפנ זײַנ מיטדענקער, זײַנ פּאָליטיש־ליטעראַרישנ מיטקעמפער שעווטשענקאָ. די ליבײַגנ־טימערישע אָרדענונג האָט געקאָנט אראָפ פונ דער היסטאָרישער ארענע נאָר אינ קאמפ פונ די פארקנעכטעטע קעגנ די פריצימ, די גוטבאזיצער — פעאָדאלנ.

ניט אומזיסט האָט אינ יענער צײַט פּאָגאָדינ, כאראקטעריזירנדיק די רעוואָליוצי־אָנערע סיטואציע אינ רוסלאנד אינ 1859—1861, געשריבנ:

„מיראבאָ איז פאר אונדז ניט שרעקלעכ, אָבער פאר אונדז איז שרעקלעכ יעמעלקא פוגאטשאָוו. אפ מאציניס זײַט וועט קײנער ניט אריבער, אונ סטענקא ראזינ — לאָז ער נאָר א רופ געבנ. אָט ווו זי ליגט באהאלטנ, אונדזער רעוואָ־ליוציע, אָט פונוואנענ עס דראָט אונדז די געפאר, אָט פונ וואָס פאר א זײַט אונדזער וואנט איז דורכגעבראָכנ!“

אינ דער ארומרינגלונג פונ מיליאָנענ פארקנעכטעטע פויערימ האָבנ די ליבײַגנטימער אונ די ליבעראלנ מיט שוידער געוואַרט אפ אָט די דורכבראָכנ, ווײַל די דאָזיקע וואנט האָט זיכ שוינ געטרייסלט פונ די אופרײַסנ פונ די פויערשע אופ־שטאנדנ, וואָס האָבנ ווי א ברייטער יאמ זיכ פונ יאָר צו יאָר פאנאנדערגעגאָסנ איבער די גרויסע שטעטכנ פונ דער רוסישער אימפּעריע, וועלכע האָט זיכ קוימ גע־האלטנ אפ אירע צעפוילטע פיס.

מארקס האָט אינ א בריוו צו לאסאלנ, 4 פעווראל 1859, געשריבנ:

„רוסלאנד ווארט מיט שרעק אפ אנ אינערלעכער אגרארער רעוואָליוציע. אנ אויסערלעכע מילכאָמע, ווי א בליצ־אָפּפירער, וואָלט, מעגלעכ, פאר דער רעגירונג געווענ אפילע געווונטשנ“ [2]).

רוסלאנד האָט געפלאמט אינ פײַער פונ פויערשע אופשטאנדנ, וואָס זײַנענ גע־ווענ געווענדעט קעגנ דער ליבײַגנטימערישער אָרדענונג.

פונעמ ארכיוו פונ דעמ 3־טנ אָפּטײל דערוויסנ מיר זיכ וועגנ דעמ, וויאזוי די זשאנדארמענ פונ ניקאָלײַ דעמ 1־טנ האָבנ געוואָרנט די אָרטיקע מאכט וועגנ דער פארשפרייטונג פונ אָט די געשעענישנ אונ האָבנ געגעבנ אייצעס, וויאזוי צו דער־שטיקנ די פויערשע אופשטאנדנ. די זשאנדארמעריע פונ דעמ 3־טנ אָפּטײל האָט

---

[1]) Ленин. Соч. т. XVI—„Либеральное подкрашивание крепостничества“, стр. 338.

[2]) Маркс—Энгельс. Письма „Соцэкгиз“, 1931, стр. 113.

געייצעט ניט ארויסצורופנ צוליב דער ליקווידאציע פונ די פויערשע אופשטאנדנ די מעלוכישע (קאזיאָנע) אונ די צארישע (אודיעלנע) פויערימ, ווײַל „פונ א געוויסער צײַט אָנ הייבנ אָנ די שיכטנ פונ די מעלוכישע פויערימ צו נעמענ אָנטייל אינ דער פויערשער זאכ".

די צארישע רעגירונג האָט גוט פארשטאנענ, אז די גרויסע צאָל פונ די פויערשע אופשטאנדנ, זייער ווײַטעודיקע פארשפרייטונג, די צעפאלונג פונ דער לײַביגנטימערישער סיסטעמ, די עקאָנאָמישע אָפּגעשטאנענקײַט פונ רוסלאנד, — דאָס אלצ ברענגט די מעלוכע צו דער ערגסטער לאגע, אונ זי קענ יעדע רעגע פאלנ פונעמ אופברויז פונ דער פויערשער רעוואָליוציע. דער דעמלטיקער ערשטער לײַבייגנטימער, דער רוסישער אימפעראטער ניקאָלײַ דער 1-טער, האָט געמאָלדנ אינ זײַנ רעדע צו די דעפּוטאטנ פונעמ פעטערבורגער אדלטומ, וואָס זײַנענ צו אימ געקומענ אינ 1848-טנ יאָר ארויסצוזאָגנ זייער גרייטקײַט אימ העלפנ אינ קאמפ קעגנ דער אייראָפּייִשער רעוואָליוציע:

„מײַנע הערנ, איכ האָב קיינ מוירע ניט פאר קיינ אויסערלעכע סאָנימ. נאָר איכ האָב אינערלעכע סאָנימ, וואָס זײַנענ מער געפערלעכ. אָט קעגנ זיי דארפנ מיר זיכ באוואָפּענענ אונ זענ פונ זיי זיכ צו באשיצנ, אונ אינ דעמ פארלאָז איכ זיכ אפ אײַכ. איכ דאנק מײַנע מיטהעלפער [1] — די אדל-לײַט פונ דער היגער גובערניע פאר דעמ אדרעס, וואָס זיי האָבנ געוואָלט מיר צוטראָגנ. אינ זייערע געפילנ, אינ זייער איבערגעבנקײַט צו מיר אונ צו דעמ פאָטערלאנד צווייפל איכ ניט. אונ איכ וועל רעכענענ פאר א פארגעניגנ צו געהערנ צו זייער שטאנד, ווײַל איכ אונ מײַנ פרוי — מיר זײַנענ אויכ פעטערבורגער גוטבאזיצער. צווישנ מיר אונ צווישנ זיי אונ ביכלאל צווישנ די אדל-לײַט איז געוועזנ א מיספארשטייעניש, עפּשער אויכ אנ אומצופרידנקײַט אונ אפילע א פארביטערטקײַט; איצט דארפ דאָס אלצ פארגעסנ ווערנ. מיר דארפנ זיכ פעסט נעמענ פאר די הענט, זיכ שטעלנ ארומ דעמ טראָנ, אונ בעראָש פונ אײַכ בינ איכ אומבאזיגבאר. איכ בינ זיכער, אז דאָס אדלטומ איז לויטנ ערשטנ רופ גרייט צו אָפּפערנ מיר אונ דעמ פאָטערלאנד ניט נאָר דאָס האָב אונ גוטס, נאָר אויכ דאָס לעבנ, אָבער איצט איז מיר די הילפ ניט נייטיק: איכ האָפ זיכ צו באגיינ מיט מײַנע מיטלענ... אינ דער לעצטער צײַט האָט מענ פארשפרייט קלאנגענ וועגנ עפּעס אנ עמאנסיפּאציע. אָט דער געדאנק אונ די שמועסנ אליינ ארומ דעמ — זײַנענ אומזיניק. אינ מײַנ ערשטנ מאניפעסט וועגנ די פארפליכטעטע פויערימ האָב איכ געמאָלדנ קלאָר אונ דײַטלעכ, אז די ערד איז דאָס אייגנטומ פונעמ גוטבאזיצער; דאָס איז אזא רעכט זײַנע, וואָס טאָר קיינמאָל ניט ווערנ אָנגערירט" [2].

ביז די סאמע לעצטע טעג פונ זײַנ לעבנ האָט ניקאָלײַ דעמ ערשטנ געשראָקנ דער געשפּענסט פונ פּוגאטשאָווששינע. ער האָט געזענ, ווי אינ 1854-טנ יאָר האָט זײַנ באפעל וועגנ דעמ אופנעמ אינעמ פלאָט ארויסגערופנ אופשטאנדנ אינ א ריי גובער-

[1] פינקטלעכ: מיטכאווייריִמ — сотоварищей (ד. ה.).

[2] ציטירט לויט פּאָקראָווסקיס „Крестьянская реформа".

ניעס. ער האָט געזען, ווי דער מאַניפעסט וועגן „מעלוכישער מיליטער־פליכט" אין 1855 האָט אין קיִעווער גובערניע אַרויסגערופן אַ ריי פויערשע בונטן, וואָס קעדיי צו דערשטיקן זיי האָט מען אין קיִעווער גובערניע אַליין באַדאַרפט אָנקומען צו 16 עסקאַדראָנען סאָלדאַטן, 2 ראָטעס סאַפּיאָרן און אַ באַטאַליאָן יעגערן. פּונקט אַזעלכע פויערשע אופשטאַנדן זײַנען געווען אין אַ ריי אַנדערע גובערניעס.

דאַנט באַ דאַנט מיטן ווּקס פון אומזיכערקײַט אינעם מאָרגנדיקן טאָג באַ די הערשנדיקע שיכטן פון דעם לײַבאייגנטימערישן רוסלאַנד וואַקסן אויך און עס דער־גייען צו אומעגלעכע, אומגעהערטע מאַסשטאַבן די פּײַניקונגען, וואָס די פויערים זײַנען אויסגעשטאַנען פון די פּריצים — לײַבאייגנטימער. די גוטבאַזיצערן אַרכאַנגעלסקאַיאַ האָט אין 1853־טן יאָר פאַרעכט און אָפּן געשריבן, אַז דער פּאַרעץ האָט אומבאַגרענעצטע רעכט צו טאָן מיטן לײַבאייגענעם, וואָס ער וויל:

„די צווישנבאַציִונגען צווישן די פּריצים און די לײַבאייגענע האָלטן זיך אָפּן געזעצ, ווי אָפּן ציווילן, אַזוי אויך אָפּ דעם מאָראַליש־רעליגיעזן; גאָט אַליין האָט באַשאַפן באַזונדער פּריציםס און באַזונדער דינער, וועמען ער האָט געגעבן אַ באַזונדער נאַטור, וואָס איז אימשטאַנד אַריבערצוטראָגן די שווערע אַרבעט צו באַדינען זייערע פּריצים, דעמלט, ווען די פּריצים האָט גאָט געשענקט אַ נאַטור אַ מער איידעלע. צו אָט דעם פיזישן אונטערשייד צווישן די פּריצים און די כאָלאָפּעס האָט גאָט צוגעגעבן נאָך אַ מאָראַלישן אונטער־שייד — דאָס איז די פעיִקייט פון באַפעלן און פון פאָלגן. דער ציווילער געזעצ, וואָס שטעלט אײַן די באַציִונגען צווישן מענטשן און וואָס באַזירט זיי אָפּ אָט דעם נאַטירלעכן אונטערשייד צווישן די פּריצים און צווישן די כאָלאָ־פּעס, האָט שאַרף פאַנאַנדערגעטיילט די באַציִונגען צווישן זיי אויך אין ביר־גערלעכן שטייגער און האָט די פּריצים אוועקגעשטעלט אין די ערשטע רייען פון בירגערלעכקײַט און פון אַלדעם וועלט־פאַרקער און האָט זיי באַפרײַט פון לײַב־שטראָפן, די כאָלאָפּעס אָבער האָט ער איבערגעלאָזט נאָר די פיזישע אַרבעט און זיי אונטערגעוואָרפן אויך לײַב־שטראָף" [1].

ווי מיר זעען, האָט יעדער פון די גוטבאַזיצער, וועמעס געדאַנקען ס'האָט פאָר־מולירט די גוטבאַזיצערן אַרכאַנגעלסקאַיאַ, געהאַט רעכט צו פאַרניכטן די פאַרקנעכ־טעטע פויערים, האָט געהאַט רעכט אומענטשלעך צו עקספּלואַטירן אָט די פויערים, האָט געהאַט רעכט פון „גאָט" און פון דער מעלוכע זיך צו איזדעקעווען איבער די לײַבאיי־גענע. די הערשער פונעם צאַרישן רוסלאַנד האָבן זייער גוט פאַרשטאַנען, אַז ליק־ווידירן דאָס לײַבאייגנטום אין רוסלאַנד הייסט אַרויסשלאָגן דעם באָדן פון אונטער די אייגענע פיס, ד. ה. צעשטערן דעם „גלײַכגעוויכט", די „רו", וואָס געוויסע שיכטן פונעם לײַבאייגנטימערישן רוסלאַנד האָבן געפילט.

וועגן דער באַדײַטונג פון דעם גוטבאַזיצער פאַר דער צאַרישער מעלוכע האָט דער נאַטשאַלניק פון דעם דריטן אָפּטייל דובעלט אַזוי געשריבן:

„דער גוטבאַזיצער איז די סאַמע פעסטע שטיצע פונעם קייסער. קיין שום אַרמיי קאָן ניט פאַרבײַטן די וואַכזאַמקײַט, די ווירקונג, וואָס דער גוטבאַזיצער

---

[1] פּובליקירט אין „Колокол" 1858.

פאַרשפּרייט יעדע מינוט אין זײַנע גיטער. פאַרניכט אָט די מאַכט, וועט דאָס פאָלק א שפּאַר טאָן און מיט דער צײַט פאַרפלייצן דעם צאַר אַליין, ווי דאָס איז ניט איינמאָל פאָרגעקומען אין פרעמדע לענדער. דער גוטבאַזיצער איז דער סאַמע איבערגעגעבענער וואַכזאַמער הונט, וואָס באַהיט די מעלוכע; ער איז א איספּראַווניק לויט דער נאַטור, וועמען די געוווינהײַט, די מינהאָגים און די סאַמע אַלטע טראַדיציעס גיבן אַזויפיל מאַכט, אַז זי זעט אויס לעגענדאַר פאַר מײַרעוו־אייראָפּע" [1]).

און דאָך איז שוין אין 1857־טן יאָר אין די געהיימע פּאָליטישע באַריכטן פון דעם 3־טן אָפּטייל אונטערגעשטראָכן געוואָרן, אַז די גרונט־פראַגע, וואָס באַאומרויִקט די פילמיליאָניקע פּויערשע מאַסן—איז דער ווילן זיך צו באַפרײַען פון די גוטבאַזיצער, דאָס איז קלאַנגען וועגן דער ענדערונג פון זייער לאַגע. אין אָט די געהיימע באַריכטן ווערט אונטערגעשטראָכן, אַז שוין מער פון 3 יאָר ווערן פאַרשפּרייט קלאַנגען וועגן דער באַפרײַונג פון די פּויערים, אַז די גוטבאַזיצער האָבן מוירע פאַר דער דאָזיקער באַפרײַונג, ווײַל געבן פרײַהײַט די פּויערים,—דאָס איז א נײַע פּוגאַטשאָוושטשינע.

רוסלאַנד האָט זיך געפונען אין א צושטאַנד פון שרעקלעכער דעגראַדאַציע. אין דאָרף האָט געווילדעוועט דער גוטבאַזיצער דער לײַבייגנטימער, אים האָט אונטער־געהאַלטן דער קלויסטער, ווי א געוועט אין די הענט פון דער צאַרישער מעלוכע, אים האָט אונטערגעהאַלטן דער גאַנצער מעלוכע־אַפּאַראַט, וואָס האָט אין טאָג אויסגעפילט דעם ווילן פון די גוטבאַזיצער. נויט, פינצטערניש, פּערספּעקטיוולאָזיקײַט, פאַראָרעמט־קײַט פון די ברייטע פילמיליאָניקע מאַסן, ווילקיר פון די צאַרישע טשינאָווניקעס, פון די גוטבאַזיצער—לײַבייגנטימער, די פולע פאַראַכטונג צום אַרבעטמענטשן, שרעקלעכע עקזעקוציעס—אָט וואָס עס זײַנען געווען די כאַראַקטעריסטישע שטריכן פונעם דע־מאָלטיקן רוסלאַנד, וואָס האָט געקרעכצט אונטערן יאָך פונעם לײַבייגנטום, אונטערן שטיוול פונעם ערשטן און גרעסטן פאָרעצ—דעם לײַבייגנטימער ניקאָלײַ דעם 1־טן.

דער באַוווּסטער פראַנצויזישער רײַזנדער מאַרקיז דע־קיוסטין האָט אין זײַן ביכל „דאָס ניקאָלײַישע רוסלאַנד" אַזוי געשריבן וועגן דער רוסישער מעלוכע־אָרדענונג אין יענער צײַט:

„דאָס איז אַן אַבסאָלוטע מאָנאַרכיע, וואָס האַלט זיך אויף אַ מאָרד...
דאָס איז א פּערמאַנענטער קריג־צושטאַנד, וואָס איז געוואָרן די נאָרמאַלע אָרדענונג פון דער מעלוכע" [2]).

און וועגן ניקאָלײַישן פּעטערבורג האָט ער געזאָגט, אַז דאָס איז „א שטאַב־קוואַר־טיר פון אַן אַרמיי, און ניט קיין הויפּטשטאָט פון א מעלוכע".

אין דער זעלביקער צײַט האָט בענקענדאָרף—ניקאָלײַ דעם 1־טנס רעכטע האַנט,—דער אָנפירער פון דער זשאַנדאַרמעריע, געשריבן וועגן רוסלאַנד:

„די פאַרגאַנגענהײַט פון רוסלאַנד איז אויסערגעוויינלעך שיין, די קעגנוואַרט איז מער ווי פּרעכטיק; וואָס איז שייך דער צוקונפט—איז זי העכער פון אַלץ, וואָס מע קען זיך נאָר פאָרשטעלן".

---

[1]) ציטירט לויט ניפּאָנטאָוו: „1848 год в России"

[2]) Де-Кюстин. Николаевская Россия, изд. Всесоюзн. о-ва политкаторжан, 1930.

מארקיז דע־קיוסטינ האָט געשריבנ:

„אינ פאָלק הערשט א דריקנדיקער געפיל פונ אומרו, אינ דער ארמיי— אומגלויבלעכע רעציכעס, אינ דער אדמיניסטראציע—טעראָר, אינ קלויסטער הערשט נידעריקע כאניפע אונ שאָוויניזמ, צווישנ דער אריסטאָקראטיע—צוויַעס אונ צווייפּענעמדיקײַט, צווישנ די נידעריקסטע קלאסנ—אמעראצעס אונ שרעק־לעכע נויט" [1].

ס'איז זעלבסטפארשטענדלעך, אז דער צאריזמ האָט זיכ געהאלטנ בא דער מאכט נאָר אדאנק דעמ, וואָס ער האָט אפ א שרעקלעכנ אויפנ דערשטיקט די פויערשע אופ־שטאנדנ. דער צאריזמ האָט זיכ געהאלטנ בא דער מאכט נאָר אדאנק דעמ, וואָס ער האָט פארניכטעט הונדערטער טויזנטער לײַבאייגענע, וואָס ער האָט געהאלטנ די אר־בעטנדיקע אינ קלעמ פונ פינצטערניש אונ נויט, פארורטיילט זיי אפ פולשטענדיקער פערספעקטיוולאָזיקײַט פונ ווירטשאפטלעכער אונ קולטורעלער אנטוויקלונג.

דער וואלד פונ טליִעס, וואָס איז געשטאנענ אינ אלע ווינקעלעכ פונ דעמ צא־רישנ רוסלאנד, האָט דערציילט וועגנ דעמ, מיט וואָס פאר א פרײַז ניקאָלײַ דער ערשטער, אָט דער „גרויסער טאָרמאָז", לויט שעוטשענקאָס אויסדרוק, האָט פאר־האלטנ די אנטוויקלונג פונעמ לאנד.

„האס אונ עקל רופט צו זיכ ארויס אָט דאָס לאנד. קוקנדיק אפ דעמ לאנד, פלאמט בא אונדז דאָס געזיכט פונ אָט דער גיפטיקער, שנײַדנדיקער בושע, וואָס א ליבנדיקער זונ פילט, ווענ ער באגעגנט זײַנ שיקערע מוטער, בייס זי הוליעט אינ א שאנדהויז" [2].

אזוי האָט געשריבנ הערצענ, כאראקטעריזירנדיק רוסלאנד פונ ניקאָלײַס אונ פונ אלעקסאנדערס צײַטנ.

ריידנדיק וועגנ ביביקאָוונ, האָט הערצענ געגעבנ א גלענצנדיקע כאראקטעריסטיק די דערזשימאָרדעס פונ דער ניקאָלײַישער עפּאָכע.

ער האָט געשריבנ:

„דאָס איז דער ציצעראָנ פונ דער ניקאָלײַישער עפּאָכע, יעדעס וואָרט איז א שטעקנ, א שטעקנ פונ א סאָסנע, א טרוקענער סוקעוואטער שטעקנ, פרעכקײַט, בלוט אינ די אויגנ, גאל אינעמ בלוט, בייזקײַט, כוצפע אָנ א ברעג, אומפארשעמטע קנעכטישקײַט—אלץ, וואָס מיר האסנ אינ אנ אָפיצער אונ אינ א קאנצעליאריסט, דאָס אלץ דערהויבנ צו א גענעראל־אדיוטאנטישער מאדרייגע,—וויַאזוי־זשע האָט מענ געזאָלט ניט מאכנ פאר א מיניסטער אָט דעמ טאליאַנישנ גענעראל־גובערנאטער?" [3].

אינ דער צײַט, ווענ אינ רוסלאנד האָט מענ געהאנדלט מיט לײַבאייגענע, ווענ מ'האָט זיי געשאצט נידעריקער פונ הינט, ווענ מ'האָט זיכ ניט אָפּגעשטעלט פאר גאָרניט באמ איזדעקעווענ זיכ איבער זיי, ווענ מע האָט יעדערנ, ווער ס'האָט פראָטעסטירט קעגנ אָט דעמ איזדעקעווענ זיכ, פארניכטעט,— איז גאנצ קלאָר, אז יעדעס וואָרט פונ

[1]) Де-Кюстин. Николаевская Россия, изд. Всесоюзн. о-ва политкаторжан 1930.
[2]) А. И. Герцен. 1864, 5.VII, стр. 187.
[3]) А. И. Герцен, „Колокол" 1860.

פראָטעסט, פונ אופגערעגטקײַט און פונ ווידערשטאַנד צו דער הערשנדיקער אָרדענונג — יעדעס אזא וואָרט, וואָס איז ארויסגעבראכט געוואָרנ אינ די שרעקלעכע באַדינגונגעג פונעמ ניקאָלײַישנ רוסלאנד, האָט פאר יענער צײַט געהאט א גרויסע רעוואָליוציאָנערע באַדײַטונג.

ווײַל רוסלאנד פונ יענער צײַט:

„... הייבט זיכ אָנ פונ דעמ אימפעראטער אונ גייט פונ זשאנדארמ צו זשאנדארמ, פונ טשינאָווניק צו טשינאָווניק ביז דעמ לעצטנ פּאָליציאנט אינ דעמ סאמע ווײַטסטנ ווינקעלע פונ דער אימפעריע. יעדער טרעפּל פונ אָט דעמ לייטער באקומט, ווי אינ דאנטעס גראָבנס, א נײַע קראפט פונ בייז, א נײַ טרעפּל פונ אויסגעלאסנקײַט אונ אכזאָריעס. דאָס איז א לעבעדיקע פּיראמידע פונ פארברעכנס, מיסברויכנ, כאבאר, פּאָליציייִשע אויסוורפנ, דײַטשישע הארצלאָזיקע אדמיניסטראטערס, אייביק־הונגעריקע פארפינצטערטע מענטשנ — אייביק שיקערע ריכטער, אייביק ניטדערטרעכטיקע אריסטאָקראטנ: אָט דאָס אלצ איז פארבונדנ מיט א געמיינזאמקײַט פונ רויב אונ באנעמענ, אונ שפּארט זיכ אָנ אפ 6 הונדערט טויזנט אָרגאנישע מאשינעס מיט באגנעטנ“ [1].

ס'איז באוווסט, וואָס פאר א ראָל אינ אייראָפּע ס'האָט אינ יענער צײַט געשפּילט דאָס ניקאָלײַישע רוסלאנד. לויט דעמ ריכטיקנ אויסדרוק פונ הערצענענ האָט זי:

„עקזיסטירט פאר אנדערע פעלקער בלויז ווי א שטשעטינע פונ באגנעטנ, וואָס האָט זיכ געשטעלט קאפּויר באמ מינדסטנ אָטעמ פונ פרײַהײַט, בא דעמ מינדסטנ אויסרופ וועגנ אומאָפּהענגיקײַט. 200 טויזנט רוסישע באגנעטנ, וואָס זײַנענ בא דער קלענסטער נויט גרייט אריבערצוגיינ אפ יענער זײַט גרענעצ צוליב דער הייליקער זאכ פונ אָרדענונג אונ פּאָליציי, אָט די 200 טויזנט זײַנענ שטענדיק געווענ אינ מויל בא אלע רעאקציאָנערנ“ [2].

דאָס דערשלאָגענע, אויסגעמאטערטע פּויערטומ, וואָס איז ארויסגעטראָטנ מיט אומאָרגאניזירטע בונטנ קעגנ דער הערשנדיקער אָרדענונג, האָט ניט געקאָנט דורכרײַסנ אָט די שטשעטינע פונ באגנעטנ פונ ניקאָלײַ אונ אלעקסאנדערס צארישנ רוסלאנד אונ האָט זיכ געטרונקענ אינ א יאמ פונ בלוט, אינ פײַער פונ צעגראָמירטע אונ דערשטיקטע אופשטאנדנ.

אינ אָט דער לײַבייגנטימערישער טפּיסע פונ פעלקער, אינ אָט דער שרעקלעכער צײַט, ווענ אפ דער היסטאָרישער ארענע איז נאָכ ניט ארויס דער פּראָלעטאריאט, אלס דער איינציקער אָנפירער מיטנ קאמפּ פאר באפרײַענ די ארבעטנדיקע פונ זייערע קייטנ, האָבנ א גרויסע היסטאָרישע באדײַטונג די איינצלנע פערזענלעכקײַטנ, וואָס האָבנ געקעמפּט פאר א רעוואָליוציאָנערנ אויסוועג פונ דעמ צושטאנד, אינ וועלכנ ס'האָט זיכ געפונענ דאָס פארקנעכטעטע פּויערטומ. זיי האָבנ אָפּגעגעבנ זייער לעבנ פאר באפרײַענ די ארבעטנדיקע פונ דער לײַבייגנטימערישער אונטערדריקונג, זיי האָבנ געוועקט, גערופנ די ארבעטנדיקע צו אופשטאנדנ, זיי האָבנ געשמאכט אינ די צארישע

---

[1]) А. И. Герцен, т. V, стр. 203.

[2]) „Голос минувшего 1917.

טפּיסעס, זיך געפּלאָגט אין פאַרשיקונג. ס׳איז קלאָר, אז זייער טעטיקייט אין די דעמלטיקע באַדינגונגען האָט א גרויסע היסטאָרישע באַדייטונג, און דער פּראָלעטאריאט שעצט זייער אָנדענק, זייער אָנדענק שעצט דאָס ערשטע סאָציאליסטישע לאנד אין דער וועלט, וואָס האָט אונטער דער אָנפירונג פון דעם גאוני פון לענינען און סטאלינען צעשמעטערט די טורמע פון די פעלקער — דאָס צארישע רוסלאנד און בויט זיגעריש דעם סאָציאליזם.

וועגן אָט די מענטשן האָט לענין אין 1911 געשריבן:

„...איבער די דוירעס פון קנעכטשאפט האָבן אזויפיל דערשלאָגן און פארטעמפּט די פויערשע מאסן, אז זיי זיינען אין דער צייט פון דער רעפאָרם ניט פייִק געווען אפּ גאָרניט כוץ צעבראָקלטע, איינצלנע אופשטאנדן, גיכער אפילו „בונטן", וואָס זיינען ניט באַלויכטן מיט קיין שום פּאָליטישן באַוווסטזיין, זיינען אָבער אויך דאן אין רוסלאנד געווען רעוואָליוציאָנערן, וואָס זיינען געשטאנען אפּ דער זייט פונעם פויערטום און האָבן פארשטאנען די גאנצע שמאָלקייט, די גאנצע נעבעכדיקייט פון דער בארימטער „פויערשער רעפאָרם", איר גאנצן לייַבייגנטימעדישן כאראקטער. אין שפּיץ פון אָט די דעמלט זייער ווייניקע רעוואָליוציאָנערן איז געשטאנען נ. ג. טשערנישעווסקי" [1]).

שעווטשענקאָ איז דעמלט געשטאנען אין די ערשטע רייען, האנט בא האנט מיט טשערנישעווסקין צווישן די נאָך ווינציקע רעוואָליוציאָנערן־דעמאָקראטן, וואָס זיינען דעמלט געווען אין רוסלאנד. שעווטשענקאָ האָט אָפּגעשפּיגלט אין זיין שאפונג און אין זיין געזעלשאפטלעך־פּאָליטישער ארבעט די שטרעבונגען פונעם דערשלאָגענעם, פארשטויסענעם אוקראַיִנישן פויערטום; שעווטשענקאָ האָט גערופן צו אופשטאנדן, צו א רעוואָליוציאָנערן אויסוועג.

רעדנדיק וועגן שעווטשענקאָן, וועגן זיין אָרט אינעם געזעלשאפטלעכן לעבן, דארפן מיר דערמאנען די כאראקטעריסטיק, וואָס לענין האָט געגעבן טשערנישעווסקין אינעם ארטיקל „די פויערשע רעפאָרם און די פּראָלעטאריש־פויערשע רעוואָליוציע".

אין אָט דעם ארטיקל האָט לענין אזוי כאראקטעריזירט טשערנישעווסקין:

„טשערנישעווסקי איז געווען א סאָציאליסט אן אוטאָפּיסט, וועלכער האָט געטרוימט וועגן איבערגאנג צום סאָציאליזם דורך דער אלטער האלב־פעאָדאלער פויערשער געמיינדע, וועלכער האָט ניט געזען און האָט אין די 60־קער יאָרן פונעם פארגאנגענעם יאָרהונדערט ניט געקאָנט זען, אז נאָר די אנטוויקלונג פונעם קאפּיטאליזם און פונעם פּראָלעטאריאט איז פייִק צו באשאפן מאטעריעלע באַדינגונגען און א געזעלשאפטלעכע קראפט אפּ צו פארווירקלעכן דעם סאָציאליזם. טשערנישעווסקי איז אָבער געווען ניט בלויז א סאָציאליסט אן אוטאָפּיסט. ער איז אויך געווען א רעוואָליוציאָנערער דעמאָקראט, ער האָט געקענט ווירקן אפּ אלע פּאָליטישע געשעענישן פון זיין עפּאָכע אין רעוואָליוציאָנערן גייסט, דורכפירנדיק — דורך די צוימען און שטערונגען פון דער צענזור — די אידייע פון א פויערשער רעוואָליוציע, די אידייע פון קאמפּ פון

[1]) Ленин. Соч. т. XV, стр. 143.

די מאסנ פאר אראָפּוואַרפנ אלע אלטע מאכטנ. „די פויערשע רעפאָרמ" פונעמ 61־טנ יאָר, וואָס די ליבעראלנ האָבנ זי צוערשט צוגעפארבט אונ דערנאָכ אפילע געריממט, האָט ער אָנגערופנ מיטנ נאָמענ העסלעכקײַט, ווײַל ער האָט קלאָר געזענ איר לײַבייגנטימערישנ כאראקטער, ער האָט קלאָר געזענ, אז די הערנ ליבעראלע באפרײַער שינדנ די פויערימ, ווי א לינדנ־ביימל. די ליבעראלנ פונ די 60־קער יאָרנ האָט טשערנישעווסקי אָנגערופנ „פלוידערזעק, בארימערס אונ טיפשימ", ווײַל ער האָט קלאָר געזענ זייער מוירע פאר דער רעוואָליוציע, זייער כאראקטערלאָזיקײַט, זייער סערוויליזמ (холопство) פאר די מאכטהאָבער" [1].

שעווטשענקאָ, ווי אויכ טשערנישעווסקי, איז ניט געווענ קיינ פראָלעטארישער רעוואָליוציאָנער. ער איז געשטאנענ אפ בורזשואז־דעמאָקראטישע פאָזיציעס, אָבֿער זײַנ גאנצ לעבנ האָט ער געפירט אנ אומבעראכמאָנעסדיקנ קאמפ קעגנ דעמ שוידערלעכנ פײַנ פונ ניקאָלײַישנ רוסלאנד, קעגנ די קייטנ, אינ וועלכע דער קלאס גוטבאזיצער אינ שפיצ מיטנ צאר האָט פארשמידט די גאנצע ארבעטנדיקע באפעלקערונג פונ רוסלאנד.

## 2

שעווטשענקאָ איז געבוירנ געוואָרנ דעמ 25־טנ פעווראל (אלט. סט.) 1814־טנ יאָר אינ דאָרפ מאָרינצי, זוועניגאָראָדקער אויעזד, אינ דער פאמיליע פונ א לײַבייגענעמ.

די קינדער־יאָרנ האָט שעווטשענקאָ פארבראכט אינ דאָרפ קירילאָווקע, ווו זײַנ פאָטער איז געווענ א לײַבייגענער.

צו 9 יאָר האָט מענ שעווטשענקאָנ אָפּגעגעבנ אינ דער „לערע" צומ דיאק סאָווגיר (גובסקי). זומער 1824־טנ יאָר טשומאקעוועט שעווטשענקאָ מיט זײַנ פאָטער, אונ אינעמ 1825־טנ יאָר שטארבט גריגאָרי איוואנאָוויטש — שעווטשענקאָס פאָטער.

אינ 1826־טנ יאָר פארלאָזט שעווטשענקאָ די „שול" פונעמ דיאק באָגאָרסקי אונ אנטלויפט צו א מאָלער אינ ליסיאנקע, דערנאָכ לאָזט ער זיכ אוועק אינ דאָרפ טאראסאָווקע אונ ווילֿ דאָ פאָרזעצנ לערנענ זיכ „מאָלערײַ" באמ אָרטיקנ דיאק. שפעטער, פארלירנדיק די האָפענונג צו ווערנ א מאָלער, קערט ער זיכ ווידער אומ קיינ קירילאָווקע. אינ 1827־טנ יאָר פאשעט שעווטשענקאָ די דאָרפ־טשערעדע. אינעמ זעלבנ יאָר איז ער אוועק דינענ צומ קירילאָווער גאלעכ גריגאָרי קאָשיצ.

אינ 1829־טנ יאָר, ד. ה. דעמאלט, ווענ טאראס איז שוינ אלט געווענ 15 יאָר, האָט מענ אימ צוגענומענ אינ פאָרעצס הויפ. פונ אָנהייב האָט ער געארבעט אינ קיכ, ווו מע האָט געוואָלט פונ אימ מאכנ א קוכערל, שפעטער האָט מענ אימ גענומענ אינ די פאָקאָיעס צומ פאָרעצ, אונ טאראס האָט אָנגעהויבנ צודינענ זײַנ באלעבאָס פ. וו. ענגעלגארדטנ אלס א „קאָזאטשאָק".

ענגעלגארדט איז געווענ א גרויסער מאגנאט א לײַבייגנטימער. ער האָט געהאט אסאכ געשעפטנ אינ ווילנע, אינ ווארשע אונ אינ אנדערע שטעט. ער פלעג אָפט פאָרנ אינ די דאָזיקע שטעט אונ אײַנייעמ מיט אימ, צוליב באדינענ אימ, פלעג פאָרנ זײַנ „קאָזאטשאָק" שעווטשענקאָ.

ענגעלגארדט האָט מיט זיכ פאָרגעשטעלט א טיפישע פיגור פונ א מאגנאט א לײַבייגנטימער. ער האָט זיכ איזדעקעוועט איבער זײַנע לײַבייגענע, האָט זיי אויסגע־

---

[1] Ленин. Соч. т. XV, стр. 144.

ביטן אַפּ הינט, האָט געהאַנדלט מיט זיי. אַזעלכע דערנידעריקונגען האָט באַם פּאַן ענגעלגאַרדט איבערגעטראָגן אויך טאַראַס שעווטשענקאָ.

געפינענדיק זיך אין אַזעלכע שווידערלעכע באַדינגונגען, האָט שעווטשענקאָ דאָך ניט אויפגעהערט צו טרוימען וועגן מאָלעריי. זיך אויסבאַהאַלטנדיק פונעם פּאָרעץ, האָט שעווטשענקאָ זיך געלערנט מאָלן. דעם 6־טן דעקאַבער 1829 האָט ענגעלגאַרדט באַנאַכט געטראָפן שעווטשענקאָן באַ זיינע געמעלן. דער צעבייזטער פּאָרעץ, דער דעספּאָט, איזדעקעוועט זיך איבער שעווטשענקאָן און ער שלאָגט אים ווילד.

אינאיינעם מיט ענגעלגאַרדטן פּאָרט שעווטשענקאָ איבער אין 1831־טן יאָר קיין פּעטערבורג. דאָרט גיט מען אים אָפּ אַף 4 יאָר זיך לערנען באַם מאָלער שירייעוו. זייענדיק באַ אָט דעם אומקולטורעלן פון זייער אַ נידעריקער קוואַליפיקאַציע מאָלער, האָט שעווטשענקאָ אויסגענוצט זיינע פריע שאָען, קעדיי אַליין זיך לערנען מאָלן און באַהערשן אָט די קונסט.

אין 1836־טן יאָר באַקענט ער זיך מיטן קינסטלער סאָשענקאָ, און דורך אים מיט די שרייבער גרעבינקאָ און זשוקאָווסקי, מיטן סעקרעטאַר פון דער קונסט־אַקאַדעמיע גריגאָראָוויטש און מיטן באַוווּסטן קינסטלער קאַרל בריולאָוו. מיט זיינע קינסטלערישע פייִקייטן, מיט זיין אויסערגעוויינלעכן מאָלערישן טאַלאַנט ווענדעט שעווטשענקאָ אַף זיך די אויפמערקזאַמקייט פון אַזאַ קינסטלער, ווי בריולאָוו. די דאָזיקע קינסטלער באַמיִען זיך צו באַפרייען שעווטשענקאָן פון לייבייגנטום. אָבער אַלע שמועסן מיטן פּאָרעץ ענגעלגאַרדט וועגן שעווטשענקאָס באַפרייונג האָבן צו גאָרנישט ניט געבראַכט. דער פּאָרעץ ענגעלגאַרדט איז איינגעגאַנגען צו באַפרייען שעווטשענקאָן ניט אַנדערש ווי פאַר אַ היפּשער סומע געלט.

איז אָט, באַקומענדיק געלט פאַר זשוקאָווסקיס פּאָרטרעט, וואָס דער קינסטלער בריולאָוו האָט אָנגעמאָלט, באַפרייען שעווטשענקאָס פריינט אים פון לייבייגנטום.

פון 1838־טן יאָר באַזוכט שעווטשענקאָ די מאָלעריי־קלאַסן פון דער קונסט־אַקאַדעמיע, ער באַקענט זיך מיט אַ ריי קינסטלער. אין דעם זעלבן יאָר הייבט ער אָן שרייבן לידער.

אין 1838־טן יאָר האָט שעווטשענקאָ אָנגעשריבן „די דולע“, „ווילדער ווינט“, „עס פליסט די וואַסער אין יאַם, אין בלויען“ א. אַנד. אין 1840־טן יאָר אין כוידעש מיי איז אַרויס פון דרוק די ערשטע אויסגאַבע פון שעווטשענקאָס „קאָבזאַר“. אינעם זעלבן יאָר האָט שעווטשענקאָ באַקומען פון דער אַקאַדעמיע אַ זילבערנעם מעדאַל, און די געזעלשאַפט אַף מיטהעלפן קינסטלער באַדאַנקט אים פאַר זיין דערפאָלג אין מאָלעריי.

זייענדיק אין אַקאַדעמיע און אויסלערנענדיק די מאָלערישע קונסט, טרוימט שעווטשענקאָ פאָרן קיין אוקראַיִנע און זי אָפּשפּיגלען אין זיינע בילדער. אין 1843־טן יאָר קומט פאָר שעווטשענקאָס ערשטע רייזע אַף אוקראַיִנע.

בעשאַס אָט דער רייזע באַקענט זיך שעווטשענקאָ אין מאָסקווע און אין אַנדערע שטעט מיט אַ ריי ליטעראַטור־טוער, מיט קינסטלער, מיט דעמאָלטיקע פאָרגעשריטענע מענטשן אין געביט פון ליטעראַטור און קונסט.

שעווטשענקאָ איז אָנגעקומען קיין אוקראַיִנע אין סענטיאַבער 1843־טן יאָר, ער פאָרט אַוועק אין דאָרף קיריליווקע, און נאָך פערצניאָריקער צעשיידונג באַזוכט ער זיין היים און זיינע באַקאַנטע — לייבייגענע פּויערים.

אינ 1844 קערט זיכ שעווטשענקאָ אומ קיינ פעטערבורג. אפנ וועג קיינ פעטערבורג, בייס ער איז געווענ אינ מאָסקווע, באקענט ער זיכ מיט אנ אָנגעזעענעמ אקטיאָר א לייַבייגענעמ — מיט שטשעפקינענ. אינעמ זעלבנ יאָר הייבט שעווטשענקאָ אָנ ארויסגעבנ דעמ זשורנאל „זשיוואָפיסנא אוקראיִנא” אונ לאדט אייַנ א רייַ קינסטלער אונ שרייַבער זיכ צו באטייליקנ אינ אָט דער אויסגאבע. דעמ 8־טנ יול 1844 שרייַבט שעווטשענקאָ אָנ די באוווסטע פאָעמע „א כאָלעמ”, אינ וועלכער ער שטעלט צומ שאנד־סלופ דאָס דעמלטיקע ניקאָלייַישע רוסלאנד, די פאָראָנדקעס אונ די מינהאָגימ פונעמ קייזערלעכנ הויפ. ער שילדערט דאָ שוידערלעכע בילדער פונ ווילקיר פונ דער אדעליק־פריצישער באנדע. ער טוט דאָס פונעמ שטאנדפונקט פונ א לייַבייגענעמ, וועלכער טרוימט וועגנ באפרייַענ די ארבעטנדיקע מאסנ פונ דעמ יאָכ פונ שקלאפנטומ, וועלכער טרוימט וועגנ באפרייַענ אוקראיִנע פונעמ יאָכ פונ סאָציִאלער אונ נאציִאָנאלער קנעכטשאפט. קלאָר, אז שעווטשענקאָ איז אינ אָט די טרוימענ געשטאנענ אפ די פאָזיציעס פונ א בורזשואזנ דעמאָקראט.

אינ א בריוו צו קוכארענקאָנ שרייַבט ער אזוי וועגנ זייַנ ערשטער רייַזע אינ אוקראיִנע:

„פאראיאָרנ בינ איכ געווענ אינ אוקראיִנע, געווענ באמ מעזשיגאָריער ספאס אונ אפ כאָרטיצע, אומעטומ געווענ אונ אלצ געוויינט, מ'האָט צערויבט אונדזער אוקראיִנע...” [1]).

אינ 1845־טנ יאָר פאָרט שעווטשענקאָ ווידער ארויס פונ פעטערבורג אינ זייַנ צווייטער רייַזע אינ אוקראיִנע. ער איז געווענ לעבנ יאגאָטינ, אינ ראָמנע, אינ פערעיאסלעוו, אינ מירגאָראָד, אינ דאָרפ מאָרינצי. ער ארבעט אינ פאָלטאווער גובערניע, ער ארבעט אינ פערעיאסלעוו.

אינ די פילצאָליקע דערינערונגענ אונ מעמוארנ פונ שעווטשענקאָס מיטצייַטלער טרעפנ מיר אסאכ ידיִעס וועגנ דעמ, אז שעווטשענקאָ האָט דעמלט דורכגעפירט אנ אומיטלבארע אגיטיר־ארבעט צווישנ די לייַבייגענע פויערימ, שטרעבנדיק זיי אופצווועקנ אונ אופהייבנ קעגנ די פריצימ אונ קעגנ דעמ צאריזמ. ס'איז כאראקטעריסטיש, וואָס אזוינע ווערק, ווי „א כאָלעמ”, „קאווקאז” האָט שעווטשענקאָ פאָרגעלייענט אפ פויערשע סכאָדקעס, זיכ אויסבאהאלטנדיק פונ די פריצימ אונ זשאנדארמענ.

אינ 1845־טנ יאָר, אינ פערעיאסלעוו, ווערט שעווטשענקאָ שטארק קראנק. ער שרייַבט אָנ זייַנ ליד־צוואָע: „אז כ'וועל שטארבנ, איר באהאלטנ זאָלט די ביינער מייַנע”.

אינ 1846־טנ יאָר באקאָנט זיכ שעווטשענקאָ אינ קיִעוו מיט קאָסטאָמאראָוונ אונ אויכ מיט אנדערע אָנטיילנעמער פונ דער „קירילֿ־מעפאָדישער ברודערשאפט”, וואָס האָט אויסגעדריקט די שטרעבונגענ פונ די אוקראיִנישע פריצימ־ליבעראלנ. איבער דער פראָוואָקאציע פונעמ סטודענט פעטראָוו, וועלכער האָט דערלאנגט א מעסירע דעמ גענעראל־מאיאָר טראסקינ, אז אינ קיִעוו עקזיסטירט א געהיימע געזעלשאפט, ווערט די קירילֿ־מעפאָדישע ברודערשאפט אופגעדעקט דורכ דער פאָליציי אונ אינ צוזאמענהאנג דערמיט פאלט אויכ שעווטשענקאָ ארייַנ אינ די הענט פונ דעמ דריטנ אָפטייל אלס א מענטש, וואָס האָט א שייַכעס צו דער דאָזיקער געזעלשאפט. דאָס איז פאָרגעקומענ דעמ 5־טנ אפרעל 1847־טנ יאָר. שעווטשענקאָנ האָט מענ

[1]) Твори Т. Шевченка. Листування, т. III, ВУАН, стор. 20.

אַרעסטירט לעבן קיִעוו, און שוין דעם 6־טן אַפּרעל האָט מען שעוועשענקאָן אונטער אַ שטרענגער וואַך אַוועקגעשיקט פון קיִעוו קיין פּעטערבורג. דעם 17־טן אַפּרעל 3 אַזייגער באַטאָג האָט מען שעווטשענקאָן געבראַכט צו פירן קיין פּעטערבורג אין דעם 3־טן אָפּטייל, ווו ס׳איז אין יענער צײַט פאָרגעקומען די אויספאָרשונג וועגן דעם איניען פון דער קיריל־מעפאָדישער ברודערשאַפט. דעם 30־טן מײַ האָט מען די קיריל־מעפאָדיווצעס, צווישן זיי אויך שעווטשענקאָן, געמאָלדן דעם „אַלער־העכסטן" אורטייל. שעווטשענקאָן האָט מען איבערגעגעבן אין רעשוס פון דעם קריג־מיניסטער, און דעם 31־טן מײַ, אונטערן אופזיכט פון דעם פעלדיעגער ווידער, האָט מען שעווטשענקאָן פאַרשיקט קיין אָרענבורג. פון אָרענבורג האָט מען שעוו־טשענקאָן אַוועקגעשיקט אין אָרסקער פעסטונג, ווו מע האָט אים פאַרעכנט אין 5־טן ליניי־באַטאַליאָן.

ווי ס׳איז באַוווסט, האָט מען שעווטשענקאָן, לויטן „אַלערהעכסטן" באַפעל פון ניקאָלײַ דעם 1־טן, פאַרבאָטן שרײַבן און מאָלן. ניקאָלײַ דער 1־טער האָט מיט זײַן אייגענער האַנט צוגעשריבן אַף שעווטשענקאָס איניען, וואָס דער 3־טער אָפּטייל האָט אים דערלאַנגט: „אונטערן שטרענגסטן אופזיכט מיט אַ פאַרבאָט צו שרײַבן און מאָלן".

און אַזוי זיצט שעווטשענקאָ אין די שרעקלעכע באַדינגונגען פון ניקאָלײַישער סאָלדאַטשינע 10 יאָר אין פאַרשיקונג. אָבער אפילו אין אָט די שרעקלעכע באַדינ־גונגען זעצט שעווטשענקאָ פאָר זײַן אַרבעט, ער גיט אַ ריי בילדער און אויך לידער, וועלכע ער האָט געשריבן, זיך אויסבאַהאַלטנדיק פון די ספּעציעל צו אים צוגע־שטעלטע שפּיאָנען.

זײַענדיק אין פאַרשיקונג, פירט שעווטשענקאָ אַ קאָרעספּאָנדענץ מיט אַסאַך רע־וואָליוציאָנערע טוער פונעם צאַרישן רוסלאַנד. אָבער אפילו אין דער ווײַטער פאַר־שיקונג לאָזט אים דער 3־טער אָפּטייל ניט צורו. באַקומענ יעדיעס וועגן שעוו־טשענקאָס טעטיקײַט, וועגן זײַן קאָרעספּאָנדענץ, גיט דער 3־טער אָפּטייל אָפּ אַ באַ־פעל צו מאַכן אַן אונטערזוכונג בײַ שעווטשענקאָן און אַרעסטירן אים. לויט די רעזול־טאַטן פון דער אונטערזוכונג איז פעסטגעשטעלט, אַז שעווטשענקאָ האָט פאָרגעזעצט מאָלן און שרײַבן, האָט געפירט אַ קאָרעספּאָנדענץ מיט אַסאַך פאָרגעשריטענע מענטשן פון יענער צײַט. און אָט דערפאַר, לויט דעם קייסערס באַפעל, האָט דער קריג־מיניסטער טשערנישאָוו באַשטימט אַזאַ שטראָף שעווטשענקאָן פאַר ניט פאָלגן דעם „אַלערהעכסטן ווילן":

1. „די פאַפירן איבערגעבן לויט דער געהעריקײַט אין דעם 3־טן אָפּטייל פון דער פּערזענלעכער קאַנצעלאַריע פון זײַן מאַיעסטעט אַף אַ געהע־ריקער אויספאָרשונג.

2. דעם ריאַדאָוווי שעווטשענקאָ באַלד נעמען אונטערן שטרענגסטן אַרעסט און אים אַזוי האַלטן ביז מ׳וועט אויספאָרשן אַלע, וואָס זײַנען שול־דיק אין דערלויבן אים פירן אַ קאָרעספּאָנדענץ און זיך פאַרנעמען מיט מאָ־לערײַ.

3. נאָכן פאַרענדיקן די אויספאָרשונג, אַריבערפירן שעווטשענקאָן אונטערן שטרענגסטן אופזיכט פונעם 5־טן אָרענבורגער ליניי־באַטאַליאָן אין אַן אַנדער באַזונדערן באַטאַליאָן".

אין רעזולטאט דערפון פירט מען שעווטשענקאָן אריבער אין דער נײַ־פּעטראָווסקער פעסטונג אין איינער פון די ראָטעס פון דעם צווייטן אָרענבורגער ליניי־באטאליאָן אונטערן שטרענגן אויפזיכט פונעם ראָטנע קאָמאנדיר. און אָט, דעם 17־טן אָק־טיאבער 1850־טן יאָר ווערט אין דער נײַ־פּעטראָווסקער פעסטונג צונויפגעשטעלט א ראפּאָרט וועגן דעם, אז „דער ריאדאָווי פון צווישן די פּאָליטישע פארברעכער", — דאָס הייסט שעווטשענקאָ, איז אָנגעקומען אין נײַ־פּעטראָווסק.

נאָכן טויט פון ניקאָלײַ דעם 1־טן באפרײַט מען ניט שעווטשענקאָן. ערשט דעם 21־טן יולי 1857־טן יאָר, ד. ה. אין 10 יאָר ארום נאָך דעם ארעסט — באקומט שעווטשענקאָ אן אָפיציעלע מעלדונג וועגן זײַן באפרײַונג. אפן דאמפער „קניאז פּאָ־זשארסקי" איז שעווטשענקאָ דעם 22־טן אווגוסט 1857־טן יאָר ארויסגעפּאָרן פון אסטראכאן קיין פעטערבורג. פון דעם טאָגבוך, וואָס שעווטשענקאָ פירט בעשאס זײַן רײַזע, זעען מיר, מיט וואָס פאר א שטימונגען שעווטשענקאָ קערט זיך אום צוריק. ער פארשטייט, אז די פּאָליציי שפּירט נאָך די גאנצע צײַט נאָך יעדן טראָט זײַנעם. פון שעווטשענקאָס טאָגבוך זעט מען, ווי ער כאראקטעריזירט דאָס דעמאָלטיקע רוס־לאנד, זײַנע דעמאָלטיקע הערשער. פון דעם זעלבן טאָגבוך דערוויסן מיר זיך וועגן די פארבינדונגען, וואָס שעווטשענקאָ שטעלט אײַן מיט די דעמאָלטיקע רעוואָלוציאָ־נערע טוער.

אין ניזשני־נאָווגאָראָד פארהאלט מען שעווטשענקאָן אפ א לענגערער צײַט און מע גיט אים ניט די מעגלעכקײַט פאָרן קיין פעטערבורג. און ערשט דעם 1־טן מארט 1858 גיט מען אים די דערלויבעניש דערויף. בעשאס דער רײַזע קיין פעטערבורג שטעלט זיך שעווטשענקאָ אָפּ אין מאָסקווע, באקענט זיך דאָרט מיט אָנגעזעענע קולטורטוער און מיט שרײַבער.

קיין פעטערבורג איז ער אָנגעקומען דעם 27־טן מארט 1858־טן יאָר, און דעם 16־טן אפּרעל 1859־טן יאָר האָט דער ראט פון דער אקאדעמיע באטראכט שעווטשענ־קאָס קינסטלערישע ארבעטן און האָט אָנערקענט, אז ער איז פּאסיק צו „באשטימט ווערן פאר אן אקאדעמיקער".

געפינענדיק זיך אין דער צארישער הויפּטשטאָט, גיט שעווטשענקאָ א רײַ נײַע רעוואָלוציאָנער־דעמאָקראטישע לידער, ער באקענט זיך דאָ מיט די אָנגעזעענסטע רו־סישע רעוואָלוציאָנערע טוער, צווישן זיי מיט טשערנישעווסקין און מיט קוראָטשקינען.

אין פעטערבורג, קימאט באלד נאָך זײַן אָנקומען, הייבט שעווטשענקאָ ווידער אויף די פראגע וועגן א רײַזע אפ אוקראַינע, אָבער ערשט סאָף מײַ 1859־טן יאָר באקומט ער א דערלויבעניש דערויף. אפ שעווטשענקאָס ביטע האָט דער שעף פון די זשאנדארמען — דער פירשט דאָלגאָרוקאָוו — אָנגעשריבן אזא רעזאָלוציע:

„מעלדן, אז קיין שטערונגען זײַנען ניטאָ, און דאָך וועגן אויפזיכט איבער שעווטשענקאָן וואָרענען די אָרטיקע זשאנדארמישע נאטשאלסטווע".

און אָט, אין סאָף מײַ 1859־טן יאָר, ארומגערינגלט פון אלע זײַטן מיטן אויפ־זיכט פון זשאנדארמען, מאכט שעווטשענקאָ זײַן דריטע רײַזע קיין אוקראַינע. די זשאנדארמעריע שפּירט נאָך אומפארקזאם נאָך שעווטשענקאָן. ווען שעווטשענקאָ איז געווען אין מעזשיריטשי, מאסערן אים די צארישע שפּיאָנען, אז ער האָט „גאָטס מוטער אָנגערופן — זונע, כוץ גאָטלעסטערונג האָט ער נאָך געזאָגט די מענטשן,

וואָס זײַנען געווען אַרום אים, אַז מע דאַרף ניט דעם קייסער, ניט די פּריצים, ניט די גאַלאָכים".

דעם 11־טן יולי 1859 הייבט אָן די קאַנצעלאַריע פֿונעם קיִעווער מיליטערישן גענעראַל־גובערנאַטער אַ נײַעם איניען וועגן „געהיימען אופֿזיכט איבער דעם קינסטלער שעווטשענקאָ". דעם 12־טן יולי גיט דער פּריסטאַוו דאָבראַזשאַנסקי צו וויסן וועגן שעווטשענקאָס גאָטלעסטערונג, און שוין דעם 13־טן יולי אַרעסטירט מען שעווטשענקאָן אויף מיכײַלעווער באַרג. אין צוזאַמענהאַנג מיט די יעדיעס, וואָס די זשאַנדאַרמעריע האָט געגעבן וועגן שעווטשענקאָס רײַזע, וועגן זײַן אַרבעט, וועגן זײַנע געשפּרעכן מיט די פּויערים האָט דער גענעראַל־גובערנאַטער וואַסילטשיקאָוו באַפֿוילן שעווטשענקאָן זיך אומקערן קיין פּעטערבורג. 2 טעג נאָך אָט דעם באַפֿעל האָט שעווטשענקאָ געמוזט אַרויספֿאָרן פֿון קיִעוו קיין פּעטערבורג.

דער גענעראַל־גובערנאַטער וואַסילטשיקאָוו גיט צו וויסן קיין פּעטערבורג וועגן דער אַרבעט און וועגן דער אַגיטאַציע פֿון שעווטשענקאָן אין מעזשיריטשי און אין אַנדערע ערטער, און באַמערקט דערבײַ:

„אויב שעווטשענקאָ זאָל וועלן זיך באַזעצן אין היגן קאַנט, וואָלט איך גערעכנט, אַז מע דאַרף זײַן ווונטש ניט באַפֿרידיקן".

ווי מיר זעען, פֿאַרטרײַבט מען שעווטשענקאָן ווידער קיין פּעטערבורג און דאָרט געפֿינט ער זיך אין אַ שרעקלעכן מאָראַלישן און פֿיזישן צושטאַנד.

אין פֿעוורואַל 1861־טן יאָר, אין אַ בריוו צו מאָקריצקין, שרײַבט שעווטשענקאָ:

„איך בין קראַנק, דעם צווייטן כוידעש לאָזט מען מיך ניט אַרויס ניט נאָר אין גאַס, נאָר אַפֿילע אין קאָרידאָר. איך ווייס ניט מיט וואָס וועט זיך ענדיקן מײַן געפֿענקעניש" [1]).

פֿאַרשיקונג, ליידן, אונטערדריקונג האָט צענדליקער יאָרן שעווטשענקאָ אַריבערגעטראָגן, און דאָס האָט אים פֿיזיש צעבראָכן און אַוועקגעשטעלט אים באַם שוועל פֿון קייווער.

דעם 26־טן פֿעוורואַל (אַלט. סט.) 1861־טן יאָר, האַלב זעקס אַזייגער אינדערפֿרי, איז שעווטשענקאָ געשטאָרבן. דעם 28־טן פֿעוורואַל האָט מען אים באַגראָבן אין פּעטערבורג אויפֿן סמאָלענסקער צווינטער. און דעם 26־טן אַפּרעל 1861־טן יאָר האָט מען אים אַריבערגעפֿירט פֿון פּעטערבורג קיין אוקראַינע, ווו מ'האָט אים באַגראָבן אויפֿן טשערנעצער באַרג לעבן קאַניעוו.

אָט דאָס איז דער לעבנסוועג פֿון טאַראַס גריגאָריעוויטש שעווטשענקאָ.

## 3

שעווטשענקאָס פּאָעטישע שאַפֿונג איז דורכגעדרונגען מיט אַ מעכטיקן רוף צום קאַמף קעגן צאַריזם, קעגן דער פּריציש־לײַבאייגנטימערישער אָרדענונג. די דאָזיקע שאַפֿונג שפּיגלט אָפּ אויפֿן בעסטן אופֿן די פּאָזיציעס, אויף וועלכע עס איז געשטאַנען און פֿון וועלכע עס האָט געקעמפֿט אָט דער געניאַלער דיכטער און קעמפֿער ביז דער לעצטער מינוט פֿון זײַן לעבן.

---

[1]) Твори Т. Шевченка. Листування, т. III, стор. 207.

זײַן שאַפונג איז דאָס גלעצנדיקסטע און אופריכטיקסטע זײַטל פון זײַן געזעל־שאַפטלעך־פּאָליטישער ביאָגראַפיע.

ווי האָט שעווטשענקאָ אין זײַן דיכטערישער שאַפונג אָפּגעשפּיגלט זײַנע קינדער־יאָרן? דערמאָנענדיק די קינדער־יאָרן, זאָגט שעווטשענקאָ:

„כ'האָב ביטער דאָרט געוויינט אַמאָל,
כ'האָב דאָרט דערקענט די שווערסטע לײדן,
די ערשטע ביטערע פאַרדראָסן,
די ערשטע טרערן דאָרט פאַרגאָסן,
און אַלדאָסבײַ געוויינט האָט דאָרט". („ווען איר, פאַניטשעס...")

דערציילנדיק וועגן זײַן דאָרפישער כאַטע, וועגן זײַן דאָרפישער היים, זאָגט ער:

„דאָרט איז קנעכטשאַפט האַרבע,
קיין פרײַע רעגע, שווערע אַרבעט". (דאָרטן)

שעווטשענקאָס פאָטער איז געשטאָרבן אויף פאַנשטשינע, די מוטער נאָך גאָר אַ יונגע האָבן די לײדן און שווערע אַרבעט פאַרפירט אין קייווער. די ברידער און שוועסטער זײַנען זיך צעקראָכן צווישן לײַט, „ווי מײַזלעך".

„די ברידערלעך צום פּאַן אין סטעפּ,
מע האָט זיי דערנאָך פאַרגאָלט די קעפּ,
און מײַנע שוועסטער, וויי צו אײַך!
וווּ זײַנט איר, יונגע טויבן מײַנע?
ווי שווער ס'האָט אײַך דער יאָך פאַרקלעמט —
פאַרדונגען, אין דער פרעמד
וועט איר ביז גראָווע צאָפּ דאָרט זיצן,
און ווער וועט אײַך דאָ אויף דער וועלט באַשיצן?
דערמאָן איך זיך אין דעם גאַניידן —
איז ווערן פריש די אַלטע לײדן". (דאָרטן)

שעווטשענקאָ האָט ריכטיק אָפּגעשפּיגלט די דעמאָלטיקע לאַגע פון דעם פאַרקנעכטעטן פּויערטום. ער האָט געזען, אַז די פּויערים די לײַבאייגענע שלעפּן אויף זיך דעם יאָך פון קנעכטשאַפט. ער האָט מיט זײַנע אויגן געזען, ווי זײַנע ברידער און שוועסטער פלעגן אָפּקומען אויף פאַנשטשינע.

„פון ערד נאָך שווארצער בלאָנדזשען דאָרט
די מענטשן, דאַרע, אויסגעצערטע,
פאַרטריקנט שוין די גרינע גערטנער;
די ווײַסע כאַטעס קרום, פאַרלענט;
דער סטאַוו פאַרוואַקסן מיט בוריאַן,
און ווי דאָס דאָרף וואָלט אָפּגעברענט,
און מענטשן וואָלטן דול געוואָרן, —
אויף פאַנשטשינע זיי גייען שטום
און קינדער פירן מיט זיך אום". („איך בין אויסגעוואַקסן...")

דאָס גאַנצע לעבן זײַנס האָט שעווטשענקאָ אין זיך געטראָגן דעם גרויסן האַס קעגן די פּריצים די לײַבאייגנטימער, וואָס האָבן געפּײַניקט דאָס פּויערטום.

אָט וואָס עס דערציילט אַ. טשוזשבינסקי וועגן איינעם אַ צופאַל אין זײַנע זי־כרוינעס וועגן שעווטשענקאָן. שעווטשענקאָס אַ באַקאַנטער פּאָרעץ האָט פאַרבעטן

שעװטשענקאָן צו זיך צו גאַסט, אין דער צײַט פון זײַן װיזיט איז פאָרגעקומען אָט װאָס:

„צום אומגליק האָט דער באַלעבאָס געכאַפּט א קוק דורך דער טיר, און אַז ער האָט דערזען זײַן דרימלדיקן מעשאָרעס, האָט ער אים מיט זײַן אײגענער האַנט אופגעװעקט אַפ זײַן שטײגער... ניט רעכענענדיק זיך מיט אונדזער אָנװעזנהײַט... טאַראַס איז רױט געװאָרן, האָט אָנגעטאָן די היטל און איז אװעק אַהײם. מיט קײן שום ביטעס האָט מען אים ניט געקענט אומקערן" [1]).

אַז שעװטשענקאָ איז געװען אַפ אוקראַינע, איז ער א געװיסע צײַט געװען אין דער סװיװע פונעם אוקראַינישן פּריצנטום. די פּריצים האָבן אים אָפט פאַרבעטן צו זיך, קעדײ דערװײַזן אים זײער „װױלגעװױגנקײַט" צו אים, זײער „גאַסטפרײַנטלעכקײַט", און דאָס איז זײער שטאַרק ניט געפעלן געװען שעװטשענקאָן און ער האָט דאָס זײער שװער איבערגעטראָגן. ער האָט אַרום זיך געזען לײַבײגנטימערישע אונטערדריקונג, ער האָט געזען די פאַריאָכטקײַט פון פאָלק, ער האָט געװוּסט די צװײטע זײַט, דעם אונטערשלאַק פונעם לעבן פון אָט די פּריצים, ער האָט גוט פאַרשטאַנען זײער „גאַסטפרײַנטלעכקײַט". אָט דערפאַר האָט שעװטשענקאָ, אַרומרײַזנדיק איבער אוקראַינע, אַסאַך צײַט אָפּגעגעבן דער אַגיטאַציע קעגן די פּריצים, קעגן די צאַרישע טשינאָװניקעס, קעגן צאַר. אָט די אַגיטאַציע האָט ער געפירט אין די דערפער צװישן פּױערטום און אין די גרױסע שטעט צװישן קלײנבירגערטום. װעגן דעם דערװיסן מיר זיך פון די זיכרױנעס פון װ. בערענשטאַם. ער שרײַבט װעגן דעם, װיאַזױ שעװטשענקאָ האָט פאַרבראַכט זײַן צײַט אין קיעװ אַפ קורעניאָװקע:

„שעװטשענקאָ האָט ניט אײנמאָל באַזוכט קיסעלעװסקין און אַנדערע מעשטשאַנעס אין זײערע הײַזער אין קיעװער פאָרשטאָט קורעניאָװקע. װען דער „פּעטער טאַראַס" פלעג קומען צו עמעצן פון זײ, פלעג דער באַלעבאָס געװײנלעך אײַנלאַדן זײַנע פרײַנט. שעװטשענקאָ פלעג דעקלאַמירן זײַנע װערק און פלעג אַסאַך דערצײלן װעגן אַמאָליקע צײַטן, װעגן לײַבײגנטום, װעגן פאַרשײדענע לײדן פונעם אוקראַינישן פאָלק" ).

זײַן גאַנצן האַס קעגן דעם צאַרישן רוסלאַנד, קעגן די פּריצים די לײַבײגנטימער האָט שעװטשענקאָ אָפּגעשפּיגלט אין זײַן פּאָעטישער און מאָלערישער שאַפונג.

ניט אומזיסט האָט דער גענעראַל דובעלט אין זײַן אײדעס זאָגן, בײס מע האָט אַרעסטירט שעװטשענקאָן אין 1847־טן יאָר, אַזױ געזאָגט:

„בײַם איבערקוקן די פּאַפּירן אין שעװטשענקאָס פּאָרטפעל האָבן מיר געפונען שלעכט־אָנגעמאָלטע ניט מאָראַלישע בילדלעך, דער גרעסטער טײל פון זײ איז באַשטאַנען פון קאַריקאַטורעס אַפ די פּערזאָנען פונעם קײסערס פאַמיליע, און באַזונדערס אַפ דער קײסערן דער אימפּעראַטאָרן" [3]).

אין זײַן דיכטערישער און קינסטלערישער טעטיקײַט האָט שעװטשענקאָ זײַן גאַנצן טאַלאַנט אָנגעװענדט קעגן דער אימפּעריע פון ניקאָלײַ דעם 1־טן.

[1]) А. Чужбинский. Воспоминания о Т. Г. Шевченко. СПБ 1861, стр 11.

[2]) „Киевская Старина“ 1900, кн. II.

[3]) צענטר. אַרכיװ. מאַטעריאַלן פון דעם 3־טן אָפּטײל.

אָט איז אַ מעלדונג וועגן שעווטשענקאָס אַרעסט, וועגן די פּאַפּירן, וואָס מע האָט געפונען בײַ זײַן אַרעסט:

„אין דעם דריטן אָפּטייל פון דער קאַנצעליאַריע פון זײַן מאַיעסטעט.

צווישן די פּערזאָנען, אַף וועלכע ס'איז געוואָרן די אויפמערקזאַמקייט לויטן באַפעל פון קיִעווער מיליטערישן פּאָדאָליער און וואָלינער גענעראַל-גובערנאַטער, איז געווען אָנגעוויזן דער קינסטלער פון דער ס.-פּעטערבורגער אַקאַדעמיע טאַראַס גריגאָריעוויטש שעווטשענקאָ.

אָט דער קינסטלער איז נעכטן פאַרהאַלטן געוואָרן בײַם זײַן אומקערן זיך פון טשערניגאָווער גובערניע באַם אַרײַנפאָרן אין שטאָט קיִעוו און איז געבראַכט געוואָרן דירעקט צו מיר. צווישן זײַנע פּאַפּירן איז אויך געווען אַ בוך מאַלאָראָסישע לידער—זײַנע אייגענע ווערק, געשריבן פון דער האַנט. פיל פון די דאָזיקע לידער האָבן אַ כוצפּעדיקן און פאַרברעכערישן אינהאַלט, דערום האָב איך גערעכנט פאַר מײַן פליכט די דאָזיקע, ווי אויך אַלע איבעריקע לידער, וואָס זײַנען געווען בײַ שעווטשענקאָן, ווי אויך זײַן פּריוואַטע קאָרעספּאָנדענץ איבערגעבן דעם 3-טן אָפּטייל פון דער פּערזענלעכער קאַנצעליאַריע פון זײַן מאַיעסטעט.

אײנייִנעם מיט דעם פירן מיר איבער דעם קינסטלער שעווטשענקאָ אונטער אַ שטרענגן אויפזיכט פון איין פּאָליציייִשן אָפּיצער און פון איין זשאַנדאַרם.

ציווילער גובערנאַטער פונדוקליי" [1]).

און דער גענעראַל דובעלט—דער שעף פון די זשאַנדאַרמען פון ניקאָלײַ דעם 1-טן, האָט שעווטשענקאָן געגעבן אַזאַ כאַראַקטעריסטיק:

„אָנשטאָט דעם, ער זאָל אייביק שפּירן ערפּאָרכטיקע געפילן צו די פּערזאָנען פון דער אַלערהייליקסטער פאַמיליע, וואָס האָבן באַוויליקט אים אויסצוקויפן פון לײַבאייגנטום, האָט שעווטשענקאָ געשריבן לידער אַף דער קליינרוסישער שפּראַך מיט אַ כוצפּעדיקן אינהאַלט. אין זיי האָט ער אָדער אויסגעדריקט זײַן געוויין וועגן דער קלוימערשטער פאַרקנעכטונג און ליידן פון אוקראַיִנע... אָדער ער האָט מיט אַן אומגעהייערער העזע אויסגעגאָסן רעכילעס און גאַל אַף די פּערזאָנען פונעם קייסערס הויף, פאַרגעסנדיק, אַז זיי זײַנען זײַנע פּערזענלעכע וווילטוער. כוצדעם, וואָס יעדע פאַרבאָטענע זאַך פאַרפירט מענטשן מיט שוואַכע כאַראַקטערס, האָט שעווטשענקאָ צווישן זײַנע פרײַנט געקראָגן אַ שעם פון אַ באַרימטן קליינרוסישן שרײַבער, און דערפאַר זײַנען זײַנע לידער טאָפּלט שעדלעך און געפערלעך. אײנייִנעם מיט די באַליבטע לידער קאָנען אין קליינרוסלאַנד שפּעטער פאַרזייט און פאַרפעסטיקט ווערן אויך געדאַנקען... וועגן דער מעגלעכקייט פון דער עקזיסטענץ פון אוקראַיִנע ווי אַ באַזונדערע מעלוכע. אורטיילנדיק לויט דער איבער-געטריבענער אכטונג, וואָס אַלע אוקראַיִנע-סלאַוויאַניסטן האָבן געהאַט אַף פּערזענלעך צו שעווטשענקאָן, אַף צו זײַנע לידער, האָט פון אָנהייב זיך אויסגעוויזן, אַז ער וואָלט געקענט זײַן, אויב ניט קיין ווירקנדיקע פּערזאָן צווישן זיי, איז אַ געווער, וואָס זיי האָבן

[1]) צענטר. אַרכיוו. מאַטעריאַלן פון דעם 3-טן אָפּטייל.

געוואָלט עס אויסנוצן פאַר זייערע פּלענער; אָבער פון איין זײַט, זײַנען די פּלענער גאָר ניט אַזוי וויכטיק, ווי דאָס ווײַזט זיך אויס באַם ערשטן קוק, און פון דער צווייטער זײַט, האָט אויך שעווטשענקאָ אָנגעהויבן שרײַבן זײַנע כוצפּעדיקע ווערק נאָך פון 1837־טן יאָר, ווען די סלאַוויאַנישע אידייעס האָבן נאָך ניט פאַרכאַפּט די קיִעווער געלערנטע. צוגלײַך מיט דעם באַווײַזט דער גאַנצער איניען, אַז שעווטשענקאָ האָט ניט געהערט צו דער אוקראַיִנע־סלאַוויאַנישער געזעלשאַפט, נאָר ער האָט געפירט זײַן טעטיקײַט באַזונדער, מיטגעריסן פון זײַן אייגענער פאַרדאָרבנקײַט. און דאָך, לויט דעם כוצפּעדיקן גײַסט און לויט דער האָזע, וואָס פלייצט אַריבער אַלע גרענעצן, דאַרף מען אים אָנערקענען ווי איינעם פון די וויכטיקע פאַרברעכער" [1]).

די זשאַנדאַרמען פון ניקאָלײַ דעם 1־טן האָבן פאַרשטאַנען, וואָס פאַר אַ ראָל שעווטשענקאָ האָט געשפּילט אין אוקראַיִנע, זיי האָבן פאַרשטאַנען, אַז צווישן די אַרעסטירטע מיטגלידער פון דער קיריל־מעפאָדיִשער ברודערשאַפט איז ער געווען איינער פון די געפערלעכסטע. ניט אומזיסט האָבן די מיטגלידער פון דער ברודערשאַפט—די פּריצים בילאָזערסקי, קאָסטאָמאַראָוו, קוליש זיך אָפּגעקערט פונעם רעוואָלוציאָנערן דיכטער און האָבן אונטערגעשטראָכן, אַז זיי האָבן קיין שום שײַכעס ניט געהאַט צו דער אַרבעט און צו דער שאַפונג פון שעווטשענקאָן.

אָט וואָס איינער פון די פאַנעס די מיטגלידער פון דער ברודערשאַפט — בילאָזערסקי—האָט געזאָגט אַפן אויספרעג, רעדנדיק וועגן דעם העפט שעווטשענקאָס לידער, וואָס מ'האָט בא אים געפונען:

„דער העפט לידער געהערן מיר, נאָר איך האָב זיי געהאַלטן (די לידער פון ט. שעווטשענקאָן) ניט דערפאַר, ווײַל איך בין געווען אײַנשטימיק מיט די געפילן און מיט די געדאַנקען, וואָס זײַנען אין זיי אויסגעדריקט, נאָר מיט דעם איינציקן ציל אַרויסצושרײַבן פון זיי די מיר אומבאַקאַנטע ווערטער פאַר דעם קליינרוסישן ווערטערבוך, וואָס איך האָב זיך פאָרגענומען צונויפשטעלן און אים אין זינען געהאַט צו דערלאַנגען דער וויסנשאַפטלעכער אַקאַדעמיע" [2]).

דער צווייטער מיטגליד פון דער ברודערשאַפט, מאַרקאָוויטש, האָט אַף דעם זעלבן אויספרעג וועגן שעווטשענקאָס רעוואָלוציאָנערע לידער, וואָס מ'האָט בא אים געפונען, אַזוי געזאָגט:

„די לידער האָט געשריבן שעווטשענקאָ; איך האָב זיי באַקומען, אַף וויפל איך געדענק, פון איינעם פון מײַנע כאַווײרים, דאַכט זיך, פון נאַוואָראָצקין, ער וועט עס אַליין קענען זאָגן, אויב מע וועט עס בא אים פרעגן, איך האָב זיי געהאַלטן בא זיך נאָר צוליב נײַגער, וואָס איז אַזאַ געוויינלעכע זאַך בא יונגעלײַט. איך האָב אַף דעם האַרציק כאַראָטע און בעט גרויסמוטיק מיר מויכל זײַן. איבערשרײַבן זיי האָב איך קיינעם ניט געגעבן" [3]).

און, ענדלעך, קאָסטאָמאַראָוו האָט דאָרטן אַזוי געזאָגט:

---

1) צענטר. אַרכיוו. מאַטעריאַלן פון דעם 3־טן אָפּטייל.

2) Збірник пам'яті Тараса Шевченка, Київ 1915, стор. 204.

3) דאָרטן, ז. 231.

„אָט די ווערק האָב איך געהאַלטנ מער צוליב דער שפּראַך, אָבער זײַנ אײַנשטימיק מיט די מיִעסע געדאַנקענ, וואָס זײַנענ אינ די ווערק ארויסגעזאָגט געוואָרנ, האָב איך קײנמאָל ניט געקענט. איך האָב שוינ פונ לאַנג געוואָלט צונויפשטעלנ א ווערטערבוך פונעמ קלײנרוסישנ דיאַלעקט אינ פאַרגלײַך מיט אנדערע סלאַווישע דיאַלעקטנ!” [1]).

אָט זײַנענ די פּאָזיציעס, אַפ וועלכע ס'זײַנענ געשטאַנענ די אוקראַינישע פריצים—די קאָסטאָמאַראָווס, די בילאָזערסקיס א. אנד., וואָס האָבנ אַפ די קני געבעטנ באַגנעדיקונג בא ניקאָלײַ דעמ 1־טנ אונ בא זײַנע זשאַנדאַרמענ, וואָס האָבנ שעווטשענקאָס שאַפונג קוואַליפיצירט ווי „מיִעסע געדאַנקענ” אונ האָבנ פאַרורטײלט יענעמ וועג, וואָס מיט אימ איז געגאַנגענ שעווטשענקאָ אינ זײַנ שאַפנ אונ אינ זײַנ ארבעט. ס'איז פאַרשטענדלעך, פאַרוואָס די צאַרישע מאַכט האָט אָנערקענט שעווטשענקאָנ פאַר א געפערלעכסטנ מעלוכישנ פאַרברעכער אונ האָט אימ אַזוי גיך ארויסגעשיקט אינ אָרסקער פעסטונג. וועגנ דעמ, אַז די צאַרישע מאַכט האָט געוואָלט וואָס גיכער פּאָטער ווערנ פונ שעווטשענקאָנ, איז צו זענ פונ שעווטשענקאָס ווערטער אינ זײַנ טאָגבוך:

„דער פעלדיעגער פונעמ טאַרמאָז, וואָס ס'איז אימ ניט באַקוועמ אָנצורופנ (ד. ה. ניקאָלײַ דער 1־טער—א. כ), האָט ניט געדרעמלט. אַפנ 8־טנ מעסלעס האָט ער מיך פונ פּיטער צוגעשטעלט קײנ אָרענבורג, דערהאַרגענענדיק דערבײַ נאָר אײנ פּאָטשט־פערד אַפ דעמ גאַנצנ מעהאַלעך” [2]).

שעווטשענקאָ קומט אָנ לויטנ באַפעל פונ ניקאָלײַ דעמ 1־טנ פאַר א סאָלדאַט. ס'איז אינטערעסאַנט נאָכצושפּירנ, וויאַזוי שעווטשענקאָ האָט איבערגעטראָגנ זײַנ דינסט אינ דער אַרמײ פונ ניקאָלײַ דעמ 1־טנ. אינ זײַנ טאָגבוך האָט ער געשריבנ:

„אונ א בראַווער סאָלדאַט, האָט זיך מיר אויסגעוויזנ, איז ווײניקער ענלעך אַפ א מענטשנ, ווי אַנ אײזל. אָט פאַרוואָס איך האָב אַפילע אינ געדאַנק מוירע געהאַט ענלעך צו זײַנ אַפ א בראַוונ סאָלדאַט” [3]).

האָבנדיק אַזא מײנונג וועגנ די „בראַווע” סאָלדאַטנ פונ ניקאָלײַ דעמ 1־טנ, וועגנ זײער כאַראַקטער, האָט שעווטשענקאָ נאָך נידעריקער אָפּגעשאַצט דאָס צאַרישע אָפּיצערנטום. ווענ אײנער אַנ אָפּיצער האָט פאָרגעלײגט שעווטשענקאָנ, ער זאָל זיך באַזעצנ אײנײנעמ מיט אימ, האָט שעווטשענקאָ זיך פונ דעמ אָפּגעזאָגט, ווײַל פאַר אימ איז דער צאַרישער פּאָרט געווענ א „שאַנדהויז”, אונ די צאַרישע אָפּיצערנ—„שיקערע מערדער”.

אונ ס'איז קײנ כידעש ניט, וואָס אינ די זיכרוינעס פונ אוסקאָוואַ—די פרוי פונעמ קאָמענדאַנט פונ פּאָרט, ווו שעווטשענקאָ איז אָפּגעקומענ זײַנ פאַרשיקונג,—געפינענ מיר אַזעלכע ווערטער:

„די אָפּיצערנ אינ פּאָרט האָבנ טאַראַסנ ניט ליב געהאַט, ווײַל זײ האָבנ געוווּסט, אַז ער באַציט זיך צו זײ מיט פאַראַכטונג, ער האַלט זײ פאַר נאַראָנימ אונ פאַר שיקורימ. שעווטשענקאָ האָט ווירקלעך געהאַט אַזא מײנונג

---

[1]) Збірник пам'яті Т. Шевченка, Київ 1915, стор. 158,

[2]) Т. Шевченко. Дневник, изд. „Academia“ 1931.

[3]) דאָרטנ, ז. 42.

וועגנ דער מערהײַט פונ די אָפיצערנ... ער האָט ניט ליב געהאט זייער געזעלשאפט אונ האָט זיי אויסגעמיטנ...״[1].

זײַענדיק אינ דער ווײַטער פארשיקונג, האָט שעווטשענקאָ די גאנצע צײַט געטרוימט אומקערנ זיכ אפ אוקראִינע, ער האָט געטרוימט וועגנ באפרײַונג.

דערמאנענדיק איינעמ פונ די פארשיקטע, זײַנעמ א כאַווער — א לײַבײגענעמ סאָלדאט — סקאָבעליאָוונ, וואָס איז אויכ געוועזנ פונ אוקראִינע, האָט שעווטשענקאָ אינ זײַנ טאָגבוכ פארשריבנ:

„אָרעמער סקאָבעליאָוו. דו ביסט געבוירנ אונ אויסגעוואקסנ אינ געפענקעניש. ס׳האָט זיכ דיר פארגלוסט פארזוכנ די ברייטע, זיסע פרײַע פרײַהײַט, אונ דו ביסט פארפלויגנ קיינ עדיקול (אזוי רופנ, געוויינלעכ, די סאָלדאטנ די פעטראָווסקער פעסטונג), דו ביסט פארפלויגנ אינ מײַנ 7־יאָריקער טורמע, ווי א שפיל־פויגל פונ אוקראִינע, אזויווי נאָר צוליב דעמ, קעדיי דו זאָלסט מיט דײַנע זיסע טרויעריקע לידער מיר דערמאנענ מײַנ ליבע, מײַנ אָרעמע היימ״[2].

אונטערפירנדיק א סאכאקל פונ די לאנגע יאָרנ פונ זײַנ געפענקעניש, האָט שעווטשענקאָ געשריבנ אינעמ טאָגבוכ:

„איכ ווייס ניט אפ זיכער, וואָס איז די סיבע, וואָס מ׳האָט מיר אינ מעשעכ פונ 10 יאָר ניט געגעבנ אפילע דעמ טשינ פונ אנ אונטער־אָפיצער. צי אדאנק דער אנטיפאטיע, וואָס איכ פיל צומ דאָזיקנ פריווילעגירטנ שטאנד, צי אדאנק מײַנ קאלטבלוטיקער כאָכלאצקער אקשאָנעס? דאכט זיכ, אז אדאנק ביידע זאכנ. אינעמ אומפארגעסלעכנ טאָג, ווענ מע האָט מיר געמאָלדנ מײַנ אורטייל, האָב איכ זיכ געזאָגט, אז פונ מיר וועט מענ קיינ סאָלדאט ניט מאכנ. מע האָט טאקע ניט געמאכט. איכ האָב ניט נאָר טיפ, נאָר אפילע אויבערפלעכלעכ ניט דערלערנט קיינ איינ איבונג מיט דער ביקס. אונ איכ נעמ זיכ דערמיט איבער״[3].

ער האָט באוווסטזיניק אויסגעמיטנ די מושטרע. ער האָט שטאָלצירט דערמיט, וואָס זײַענדיק א לאנגע צײַט אינ פארשיקונג, צווישנ סאָלדאטשינע, האָט ער ניט באקומענ אפילע קיינ אונטער־אָפיצערישנ טשינ, ווײַל ער האָט געזענ, אז אינ דער צארישער ארמיי געפינט זיכ דער סאָלדאט אינ דער לאגע פונ א שטומער באשעפעניש.

„וואָס פאר א נימעסע אונ עקלהאפטע זאכ איז דאָס צופאסנ די אמוניציע. שוינ־זשע איז דאָס אויכ ניט דאָס לעצטע מאָל, ווענ מע פירט מיכ ארויס אפנ פלאצ ווי א שטומע באשעפעניש אפ כידושימ? א שאנד אונ א דערנידערונג. ס׳איז שווער, שרעקלעכ שווער, ס׳איז אומעגלעכ דערשטיקנ אינ זיכ די מענטשלעכע ווערדע, זיכ אוועקשטעלנ אויסגעצויגענערהייט, אויסהערנ די קאָמאנדע אונ באוועגנ זיכ ווי א טויטע מאשינ. אונ דאָס איז דאָס איינציקע אויסגעפרווטע מיטל צו טויטנ מיטאמאָל טויזנטער מענטשנ. א גענִיאלע דערפינדונג, וואָס ברענגט קאָווועד סײַ דעמ קריסטנטומ, סײַ דער אופקלערונג״[4].

---

1) Кониський. Тарас Шевченко.

2) Т. Шевченко. Дневник, изд. „Academia“, стр. 83—84.

3) דאָרטנ, ז. 41—42.

4) דאָרטנ, ז. 40.

שעווטשענקאָ האָט געהאסט די מיִעסע ניקאָלײַישע מושטרע, די גאנצע קאזארמע־זשאנדארמערישע אָרדענונג פונ ניקאָלײַ דעמ ערשטנ, וואָס האָט פארוואנדלט אינ א כײַע, אינ אנ אווטאָמאט דעמ פארקנעכטעטנ מענטשנ אינ גאנצ רוסלאנד אונ אוקראַינע.

דערציילנדיק וועגנ איינעמ א ניקאָלײַעווער סאָלדאט, ליבט אימ שעווטשענקאָ זייער שטארק דערפאר, וואָס יענער איז אָפּגעווענ 20 יאָר אינ סאָלדאטנ אונ האָט ניט דערנידעריקט זײַנ „נאציִאָנאלע אונ מענטשלעכע ווערדע”.

„אומאָפּהענגיק פונ זײַנ פּאָשעטנ אונ איידעלנ כאראקטער, האָב איכ אימ ליב געקראָגנ דערפאר, וואָס אינ מעשעכ פונ זײַנ 20־יאָריקנ סאָלדאטישנ נידעריקנ אונ עקלדיקנ לעבנ האָט ער ניט דערנידעריקט זײַנ נאציִאָנאלע אונ מענטשלעכע ווערדע, ער איז געבליבנ טרײַ זײַנ פײַנער נאציִאָנאליטעט אינ אלע הינזיכטנ” (אנדרי אָבערעמענקאָ [1]).

ווי ס'איז שוינ באווּסט, האָט שעווטשענקאָ, זײַענדיק אינ פארשיקונג, ניט אויסגעפילט ניקאָלײַ דעמ 1־טנס באפעל, וואָס האָט אימ פארבאָטנ מאָלנ אונ שרײַבנ, דערפאר האָט מענ אימ ארעסטירט אינ 1850־טנ יאָר.

דעמ 27־טנ אפּרעל 1850 האָבנ די זשאנדארמענ באזוכט שעווטשענקאָנ. אָט די אונטערזוכונג אונ דער ארעסט זײַנענ פּאָרגעקומענ אדאנק דעמ, וואָס די זשאנדארמעריע האָט איבערגעכאפּט די קאָרעספּאָנדענצ פונ לעוויצקינ, אנ אָנגעשטעלטנ אינ אָרענבורגער בײַגרענעצנדיקער קאָמיסיע, וועלכער האָט געשריבנ שעווטשענקאָנ פונ פּעטערבורג:

„דאָ זײַנענ פאראנ אסאכ אונדזעריקע... האָלאָווקאָ, א שיינע אופריכטיקע נעשאָמע, אונ ווי נאָר מיר גייענ זיכ צונויפּ, איז זײַנ ערשט וואָרט וועגנ אײַכ. ער איז א מיטארבעטער פונ זשורנאלנ אונ זייער א קלוגער יאט, א שאָד נאָר, וואָס זײַנ אופריכטיקײַט קאָנ אימ ברענגענ דערצו, אז מע זאָל אימ ערגעצ פארשיקנ, ווײַל שוינ איצט איז ער אונטערנ אופזיכט פונ דער פּאָליציי... ס'איז דאָ פאראנ אסאכ אזוינע, וואָס דערמאנענ אײַכ, אונ האָלאָווקאָ זאָגט, אז איר זײַנט אוועק, אונ אפ אײַער אָרט זײַנענ געקומענ אסאכ מענטשנ, אזש ביז 1000, וואָס זײַנענ גרייט צו שטיינ פאר אלצ, וואָס איר האָט געזאָגט, אונ וואָס עס זאָגנ אנדערע מענטשנ, פאר וועלכע דער עמעס איז אזא גרויסע אונ דערהיבענע זאכ, אז זיי וואָלטנ זיכ ניט דערשראָקנ אימ ארויסברענגענ אפילע אינ דער אָנוועזנהײַט פונ קארל איוואנאָוויטש” [2]).

דאָס דערמאנענ קארל איוואנאָוויטש איז א רעמעז אפ ניקאָלײַ דעמ 1־טנ. אז דער 3־טער אָפּטייל האָט געפונענ אזא קאָרעספּאָנדענצ, האָט ער באלד געמאכט די געהעריקע אויספירנ אונ האָט דעמ 16־טנ יול 1850 אוועקגעשיקט דעמ פּאָלקאָווניק פונ דעמ זשאנדארמענ־קאָרפּוס לעווענטאלנ, ער זאָל ארעסטירנ האָלאָווקאָנ.

אָט וואָס עס דערציילט וועגנ דעמ דער זשאנדארמ־פּאָלקאָווניק אינ זײַנ ראפּאָרט דעמ נאטשאלניק פונ דעמ 3־טנ אָפּטייל:

„ווענ איכ בינ אָנגעקומענ אפ דער קוואַרטיר פונעמ מאגיסטער האָלאָווקאָ, אונ איכ האָב אימ געמאָלדנ, אז לויט אנ אלערהעכסטנ באפעל ווערט ער

[1]) Т. Шевченко. Дневник, изд. „Academia“ стр. 132.

[2]) צענטר. ארכיוו. מאטעריאלנ פונעמ 3־טנ אָפּטייל. וועגנ שעווטשענקאָס ארעסט, 1850 יאָר.

אַרעסטירט, האָט ער צוגעזאָגט זיך באַלד אָנטאָן. ווען איך האָב באַקוקט זײַן קליי־ביק פינצטער צימערל, זײַן שלאָפצימער, אין וועלכן איך האָב קיינשום פּאַ־פּירן ניט געפונען, איז ער אַרײַנגעגאַנגען קלוימערשט צו נעמען וועש; דער קוואַרטאַל־נאַדזיראַטעל איז געשטאַנען לעבן אים, און איך האָב באַטראַכט די פּאַפּירן, וואָס זײַנען געלעגן אַפן טיש. פּלוצים האָב איך דערהערט אַ געשריי פונעם נאַדזיראַטעל: „וואָס טוט איר! וואָס טוט איר!"— איך האָב זיך אויס־געקערעוועט און האָב דערזען, אַז האָלאָווקאָ האַלט אַ פּיסטאָלעט אין דער האַנט און צילט אינעם נאַדזיראַטעל סטאָליאַראָוו, וועלכער האָט זיך אָפּגע־רוקט,— דעמלט האָט ער זיך אָנגעצילט אין מיר, און איך האָב נאָר באַוויזן זיך אַביסל אָפּרוקן פון טיש, ווען ער האָט אין מיר אויסגעשאָסן. איך האָב גערופן דעם גאָראָדאָווױ דעם אונטער־אָפיצער, קעדריי אײַנײַנעם מיט אים אַנט־וואָפּענען האָלאָווקאָן, האָט ער פאַרמאַכט די טיר, און באַלד האָט זיך דער־הערט דער צווייטער שאָס;— איך האָב אופגעבראָכן די טיר און דערזען אים ליגנדיק אַפן דיל אין בלוט. די דאָקטוירים, וואָס מ'האָט באַלד גערופן, האָבן פעסטגעשטעלט, אַז ער האָט זיך אויסגעשאָסן אין מויל, און ער איז שוין געווען טויט, ווען זיי זײַנען געקומען" [1]).

ווען די זשאַנדאַרמען האָבן אופגעדעקט לעוויצקיס קאָרעספּאָנדענץ צו שעווטשענ־קאָן און האָבן אָנגעטראָפן אַפּ האָלאָווקאָן, האָבן זיי געהאָפט צו געפינען אַ נײַעם אַנטימעלוכישן פאַראַט. פאַר דעם איניקע האָט זיך גענומען דער גענעראַל־אַדיוטאַנט אָרלאָוו — דער שעף פון די זשאַנדאַרמען, און האָט דורכגעפירט אַן אויספאָרשונג בײַ דעם אָנטייל פונעם צאַר ניקאָלײַ דעם 1־טן.

ווען שעווטשענקאָ איז אין 1850־טן יאָר געוואָרן אַרעסטירט, האָט ער פאַר־שריבן:

„דער לעצטער דורכפאַל האָט מיך אַזוי אַנטמוטיקט, אַז איך האָב פאַרלאָרן וועלכע ס'איז האָפענונג כאָטש אַפּ דער קלענסטער פאַרלײַכטערונג פון מײַן עקלהאַפטיקן גורל. מע זאָל מיך כאָטש אַרויסשלעפּן פון אָט דעם פאַרשאָלטע־נעם נעסט" [2]).

איבער שעווטשענקאָן האָט מען אײַנגעשטעלט אַ שטרענגן אופזיכט. דאָס איז צו זען שוין דערפון, וואָס אָנהייבנדיק פון 1850־טן יאָר אַזש ביז 1857 האָט ער אָנגעשריבן נאָר איין קליין פּאָעטיש ווערק. בלויז נאָכן טויט פון ניקאָלײַ דעם 1־טן האָט זיך זײַן לאַגע געביטן, כאָטש אינעמעסן האָט דער טויט פון ניקאָלײַ דעם 1־טן ניט אַראָפּגענומען די געפענקעניש־קייטן פון שעווטשענקאָן. ווען צו דער מאַכט איז געקומען אַלעקסאַנדער דער 2־טער, ווען ער האָט מיט אַ דעמאַגאָגישן ציל געגעבן אַמניסטיע אַ געווינסן טייל פון די פּאָליטישע פאַרשיקטע, האָט ער פונעם צעטל, ווו ס'איז געווען שעווטשענקאָס נאָמען, אייגנהענטיק אויסגעמעקט זײַן פאַמיליע און געזאָגט דערבײַ: „אָט דעם קאָן איך ניט מויכל זײַן, דערפאַר ווײַל ער האָט באַ־ליידיקט מײַן מוטער".

[1]) צענטר. אַרכיוו. מאַטעריאַלן פון דעם 3־טן אָפּטייל. וועגן שעווטשענקאָס אַרעסט, 1850.

[2]) Т. Шевченко. Листування, т. III, ДВУ, 1929.

שוין „א באפרײַטער", אין דעם צארישן פעטערבורג, האָט שעווטשענקאָ שארף געפילט זײַן קנעכטישע לאגע.

דעם טרויער נאָך זײַן פאָטערלאנד, וואָס די רוסישע צארן האָבן עס פארקנעכטעט, וואָס די רוסישע און אוקראַינישע פאנעס האָבן עס אונטערדריקט, האָט שעווטשענקאָ געפילט זײַן גאנצן לעבן.

די באציִונג פון דעם צארישן רוסלאנד צו שעווטשענקאָן, נאָכדעם ווי ער האָט זיך אומגעקערט פון דער פארשיקונג קיין פעטערבורג, קען אין א געוויסער מאָס כאראקטעריזירן אזא בריוו פונעם הויף־מיניסטער גראף אדלערבערג:

„דער הויפט־נאטשאלניק פון דעם 3־טן אָפטייל פון דער פערזענלעכער קאנצעלאריע פון זײַן מאיעסטעט האָט מיר געגעבן צו וויסן, אז לויט דעם אלונטערטעניקסטן באריכט וועגן דערלויבן דעם אויסגעדינטן סאָלדאט שעווטשענקאָ וווינען אין ס.־פעטערבורג און, קעדיי ער זאָל זיך פארפולקומען אין מאָלערײַ, דערלויבן אים באזוכן די קלאסן פון דער אקאדעמיע, האָט דער קייסער דער אימפעראטער באוויקלט אף דער דאָזיקער באקאָשע ארויסזאָגן זײַן אלערגנעדיקסטע דערלויבעניש. נאָר דערבײַ זאָל שעווטשענקאָ דאָ אונטערגעוואָרפן ווערן דעם שטרענגסטן פאָליציייִשן אופזיכט און די נאטשאלסטווע פון דער אקאדעמיע זאָל האָבן די געהעריקע נאָכשפירונג, קעדיי ער זאָל ניט קענען אָנווענדן צו בייזן זײַן טאלאנט" [1].

שעווטשענקאָ איז געווען אונטערן פאָליציייִשן אופזיכט. שעווטשענקאָ האָט גוט געוווּסט און געפילט, אז נאָך אים גייען נאָך, ווי א שאָטן, די צארישע שפּיאָנען, אז נאָך יעדער טראָט זײַנעם שפירן נאָך זשאנדארמען, און דאָס האָט זייער שווער געווירקט אף אים, ער האָט דאָס איבערגעוויינלעך שווער איבערגעלעבט. ער איז אָפט געווען טרויעריק און איז די גאנצע צײַט געווען אין א געדריקטער שטימונג.

פאָלאָנסקי, א מיטארבעטער פון „סאָווריעמעניק", האָט אזוי כאראקטעריזירט שעווטשענקאָס שטימונגען אין יענער צײַט:

„ס'האָט זיך אויסגעוויזן, אז די אלטע אײַנגעוואָרצלטע פײַנטשאפט צו אלדאָס פריצישע האָט אין אים געלעבט אף אזויפיל, אז שוין דאָס פירן באקאנטשאפט מיט פריצים און מיט פריצישע טעכטער האָט ער געהאלטן פאר א זאך, וואָס זיי זײַנען דאָס ניט ווערט. ער איז א דעמאָקראט ניט אין טעאָריע, ניט לויט זײַן קוק אפן לעבן, נאָר, אזוי צו זאָגן, א דעמאָקראט לויט זײַן נאטור. אין זײַן דעמאָקראטיזם וואָלט ער זיך פונקט אזוי ניט געקאָנט אָפגעבן קיין דינוועכעזשבן, ווי אין זײַן ניט־ווילנדיקן ארײַנדרינגען אין גײַסט פון די אוקראַינישע פאָלקס־דומעס און פאָלקס־לידער, וואָס דאָס האָט געשאפן דעם כאראקטעריסטישן שטריך פון זײַן מוזע". „דאָס לעצטע מאָל איז שעווטשענקאָ בא מיר געווען אינאָוונט אין א שטארק אופגערעגטן צושטאנד; ער האָט דערמאנט זײַן יוגנט, זײַנע קרוווּים, וואָס זײַנען נאָך לײַבייגענע, און האָט געקריצט מיט די ציין... צום סאָף האָט ער א קוויטש געטאָן און האָט אזא קלאפ געטאָן מיטן פויסט אין טיש, אז די גלעזער מיט טיי זײַנען ארופגע־

[1] צענטר. ארכיוו. מאטעריאלן פון דעם 3־טן אָפטייל.

פליגן אפן דיל און האָבן זיך צעבראָכן אפ שטיקלעך. אין דער רעגע האָב איך אים ניט געקענט טרייסטן, און איך האָב עס אויך ניט געוואָלט, ווײַל איך האָב פולקום מיטגעפילט זײַן האס צו יעדער מין קנעכטשאפט" [1].

אין זײַן בריוו צו זײַנע קרויווים אין 1859־טן יאָר האָט שעווטשענקאָ וועגן זיך אזוי געשריבן:

„מיט לײַב און לעבן בין איך א זון און א לײַב־ברודער פון אונדזער אומגליקלעכן פאָלק; איז ווי־זשע קען איך זיך פאראייניקן מיטן הינטישן פריצישן בלוט?" [2].

אז שעווטשענקאָ איז קעגן דעם „הינטישן פריצישן בלוט", אז ער איז מיט לײַב און לעבן א זון פונעם אומגליקלעכן פארקנעכטעטן פאָלק, דאָס האָבן גוט פארשטאַנען די פאָרשטייער פון דעם צארישן רוסלאנד.

דער נאטשאלניק פון דעם 3־טן אָפטייל דובעלט האָט צווישן אנדערן אזוי געשריבן וועגן שעווטשענקאָן:

„וואָס קען דאָס זײַן פאר א גוטע געזעלשאפט, אין וועלכער עס איז געווען טאראס שעווטשענקאָ".

אויב מיר זאָלן זיך דערמאנען, ווי·אזוי דובעלט האָט זיך באצויגן צו די געזעלשאפטלעכע קרײַזן, וואָס האָבן געפירט א קאמף קעגן צאריזם, וועט לײַכט זײַן צו פארשטיין, פארוואָס האָט ער אזוי כאראקטעריזירט שעווטשענקאָן.

ווען שעווטשענקאָ איז דאָס לעצטע מאָל געקומען קיין אוקראַינע, האָט דער טשערקאסער זעמסקער איספראווניק טאבאטשניקאָוו דעם 13/7 — 1859, אין זײַן ראפּאָרט דעם גובערנאטער, געגעבן צו וויסן אזוינס:

„ווי נאָר איך האָב באקומען די פאראָרדענונג פון זײַן עקסעלענצ וועגן אופזיכט איבערן אויעזד אפן פאל פון שעווטשענקאָס קומען, האָב איך עס באשטעטיקט וועמען מע דארף און אָנגעוויזן, אז ס'איז נייטיק שטרענג נאָכשפירן נאָך שעווטשענקאָס אופירונג" [3].

און ווײַטער גיט ער צו וויסן דעם גובערנאטער וועגן שעווטשענקאָס אופירונג בײַס זײַן רײַזע קיין מעזשיריטשי:

„ווײַזנדיק סאדאָווין א בלאט, וואָס ער האָט נאָרוואָס אָפּגעריסן פון א לינדנבוים, האָט שעווטשענקאָ אים געפרעגט אפ קליינרוסיש: „ווער האָט דאָס געגעבן?" און ווען סאדאָווי האָט געענטפערט, אז גאָט, האָט שעווטשענקאָ זיך אָפּגערופן: „נאר, דו גלייבסט אין גאָט". — און דערנאָך האָט ער צוגעגעבן: „זאָל גאָט צוואָעס, זאָל ער מיך קושן..." און דערבײַ אָנגעוויזן אפן הינטערכיילעק. דערנאָך האָט ער אָנגערופן גאָטס מוטער זוינע...

צווישן די אָפיציאליסטן פונעם מעזשיריטשער גוט האָבן זיך פארשפרייט קלאנגען, אז שעווטשענקאָ האָט כוטש גאָטלעסטערונג נאָך געזאָגט, אז מ'דארף ניט קיין קייסער, ניט קיין גאלאָכים און ניט קיין פריצים" [4].

---

1) Полонский. Воспоминания о Шевченко. „Кобзар" т. II. Прага 1876.

2) Т. Шевченко, т. III. Лист до Варфоломея Шевченка стор. 178.

3) צענטר. ארכיוו. מאטעריאלן פון דעם 3־טן אָפטייל.

4) דאָרטן.

דער איספראווניק טאבאטשניקאָוו גיט צו וויסנ, אז באלד ווי ער האָט באקומענ אָט די יעדיִעס, האָט ער טייקעפּ איסגעפרעגט די פויערימ, דערנאָכ האָט ער אויס־געפרעגט שעווטשענקאָנ אַליינ.

וועגנ דעמ אויספרעגנ שעווטשענקאָנ גיט טאבאטשניקאָוו צו וויסנ:

„אפּ די פראגעס וועגנ די אומשטאנדנ פונ דער באשולדיקונג, וואָס מע האָט קעגנ אימ ארויסגעשטעלט, האָט שעווטשענקאָ אַליינ געענטפערט, אז ער האָט, אפּ וויפל ער געדענקט, קיינ שומ בייז ניט גערעדט, ניט פאר די אָנגעוויזענע דוואָריאנעס, ניט פאר דעמ פויער סאדאָווי, אז ער איז גאָר ניט פייִק אפּ אזעלכע ארויסטרעטונגענ, אינ וועלכע מע באשולדיקט אימ, אז ער ווייסט גוט זייַנ באציִונג צו דער רעגירונג, אונ ווייסט, אז מע שפירט נאָכ נאָכ אימ"[1].

ס'איז גאנצ קלאָר, פארוואָס דער גענעראל דובעלט האָט אינ זייַנע נאָטיצנ (אינעמ 1862־טנ יאָר) וועגנ שעווטשענקאָנ אזוי געשריבנ:

„אפּנ דענקמאָל פונעמ טויזנטיאָריקנ יאָרטאָג פונ רוסלאנד איז דאָ א מיי־נונג אויסצומאָלנ אפּנ בארעליעפּ די מענער, וואָס האָבנ מיטגעהאָלפנ מיט זייי־ערע העלדנטאטנ, אז די רוסישע מעלוכע זאָל בארימט ווערנ, אונ צווישנ זיי האָט מענ אוועקגעשטעלט אויכ טאראס שעווטשענקאָנ. אונדזערע ליטעראטנ האָבנ באוויזנ צוגעבנ אָט דער פערזאָנ עפּעס א גלאנצ, וועלכנ ער פארדינט אינגאנצנ ניט. די ליטעראַרישע ווערט פונ אָט דעמ נישטיקנ מענטשנ באשטייט אינ עטלעכע קליינרוסישע לידער אונ דערציילונגענ אפּנ אלטנ קליינרוסישנ דיאלעקט, וועלכנ איצט פארשטייט שוינ קימאט קיינער ניט. איכ דענק ניט, אז אָט די לידער אונ דערציילונגענ זאָלנ קענענ מיטהעלפנ רוסלאנדס רומ... זייַנ עקלדיקער אויסערלעכער אויסזענ, זייַנ גראָבע, ניט־ארומגעטעסעטע פוי־ערשע שפראכ, אינ א לײַטישנ הויז וואָלט א ביזויענ געווענ האָבנ אזא דוואָרניק. אונ אָט־אָ דעמ מענטשנ האָבנ די אוקראַינאָפילנ באוויזנ ארויס־צושטעלנ, ווי די רומ, די ערע אונ דאָס שײַנדל פונ קליינרוסלאנד, אונ אונ־טער דער מאסקע פונ דער געזעלשאפטלעכער מיינונג באליידיקנ, פארפאטש־קענ מיט זייַנ צורע דעמ דענקמאָל פונעמ טויזנטיאָריקנ יאָרטאָג פונ רוסלאנד.

ווענ אינ ענלעכע פאלנ וואָלט געווענ אײַנגעפירט, אז איידער עפּעס ענדגיל־טיק צו באשטימענ, זאָל מענ זיכ ווענדנ אינ דעמ 3־טנ אָפּטייל פונעמ קייסערס קאנצעליאַריע, קעדיי דערוויסנ זיכ, אזוי צו זאָגנ, וואָס ס'טוט זיכ בא יענעמ אונטער די נעגל, וואָלטנ אונדזערע גראמענ־פלעכטער ניט געהאט קיינ מעגלעכקייַט אזוי פארקריפּלענ דעמ עמעס אונ אזוי כוצפּעדיק אָפּנארנ די רעגירונג"[2].

אזוי האָט זיכ געשטעלט ניקאָלײַ דעמ 1־טנס רוסלאנד, דאָס אדעליק־פּריצישע רוסלאנד צו שעווטשענקאָנ. עס האָט געזענ אינ שעווטשענקאָנ א גרויסנ קויעכ, וואָס שפּיגלט אָפּ די שטימונגענ, די שטרעבונגענ פונ דער פויערשער פארקנעכטעטער מאסע, א קראפט, וואָס רופט די מאסנ צו אופשטאנד.

---

[1]) צענטר. ארכיוו. מאטעריאלנ פונ דעמ 3־טנ אָפּטייל.

[2]) נאָטיצנ פונעמ גענעראל דובעלט („Голос минувшего" 1913, № 3, стр. 171).

# 4

ס'וואָלט געווען ניט ריכטיק צו באהאנדלען די גאנצע שאפונג שעווטשענקאָס, ווי א שאפונג, וואָס האָט פון אָנהייב ביזן סאָף אן איינהייטלעכע ליניע.

אין שעווטשענקאָס שאפונג, באזונדערס פונעם ערשטן עטאפ, זעען מיר די אידעאליזאציע פון דער פארגאנגענהייט. שעווטשענקאָ האָט ארום זיך געזען קנעכטשאפט, ווילקיר פון ניקאָלײַ דעם 1־טנס אימפעריע, ער האָט געזען, ווי די רוסישע, אוקראַיִנישע און פוילישע פריצים איזדעקעווען זיך איבער די פילמיליאָניקע לײַבייגענע, און ער האָט געטראכט וועגן אן אופשטאנד. אָבער אין זײַנע ערשטע ווערק האָט ער זייער אָפט געווענדעט זײַנע בליקן צוריק צו דער פארגאנגענער געשיכטע פון אוקראַיִנע. אים האָט זיך אויסגעוויזן, אז אין דער דאָזיקער פארגאנגענהייט וועט ער פאר אוקראַיִנע געפינען די באפרײַונג, ער וועט געפינען ווילטאָג. מיט ליבע דערמאנט ער די העטמאנעס. ער האָפט, אז די העטמאנעס קענען פירן אוקראַיִנע אף די וועגן פון ארויפוואָרפן די קנעכטשאפט. ער באטראכט דאָס קאָזאקנטום, ווי אן איינהייטלעכע סאָציאַלע קראפט, און די העטמאנעס שיידט ער ניט אונטער פון דער קאָזאקישער אָרעמקייט. ער האָפט אזויארום שאָלעם מאכן צווישן די העטמאנעס און צווישן די קאָזאקישע האָלעדראנצעס.

„אין קיִעוו אף פאָדאָל  
אויסגעוואקסן איז אמאָל,  
אָן כאָלאָפן און אָן פאנעס,  
אליין און פאר זיך אין זשופאן  
אונדזער ברידערלעכע פרײַהייט  
און מיט סאמעט שפרייט די שליאכן,  
און מיט זײַד דערנאָך פארשפרייט זי,  
טרעט ניט אָף דעם וועג א צווייטן". („דער מאָנאך")

און אין די „הײַדאמאקעס" זאָגט ער מיט יארעמאס ווערטער:

„אוי, דניעפער, מײַן דניעפער, דו גרויסער און שווערער, —  
אסאך האָסטו, טאטע, געטראָגן צום יאם  
דאָס בלוט דאָס קאָזאקישע—וועסט טראָגן נאָך מערער!  
גערויטלט דעם בלויען, געזעטיקט אים קאם, —  
די נאכט ווערסטו זויפן; א יאָנטעוו — א גענעם  
אף גאנץ אוקראַיִנע די נאכט וועט צעפלאמען;  
און אסאך, און אסאך וועט אין אָוונט אין יענעם  
אסאך רינען בלוט פון שליאכטישע שטאמען.  
אין גאָלדענע זשופאנעס שטייען אוף די העטמאנעס,  
עס לעבט אוף דער קאָזאק, עס וועט קלינגען זײַן ליד".

שעווטשענקאָ, ווי מיר זעען, האָט צומאָל געהאָפט, אז די העטמאנעס אין די גאָלדענע זשופאנעס וועלן געבן פרײַהייט די פארקנעכטעטע מאסן. אָט די נאציאָנאליסטישע עלעמענטן פון שעווטשענקאָס שאפונג האָבן אָפגעשפיגלט די ווירקונג פונעם אוקראַיִנישן פאָרעץ, וואָס האָט, אונטערדריקנדיק דאָס אוקראַיִנישע פארקנעכטעטע פויערטום, געטרוימט וועגן דעם, אז ער זאָל איינער אליין עקספלואטירן אָט

דאָס פויערטום, ער זאָל אליינ הערשנ אפ אוקראַינע, אונ ניט האָבנ די קאָנקורענצ פונ די רוסישע, פוילישע אונ יידישע פריצים.

אָט דאָס נאציאָנאליסטישע ראָמאנטיזירנ די פארגאנגענהייט פונ אוקראַינע איז געווענ א רעזולטאט פונ דער ווירקונג פונעמ אוקראַינישנ פריצנטום, וואָס האָט גע־וואָלט אויסנוצנ שעווטשענקאָנ אינ זיינע קלאסנ־אינטערעסנ. טאקע פאר אָט די עלעמענטנ כאפט זיכ אָנ די נאציאָנאליסטישע באנדע פונ די פעטליוראָווצעס, קעדיי אויסצושטרייכנ שעווטשענקאָס גאנצע שאפונג אונ טעטיקייט, וואָס איז אינ גרונט געווענ געווענדעט אפ אָפּצושפּיגלענ די שטרעבונגענ פונ די ברייטע ארבעטנדיקע מאסנ, די שטרעבונגענ פונעמ פארקנעכטעטנ פויערטומ אונ אופהייבנ דאָס פויערטום צום קאמפ קעגנ די פריצים פונ אוקראַינע, פוילנ אונ רוסלאנד.

ארויסהייבנדיק אָט די נאציאָנאליסטישע עלעמענטנ פונ שעווטשענקאָס שאפונג, באמיענ זיכ די אוקראַינישע נאציאָנאליסטנ אויסנוצנ אימ אינ קאמפ קעגנ דער פראָ־לעטארישער רעוואָליוציע. זיי ווילנ פארקנעכטנ דאָס פויערטום.

שעווטשענקאָ האָט געקעמפט קעגנ דעמ רוסלענדישנ צאריזמ, קעגנ דער צארישער מאָסקווע אונ קעגנ דעמ צארישנ פעטערבורג, וואָס זיינענ געווענ א סימבאָל פונ לייבייגנטומ, א סימבאָל פונ דער צארישער טורמע פאר די פעלקער, וועלכע האָבנ גע־ווינט אינעמ דעמאלטיקנ רוסלאנד. די אוקראַינישע פריצים, די פעטליוראָווצעס, די פאשיסטנ קעמפנ קעגנ דער סאָציאליסטישער מאָסקווע אונ קעגנ דעמ סאָציאליס־טישנ לענינגראד, וואָס זיינענ א סימבאָל פונ דער באפרייונג פונ די ארבעטנדיקע מאסנ פונ דער גאָרער וועלט פונ אונטערנ יאָכ פונ קאפיטאליזמ, פונ אונטערנ יאָכ פונ קנעכטשאפט.

אומקערנדיק זיכ פונ פארשיקונג, האָט שעווטשענקאָ אינ זיינ טאָגבוכ פאר־צייכנט:

„די פויערימ פונעמ גוטבאזיצער דעמידאָוו, פונ דעמ זעלבנ מענוואָל דע־מידאָוו, וועלכנ איכ האָב געקענט אינ גאטשינע אלס א יונקער — א קיראסיר אינ 1837־טנ יאָר אונ וועלכער האָט דעמאלט מיר ניט באצאָלט דאָס געלט פארנ פּאָרטרעט פונ זיינ קאלע, — איצט, נאָכדעמ ווי ער האָט פארשווענדעט זיינ פארמעגנ ביזנ לעצטנ גראד, לעבט ער אינ זיינ דאָרפ אונ ראבעוועט די פויערימ. די שטילע פויערימ, אָנשטאָט דעמ זיי זאָלנ פראָסט נעמענ אונ אופהענגענ זייער רויבער, זיינענ זיי געקומענ צום גובערנאטער בעטנ גערעכטיקייט, אונ דער גובערנאטער איז דאָכ ניט קיינ נאר, האָט ער זיי דערפאר געהייסנ אָפּשמייסנ, קעדיי גערעכטיקייט זאָלנ זיי זוכנ לויט דער נאטשאלסטווע, ד. ה. זיי דארפנ אָנהייבנ פונעמ סטאנאָווױ“ [1]).

דער דאָזיקער רופ צו הענגענ די אוקראַינישע אונ רוסישע פריצימ גייט דורכ דורכ שעווטשענקאָס גאנצער שאפונג פונ אָנהייב ביזנ סאָפ.

אינ דער צייט, ווענ אזעלכע אוקראַינישע פריצים, ווי קוליש, בילאָזערסקי, מאר־קאָוויטש, האָבנ מוירע געהאט פאר פאָלקס־אופשטאנדנ אונ זיינענ געווענ דערפאר, אז די דאָזיקע אופשטאנדנ זאָל מענ דערשטיקנ אונ מע זאָל שטיצנ די פריצים, —

[1]) Т. Шевченко. Дневник, изд. „Academia“, 1931, стр. 212—213.

האָט שעווטשענקאָ אין זײַן שאפונג, אין זײַן ארבעט גערופן די ארבעטנדיקע פאָלקס־מאסן צו אופשטאנדן קעגן זײערע אונטערדריקער.

ניט אזוי האָבן געלערנט צו שטעלן זיך צו די פּריצים קוליש, בילאָזערסקי און אנדערע. קוליש האָט מוירע געהאט פאר אופשטאנדן. ער האָט געוואָלט שאפן א פּריצישע מאכט.

„מיר האָבן געוווּסט, אז אין ענגלאנד איז ניט דאָס רעכט און ניט דער דעקרעט, נאָר די קולטור האָט פארניכטעט דאָס לײַבײגנטום, און מיר האָבן פריִער פון אלץ געוואָלט זיך דערשלאָגן, אז די אוקראַינישע פּריצים זאָלן פארזוכן פונעם געטלעכן בעכער פון וויסן אזוי ערפאָרכטיק, ווי דאָס האָבן מיר געטאָן, און אז פארזוכנדיק זאָלן זײ אויך אזוי אײַנזען די גרויסע כסאָדים פון גאָט און זײ זאָלן זיך אָנפילן מיט זײַן גוטסקײַט צום לײַבײגענעם, ווי מיר פארשטײען" [1].

אָט וויאזוי קוליש האָט אפעלירט צו „קולטור", צום „געטלעכן בעכער פון וויסן", צו „גאָט דעם האר".

ווען קוליש דערציילט וועגן שעווטשענקאָן, ווען ער רעדט וועגן די שיכטן פון אוקראַינישן פּריצנטום, וואָס זײַנע שטרעבונגען האָט ער, קוליש, אָפּגעשפּיגלט,—באַצײכנט ער:

„מיט יוגנטלעכער סוביעקטיוקײַט האָבן מיר זיך פאָרגעשטעלט, אז נאָך דעם ווי אונדזערע גוטבאַזיצער וועלן פארזוכן פונעם געטלעכן בעכער פון וויסן און וועלן זען, ווי גרויס ס'איז גאָטס כעסעד, וועלן זײ זיך דורכדרינגען מיט זײַן גוטסקײַט צום מוזשיק אומפארגלײַכלעך גיכער, אײדער דער, וואָס אף אים ליגט די אײביקע פאראנטוואָרטלעכקײַט פארן גורל פון די אונטערדריקטע" [2].

קוליש, ווי א פאָרשטײער פון די אוקראַינישע מאגנאטן, ווען ער איז געשטאנען אין א געוויסן זין אין אָפּאָזיציע צום רוסישן צאריזם, איז דאָס ניט דערפאר, ווײַל ער איז געווען פאר דער פּויערשער רעוואָליוציע, נאָר דערפאר, וואָס, אָפּשפּיגלענדיק די אינטערעסן פונעם אוקראַינישן פּריצנטום, האָט ער געוואָלט, אז די אוקראַינישע פּריצים זאָלן זעלבשטענדיק עקספּלואטירן דאָס אוקראַינישע פּויערטום.

צי קען מען דען פארגלײַכן די דאָזיקע געדאנקען קולישס מיט דעם, וואָס שעווטשענקאָ האָט פארצײכנט אין זײַן טאָגבוך, ווען אומקערנדיק זיך פון פארשיקונג, האָט ער דערהערט דעם פידלער—„דעם לײַבײגענעם פאגאניני"?

„פון דײַן אָרעמען פידל פליִען ארויס קרעכצן פון א געשענדעטער נעשאָמע פונעם לײַבײגענעם און זײ גיסן זיך צונויף אין אײן לאנגן מאָרעשכוירעדיקן טיפן קרעכצן פון מיליאָנען לײַבײגענע" [3].

מיט די דאָזיקע ווערטער, מיט די דאָזיקע געדאנקען זײַנע האָט ער אָפּגעשפּיגלט דעם נעשאָמע־צושטאנד פון די פארשקלאפטע מאסן אף די שטעכן פונעם אלטן צארישן רוסלאנד.

---

1) П. Куліш. Спогади про Т. Шевченка, вид. „Лім" 1930, стор. 43—44.

2) דאָרטן, ז. 31.

3) Т. Шевченко. Дневник, изд. „Academia", 1931, стр. 151.

א בײַשפּיל פון דעם, וויאַזוי שעווטשענקאָ האָט געשילדערט אין זײַן פּאָעמע דאָס דעמאָלטיקע פאַרקנעכטעטע דאָרף, זײַנען אַזעלכע שורעס:

„אַמאָל אין זומער, ווי אין ווינטער,
עס שפּילט מוזיק, און ווײַן עס רינט דאָרט —
א טײַכ. און געסט ניט ווערנ זאַט.
דער פירשט, אַזש בלאָוו, ער שפּאַנט און גרויסט זיך
און גיסט אונטער די ניט־דרייסטע
און שרײַט אַלץ אויס: „וויוואַט! וויוואַט!"
דער רײַכער פירשט, די געסט זיי הוליען, —
און אַפּנ דיל זיך אַלע קוליען.
און מאָרגנ איז א לעבנ ווידער,
און ווידער טרינקט מען און מע פרייט זיך.
און טעג נאָך טעג אַזוי זיך שפּרייטנ,
נעשאָמעס פויערשע אַזש שמאַכטנ,
די ריכטער בעטנ גאָט און וואַרטנ, —
שיקורים האַלטנ אין איינ שרײַענ:
„דער פירשט — א גאָלדנ האַרצ ער האָט,
א פּאַטריאָט, וויוואַט! וויוואַט!"
און ער, דער פרײַנט, דער פּאַטריאָט,
דאָס רינד, דאָס קינד באַם פויער זוכט,
און גאָט, ווײַזט אויס, ער ווייסט ניט גאָט.
און עפּשער, יאָ, ער שווײַגט און ער דערלויבט!" („די פירשטנ")

דאָס פויערטום שלעפּט דעם יאָכ פון קנעכטשאַפט, און אַפּ זײַן רוקנ וואַקסנ די פּריצישע אויסוווּרפנ. זיי טרינקענ, זיי פאַרשפּרייטנ אויסגעלאַסנקײַט. די אוקראַיִנישע פּריצים האָבנ ליב אַרויסצושטעלנ זייער „פּאַטריאָטיזמ", אין דער זעלביקער צײַט שינדנ זיי די לעצטע הויט פון דעם אוקראַיִנישנ פויערטום.

אין דער צײַט, ווענ די אוקראַיִנישע פּריצים און קאָלערליי פּריצישע אונטערשטור־פּער, ווענ די רוסישע גוטבאַזיצער האָבנ געשילדערט דאָס אוקראַיִנישע דאָרפ ווי א גאַניידנ, האָט שעווטשענקאָ, ווי באַוווּסט, אין זײַנ ווערק „א כאָלעמ" געגעבנ גאָר אַנ אַנדער כאַראַקטעריסטיק פון דער לאַגע פונעמ דאָרפ, פון דער לאַגע פונעמ פאַר־שקלאַפטנ פויערטום.

שעווטשענקאָ שטאַמט פון די סאַמע נידעריקע שיכטנ, פונעמ פאַרשטויסענעמ, פאַרקנעכטעטנ פויערטום. ער האָט אַלייג איבערגעלעבט אָט דעם „גאַניידנ" פון די לײַבײַ־גענע. ער האָט געזענ בלויז אומגליק, בלויז דעמ געוויינ אין דאָרפ. ער האָט געשריבנ:

„דו זע נאָר, אָט דאָרטנ, אין יענעם גאַניידנ —
מע רײַסט פון א קאַליקע די סוויטע אין לאַטעס,
מע רײַסט מיט דער הויט — די פירשטלעך באַקליידנ,
פאַר צינש אַנ אַלמאָנע פאַרפײַניקט דאָרט, קאַטעס!
דעם זון, דעם בעניאָכיד פאַרקאָוועט אין קייטנ, —
די איינציקע האָפענונג! — פאַרשיקט אין סאָלדאַטנ.
ווײַזט אויס, ס'איז נאָך ווינציק... און דאָרט אונטער פּלויטנ,
פון הונגער געשוואָלנ, א קינד האַלט באַם שטאַרבנ, —
די מוטער אַפּ פּאַנשטשינע בינדט ווייצענע גאַרבנ.
און דאָרטנ זעסטו?..."

... מיט דעם קינד דעם מאמזער
לעבן פלויט דאָרט די פארפירטע —
עס פארטרייבן טאטע־מאמע,
פרעמדע שליסן טירן...
בעטלערס מיידן אויך זי אויס!
דער פאניטש—וואָס הערט ער:
שוין דער צוואנציקסטער דאָס לעבן
פאטערט ער, דער מערדער!" („א כאָלעם")

געפינענדיק זיך אין פארשיקונג, האָט שעווטשענקאָ געשריבן:

„ניט ווארעמט אין דער פרעמד די זון מיך,
און אינדערהיים שוין צופיל ברענט;
ניט פריילעך איז מיר אויך געווען
אף אונדזער ווילער אוקראַינע". („ניט ווארעמט...")

ווי מיר זעען, איז שעווטשענקאָ ניט פריילעך געווען אין דער פרעמד, עס איז אים אויך ניט פריילעך געווען אינעם פארשקלאפטן אוקראַינישן דאָרף, ווייל

„און ניט נאָר אין יענעם דאָרף,
נאָר אומעטום אף אוקראַינע
דאָס פאָלק פאריאָכן פאלשע פאנעס...
אין יאָכן קומען אום און קומען אום
די יונגע ריטערישע זין!..." („איך בין אויסגעוואקסן...")

ווענדנדיק זיך צו דער אוקראַינישער ארבעטנדיקער באפעלקערונג, האָט דער פּאָעט געשריבן:

„באגאנוועט איז דאָס פאָלק.
די בייזע פאלשע פאנעס אומעטום...
וואָס דארפן זיי אים, דעם קאָזאקישן
דעם גרויסן רום?..." („א כאָלעם")

אין זיין ווענדונג „צו די טויטע, צו די לעבעדיקע און צו די ניט־געבוירענע לאנדסלייט מיינע אין אוקראַינע און אויסער אוקראַינע"... האָט שעווטשענקאָ געשריבן וועגן דעם אוקראַינישן פריצנטום, אז די פריצים

„אין שווערן יאָך זיי שפאנען מענטשן,
זיי צעאקערן דאָס בייזע,
און דאָס בייזע זיי פארזייען".

ווענדנדיק זיך צו די דאָזיקע פריצים און צו די פריצישע דינער, וואָס שרייען וועגן פרייהייט, וועגן ברידערלעכקייט, און אין דער ווירקלעכקייט דריקן זיי די פויערשע מאסן, נארן זיי און באגאנווענען זיי, האָט שעווטשענקאָ געשריבן:

„און בייגן בייגט איר זיך, ווי פריער,
און ווידער רייסט איר זיי די הויט
פון ברידער בלינדע, גריקע־זייער". („צו די טויטע, צו די לעבעדיקע...")

שילדערנדיק דאָס בילד פונעם אוקראַינישן פארשקלאפטן דאָרף, האָט שעווטשענקאָ גלייכצייטיק געדראָט די פריצים:

„איר באדענקט זיכ, צו לײַטנ זײַט גלײַכ,
אויב ניט—איז ווי וועט זײַנ צו אײַכ:
עס וועלנ אינגיכנ צעשמידנ די קייטנ
די פארקאָוועטע מענטשנ;
דער מישפעט גייט, עס וועלנ ריידנ
די בערג, דער דניעפּ!
מיט הונדערטער שטראָמענ
זיכ גיסנ ביז צו יאמענ
וועט דאָס בלוט פונ אײַערע קינדער...” (דאָרטנ)

שעווטשענקאָ רופט צום געריכט, ער טרוימט וועגנ הונדערטער שטראָמענ פריציש בלוט.

געבנדיק א געשטאַלט פונ א באטראק, וועלכער בידעוועט בא זײַנ ארבעט אפּנ פּאָרעצ, דערמאנענדיק זיכ אָנ די קינדער־יאָרנ, ווענ ער אליינ האָט געפּאשעט די פּריצישע טשערעדע, זאָגט שעווטשענקאָ:

„כ׳קוק זיכ אום אפ מײַנע שעפעלעכ —
שעפעלעכ ניט מײַנע;
כ׳קער זיכ אויסעט צו די כאטעס —
כ׳האָב ניט ווו ארײַנגייג”. („דאָס דרײַצנטע איז מיר געוואָרנ”)

אינ אָט די עטלעכע ווערטער זײַנעג אויסגעדריקט די גרויסע לײדנ פונעם לײַבײגענעמ, וואָס האָט גאָרנישט ניט פארמאָגט און האָט דאָס גאנצע לעבנ פארבראכט אינ קנעכטשאפט.

מיט גרויסער קראפט, מיט גרויס געפיל האָט שעווטשענקאָ איבערגעגעבנ אינ זײַנע ווערק דעם ווייטעק, די לײדנ פונ דער פרוי דער פויערטע, די לײדנ פונ דער לײַבײגענער פרוי אפ דער פאנשטשינע.

וועגנ איר ביטער גוירל האָט ער געשריבנ:

„אפ פאנשטשינע האָט זי ווייצ געשניטנ;
געוואָרנ מיד; צו סנאָפּעס געגאנ
ניט געבנ רו דעמ לײַב דעם מידנ,
נאָר האָדעווענ דעמ זונ איוואנ.
אינ וויקעלעכ האָט ער געשריגנ,
אינ קילנ שאָטנ הינטער א סנאָפּ
צעוויקלט עס, די ברוסט געגעבנ,
א שפּיל געטאָנ, מיט גרינגנ שלאָף
באמ זונ אזוי זיכ אײַנגעדרימלט
און זעט אינ כאָלעמ: איר איוואנ
איז א גערעטענער, א רײַכער,
ער האָט געפונענ שוינ זײַנ גלײַכנ,
און זי און ער שוינ פרײַ פונ פאנ.
שוינ מער קיינ קנעכט — א פרײַע וועלט,
און אפ א פרייליכ אייגנ פעלד,
אינ צווייענ שנײַדנ זיי זיכ ווייצ,
ס׳האָבנ קינדער מיטיק צוגעגרייט...
זי האָט צעשמייכלט זיכ, די אָרעמע,
זיכ אופגעכאפּט — ניטאָ שוינ גאָרניט!
א בליק געוואָרפנ אפנ קינד
און אימ פארוויקלט אפ געשווינד,
קעדיי צו אָניאָגנ דעם טאָג
ביז ס׳טראָגט דעמ אופזעער ניט אָנ,
אוועק דערשנײַדנ נאָכ א שאָק”. („א כאָלעמ”)

דאָס פארקנעכטעטע פויערטום האָט געכאָלעמט און געטרוימט צו דערזענ די פרײַהײַט. אָבער דאָס איז — א כאָלעמ בלויז, ווײַל אינ דער ווירקלעכקײַט איז ניט געווענ גאָרנישט ניט, די ווירקלעכקײַט האָט דערלאנגט זיי בלויז די בײַטש פונעם פּריצישנ אופזעער.

שעווטשענקאָ באַזינגט דאָס דאָרף, וואָס איז רויִנירט דורך דער לייַבייגנטימערי־שער קנעכטשאַפט, ער וואַרפט אַן אַרויסרוף, אַ דראָענדיקע וואָרענונג דעם אוקראַי־נישן און רוסישן פּריצנטום אין פּאָנעם, ווייַל ער פאַרשטייט, אַז ניט קיין אַנדערער, ווי די פּריצים און דער צאַר האָבן דערפירט דאָס דאָזיקע דאָרף צו אַזאַ גרוילִיקער לאַגע:

„דאָס וועט ניט טאָן קיין ווילדע כייַע,
וואָס איר דאָ טוט מיט ברידער...
און איר, איר בוקט זיך נאָך דערבייַ,
פאַר אייַך געזעצן שרייַבן קאַטעס —
ס'איז אייַך אַלצײנס!..." („מאַרינאַ")

שעווטשענקאָ האָט געהאַסט דאָס אוקראַיִנישע פּריצנטום, דאָס האָט ער אָפּגע־שפּיגלט אַפילע אין זייַנע פּרייִקע ווערק. אין זייַן ליד „אַ מאַלצייַט" האָט ער געזאָגט:

„ווער דאַרף מיך דאָ?
וואָס קען איך טאָן דאָ צווישן אַלע?
זיי טאַנצן און זיי פרייען זיך,
זיי זייַנען פרייַנט דאָ אַלץ עגאַלע.
זיי זייַנען גלייַך דאָ צווישן זיך,
און איך..." („אַ מאַלצייַט")

ס'איז פאַרשטענדלעך, אַז אַ לייַבייגענער, וואָס האָט פון די קינדער־יאָרן געפילט אַף זייַן רוקן דעם פּריצישן יאָך, האָט זיך צווישן די פּריצים געפילט פאַר אַ פרעמדן. דערפאַר איז שעווטשענקאָ, שילדערנדיק דאָס דאָרף, אַרויסגעגאַנגען פון אַנדערע פּאָ־זיציעס, ווי די פּריצים.

די אוקראַיִנישע פּריצים האָבן באַוויזן דאָס אוקראַיִנישע דאָרף, ווי אַ שטילס, אַ גליקלעכס, און שעווטשענקאָ האָט אין דער זעלבער צייַט געשריבן:

„און קיינער ווייסט ניט, וואָס עס טוט זיך
בַּאַ אונדז אַף אוקראַיִנע...
און איך, איך ווייס, כ'וועל דיר דערציילן
און שלאָפן זיך ניט לייגן..." („די פירשטן")

אָט וויִאַזוי עס זעט אויס אויסערלעך אין דער פּריצישער פאָרשטעלונג דאָס או־קראַיִנישע דאָרף און וויִאַזוי עס שילדערט דאָס דאָרף שעווטשענקאָ.

„אַ דאָרף. דאָס האַרץ וועט רו געפינען...
אַ דאָרף בַּאַ אונדז אין אוקראַיִנע —
אַ דאָרף — ניט אַנדערש אויסגעמאָלט:
באַוואַקסן שיין מיט גרינעם וואַלד;
עס בליִען סעדער, זיך ווייַסלען כאַטעס,
און אַף דעם באַרג דאָרט שטייען פּאַלאַטעס —
ניט אַנדערש ווונדער, און אַרום
טאָפּאָליעס הויכע, ברייטע בלעטער,
און וואַלד, און פעלד דאָרט אומעטום,
און בלויע בערג דאָרט פאַרן דניעפּער:
און גאָט אַליין איבער אַלעמען שוועבט!..
אָ, דאָרף! אָ, דאָרף! פרייִלעכע כאַטעס!
פונווייַטן—פרייִלעכע פּאַלאַטעס —
עס זאָלן דערנער אייַך באַדעקן!
קיין שפּור ניט בלייַבן זאָל אַף וועגן,
ניט וויסן, ווו איר זייַנט באַשטאַט דאָרט". (דאָרטן)

דער פּאָעט האַלט ניט אויס און פאַרשעלט אָט די פּריצישע אויסטראַכטעניש וועגן דאָרף.

שעווטשענקאָ האָט דעמאַסקירט די אוקראַיִנישע פּריצים, וועלכע האָבן ארופגע־צויגן אפ זיך א דעמאָקראַטישן שלייער, און אינדערעמעסן האָבן זיי געשונדן די לעצטע פעל פון די אוקראַיִנישע פּויערים.

שילדערנדיק די מאַיאָנטקעס פון די אוקראַיִנישע מאגנאטן די גוטבאַזיצער אין יאגאָטין, מאָסיוועץ, סאָקאָרינצי, האָט שעווטשענקאָ שוין אין 1848־טן יאָר אזוי גע־שריבן:

„אויך איצט איז נימעס, ווען איך דערמאַן עס—
דעם זייגער און דאָס גאָטישע הויז,
א דאָרף באַנומענע ארום, זיך שטויסט,
א פּאָן באַווײַסט זיך—הייסט עס—פּאַנעס,
און ס'רײַסט די היטל דער מוזשיק:
דער פּאַן שפּאַצירט זיך מיט די וועכטער,
שוין איינמאָל א קאַבאַנ—א שטיק,
ס'איז א פּאַן אַן עכטער,
א זינדל פון א שלעכטן העטמאַן,
א גאָר געטרײַער פּאַטריאָט,
א גוטער קריסט דערצו נאָך, רעדט מען,
יערלעך פאָרט אין קיִעוו דער שטאָט,
אין סוויטע צווישן פּאַנעס גרויסע,
און מיט מוזשיקעס מאַכט א קויסע,
און איז א פרײַדענקער אין שענק:
אָט דאָס איז ער, כאָטש מאָל אים אויס!
בא זיך אין דאָרף נאָך קלײַבט ער איבער
די מיידלעך. און שטיל און ליבינק
מאַמזיירימלעך א צענדליק זײַנע,—
א יעדער יאָר ער טראָגט צום טויפן,
און גאָרגיט מער... א גרויסער אויסוואורף!
פּאַרוואָס־זשע קוקט מען און מע שפּײַט ניט?
מע טרעטן ניט מיט די פיס? אָ, לײַטן,
גענוג א שטיקל קאָלבעס פוילן—
די מוטער וועט מען בא אײַך פויעלן,—
איר וועט זי געבן...” („פּ.ס.”)

די פּעטע קאַבאַנעס, די אוקראַיִנישע פּריצים, די יאָרשים פון די שלעכטע העט־מאַנעס האָבן געהוליעט מיט זייער סוויטע און האָבן, אלס אוקראַיִנישע „פּאַטריאָטן”, געשונדן די הויט פון די אוקראַיִנישע פּויערים.

אָפּענטפּערנדיק די אוקראַיִנישע פּריצים און פּריצימלעך, וואָס זײַנען געווען בייז אפ אים פאר זײַן רוף צו אופשטאַנדן קעגן די אונטערדריקער, האָט שעווטשענקאָ געזאָגט:

„איז וואָס? זיי זאָגן, אז איך לײַג,
איך בין באַרויגעז אפ די פּאַנעס,
דערפאר אזעלכעס אלץ איך שרײַב
וועגן זייערע הינטישע געננ...
און זאָלן זיי זאָגן: דער נאַר—ער בילט,
ווײַל ער אליין איז נאָך א קנעכט,
איז גרוי, איז טעמפּ און ניט געבילדעט.
ניט עמעס! איך שעלט גאָר ניט דערפאר,
וואָס איך בין קיין פּאַן ניט. ס'טוט ניט באַנק,
נאָר ס'טוט מיר באַנק און ס'ארט מיך שטאַרק
די מענטשן, וואָס פאַרמאָגן נאָך געדאַנק”. („מאַרינאַ”)

דעם פּאָעט ארט ניט, וואָס ער איז ניט קיין פּאָרעץ. ער גרויסט זיך אפילע מיט זײַן פּויערשער אָפּשטאַמונג. ווײַל ער האָט געוווסט, אז די גזלנים האָבן געשריבן טאַליאָנים.

אין דער ווײַטער פאַרשיקונג אפ אראַל, אין 1848־טן יאָר, דערמאַנט שעווטשענקאָ די גאַנצע צײַט אוקראַיִנע, די לאַגע פון עם פאַרשקלאַפּטן דאָרף, און אין זײַנע ווערק דעקט ער אוף דעם טרויער פון דער פאַרשקלאַפּטער באַפעלקערונג, דעם גרויל פון דער לײַבייגנטימערישער עקספּלואַטאַציע:

„ס'איז שלעכט — א שרעק
אין יענעם גוטן שיינעם דאָרף.
און ס'האָט דאָס הארץ געוויינט פון קלעם.
. . . . . . . . . . . . . . . .
אוועק כ'בין ווידער אין דער פרעמד.
און ניט נאָר אין יענעם דאָרף,
נאָר אומעטום אף אוקראַינע
דאָס פאָלק פאַריאָכן פאַלשע פאנעס...‟ („איך בין אויסגעוואקסן...‟)

דורכויס איבער אוקראַינע הערשן די פּריצים, זיי שפּאַנען איין מענטשן אינעם יאָך. שעווטשענקאָ זעט דאָס און רופט א סאָף מאכן צו די פּריצים.

„צווישן בערג דער דניעפּער דער אַלטער—
ניט אנדערש, ווי א קינד אין וויגל,
איבער גאנץ אוקראַינע
שלענגלט זיך און שפּיגלט,
איבער אים זיך שפּרייטן
גרינע דערפער, ברייטע;
און אין דערפער אין די פרייַלעכע
זייַנען מענטשן פרייַלעכע.
עפּשער וואָלט אזוי נאָך ווערן,
ווען אוקראַינע וואָלט שוין מערער
פונעם פּאַן קיין שפּור ניט האָבן‟. (דאָרטן)

שעווטשענקאָ האָט גערופן טאָן אזוי, אז קיין שפּור פון די פּריצים זאָל ניט פאַר־בלייַבן אף אוקראַינע, אז מענטשן זאָלן ניט אומקומען אונטער די פּריצישע יאָכן, ווייַל „עפּשער וואָלט אזוי נאָך ווערן, ווען אוקראַינע וואָלט שוין מערער פונעם פּאַן קיין שפּור ניט האָבן‟.

באַווייַזנדיק דאָס דאָרף, פאַרשטייט שעווטשענקאָ, אז דאָס דאָרף איז ניט קיין איינהייַטלעכס. אָט באַשרייַבט ער אין „מאָסקאַלעווא קריניצע‟, וויאַזוי אין דער גע־מיינדע גיבן די באַלעגופים אָפּ א פויער פאַר א סאָלדאַט:

„... אין דאָרף
די געמיינדע האָט זיך באַראַטן,
אוועקגעבן שיקן אין סאָלדאַטן.
און מע האָט באַשטימט איניינעם
דעם אויסוווּרף אָט דעם איינעם
דעם מאמזער, דער אַלמאָנעס זון,
אָט דעם פויליאַק וועט גאָר ניט שאַטן...
מע האָט פאַרשמידט אים באַלד אין קייטן
און אים צום קאָן אוועקגעפירט...
איז אָט וואָס עס פּאַסירט
אף אָט דער וועלט!—און סאַרא עמעס
ס'איז דאָ בא מענטשן, זון מייַנער!...‟

שעווטשענקאָ זעט שוין די קלאַסן־פּאַנאַנדערשיכטונג אין דאָרף. ער פילט, אז אפילע אין דעם דאָזיקן פאַרשקלאַפטן דאָרף נעמט זיך אָן דער ערגסטער כּיילעק דעם, וואָס גייט „אוועק אין דינסט צו האָדעווען די הונגעריקע צאָרעס‟, מע גיט אים

אָפּ פאר א סאָלדאט, ער טראָגט אפּ זיך די קנעכטשאפט, ער דינט זײַן גאנצ לעבנ בא יענעמ.

אינ „נעאָפיטנ״, ריידנדיק װעננ נעראָנעג אונ, ס׳פארשטייט זיך, האָבנדיק אינ זינענ ניקאָלײַ דעמ ערשטנ, שרײַבט שעװטשענקאָ װעגנ „די ברידער אונ קריסטנ״, מיט װעלכע עס פירט אָנ ניקאָלײַ דער ערשטער, װאָס פארשמידט זיי אינ קייטנ, אונ װענדנדיק זיך צו אימ, זאָגט ער: „אכ, דו—הונט! דו מענטשנפרעסער, װילדער דעספּאָט...״

שעװטשענקאָ האָט געזענ אינ דאָרפ די „קנעכט די בלינדע, די גריקע־זייער״, װעלכע האָבנ געדאװנט צו גאָט, געטראָגנ קייטנ אונ האָבנ זיך געװענדעט צומ הענקער, ער זאָל זיי באגנעדיקנ.

ער האָט זיך געװענדעט צו די דאָזיקע גריקע־זייער:

„צו װעמענ קומט איר דאָ צו גיינ,
אװעמענ בעט איר מיט געװיינ,
אונ מיטגענומענ מיט די טרערנ,—
די האָפענונגענ, ליידנ שװערע!
אװעמענ בעט איר דאָ, איר קינדער,
אװעמענ בעט איר, שקלאפנ בלינדע?
אונ גנאָד פונ קאטעס װילט איר קריגנ?
... ס׳איז אלצ א ליגנ:
גאלאָכימ אונ קייסאָרימ!...״ („נעאָפיטנ״)

אופהייבנדיק דאָס פארשקלאפטע דאָרפ, די גריקע־זייער קעגנ די צארנ, רופנדיק זיי צו נעקאָמע, טרויערנדיק איבער דעמ, װאָס די פּויערימ זעענ ניט קיינ אויסװעג פונ דער לאגע, אינ װעלכער זיי געפינענ זיך, אונ טראָגנ האכנאָעדיק אפּ זיך די פריצישע קייטנ, זאָגט שעװטשענקאָ:

„מ׳װעט די קייסאָרימ פארשמידנ
אינ אײַזערנע פּענטעס,
אונ זיי, די בארימטע, פארשמידנ
די איידעלע הענטלעכ.
עס גייט א געריכט—א גערעכטער
פאר שענדער, פאר שעכטער״. („טילימ״)

אינ 1848־טנ יאָר האָבנ אינ מײַרעװ־אייראָפּע דורכגעדונערט רעװאָליוציאָנערע אופרײַסנ. ניקאָלײַ דער ערשטער, װאָס האָט געשפּילט די ראָל פונעמ זשאנדארמ פונ אייראָפּע, איז ארויס מילכאָמע האלטנ קעגנ דער רעװאָליוציע אינ אונגארנ.

פילנדיק דעמ אָטעמ פונ דער רעװאָליוציע פונ 1848־טנ יאָר, האָט שעװטשענקאָ, מיינענדיק ניקאָלײַ דעמ ערשטנ, געזאָגט:

„דו, זינק אינ בייז,
דו עקלדיקער אלטער! װייק אינ װוילטאָג
אינ דײַנ הארעמ. דאָרט פונ פארבאָרגעניש
פונ יאמ זיך הייבט דער גאָלדענער מאָרגנ,
ניט קיינ דונער װעט דיך דערשלאָגנ
אונ ניט קיינ ריינער הייליקער פײַער,
מיט א טעמפּנ מעסער מע װעט דיך קוילנ,
מיט אנ אָבוכ, װי א הונט דערשלאָגנ״. („נעאָפיטנ״)

דער פּאָעט זעט, אז בלויז בלוטיקע נעקאָמע איבער די פּריצים וועט געבן באַ־פרײַונג די ארבעטנדיקע. מע דארף שנײַדן די קייסאָרים ווי די הינט,—דאָס איז שעוו־טשענקאָס שלאכט־רוף.

עלנטקײַט און פּינצטערניש האָבן ארומגערינגלט דעם דיכטער. ער האָט געזען, אז קיין איינצלנע מענטשן וועלן גאָרנישט ניט אופטאָן.

און שעווטשענקאָ רופט צו דעם, אז „אלע זאָלן איינינעם גוט דעם אָבוך שטאָלן...״

„און עפּעס זעט דאָס אויג דאָס קלאָרע,
און ס'ווארט דאָס הארצ, עס ווארט אין ווײַ,
ס'טוט ווײַ, עס שלאָפט ניט און עס וויינט —
א קינד א הונגעריקס, א צארטס, —
ווײַזט אויס, מײַן הארצ, דו ווארטסט,
א בײַזע שאָ זאָל קומען? יאָ!
קיין גוטס ניט ווארט, קיין גוטס ניטאָ —
זי שלאָפט, די פרײַהײַט: ער, מיקאָלאַ,
האָט זי פארגוואלדיקט. וועקן זי,
די שוואכע פרײַהײַט, דארפן מיר
אינײינעם אלע, אלע זאָלן
אינײינעם גוט דעם אָבוך שטאָלן,
אינײינעם גוט די האק פארשארפן,
דערנאָך זיך נעמען ערשט צום וועקן,
אויב ניט, איז שלאָפט זי אָן אן עק גאָר,
ביזן שרעקלעכן געריכט דעם ווײַטן,
און זיי, די פּריצים, וועלן ווײַטער
פּאלאצן, קלויסטערס בויען, הויבן,
דעם צאר דעם שיקערן אלצ ליבן,
ביזאנצ אלצ האלטן אין איין לויבן —
קיין בעסערס, דאכט, איז ניט געבליבן!״
(„איך בין ניט שלאָף הײַנט...״)

עס איז פארשטענדלעך, פארוואָס גיט שעווטשענקאָ אין „הײַדאמאקעס״ אזא פאנאנדערגעוויקלטן לײַוונט פונעם קאמף פון די פויערשע מאסן קעגן פּריצנטום. באזונדערס קעגן פוילישן פּריצנטום.

„אין פלאם אפ קראָקוועס אופגעהאנגען
זיך שווארצן פּריציש קערפּער״. („הײַדאמאקעס״)

שילדערנדיק א גראנדיעזן בילד פון דער נעקאָמע, וואָס דאָס פארשקלאפטע פוי־ערטום נעמט פון די פּריצים, זאָגט שעווטשענקאָ אין „טאראס־נאכט״:

„און ווי נאָר עס שטעלט זיך די לעוואָנע אין הימל,
גיט א רעוו דער הארמאט.
האָבן זיך אופגעכאפּט די פוילישע פּריצימלעך —
אווו זיך באשטאטן!
האָבן זיך אופגעכאפּט די פוילישע פּריצימלעך
און ניט אופגעשטאנען,
ס'איז אופגעגאנגען די זון — עס ליגן שוין פגאָרים
די פוילישע פּאנעס!״ („טאראס־נאכט״)

שעווטשענקאָס העלדן שלאָגן די פּריצים, און ניט פּראָסט די „ליאכן״, ווי דאָס פרוּוון אָנבינדן דעם דיכטער די נאציאָנאליסטן.

שעווטשענקאָ ווענדעט זיך אָפט אין זײַנע ווערק צו די קוואָרים, נאָר אין זײַן שאפונג האָבן די קוואָרים א באזונדערן באטײַט.

„וואָס־זשע זאָגן דעם נײַגעריקן יונגן דאָר די דאָזיקע אָפטע פינצטערע קוואָ־רים אפ די ברעגן פון דניעפּער און די גראנדיעזע רויִנעס פון די פּאלאצן און שלעסער אפ די ברעגן פון דניעסטער? — זיי ריידן וועגן קנעכטשאפט און וועגן פרײַהײַט. די אָרעמע, שוואכינקע וואָלין און פּאָדאָליע, זיי האָבן באַ־שיצט זייערע שענדער אין די אומצוטריטלעכע פּאלאצן און לוקסוספולע

פאַלאַטעס. און מײַנ פראַכטפולע, מעכטיקע, פרײַהײַט־ליבנדיקע אוקראַיִנע האָט ענג אָנגעפילט מיט אירע פרײַע און מיט די פײַנטלעכע טויטע קערפערס די אָנצאָליקע קאָלאָסאַלע קוואָרים־בערגלעך. זי האָט איר רום אפ שאַנד און שפּאָט ניט אָפּגעגעבן, דעם סוינע דעם דעספּאָט האָט זי אונטער די פיס געטראָטן, און א פרײַע, אַנ אומגעשענדעטע איז זי געשטאָרבן. אָט וואָס עס באַטײַטן קוואָרים און רויִנעס" [1]).

עס איז פאַרשטענדלעך, פאַרוואָס איז דער גענעראַל דובעלט אינ זײַנע אויספירן געווענ קעגנ לאָזנ פאַרשפּרייטנ שעווטשענקאָס ווערק.

שעווטשענקאָ האָט ניט בלויז גערופנ צו אופשטאַנדנ קעגנ פריצנטום אפנ גרונט פונ דעם, וואָס ער האָט געוווּסט וועגנ דעם דעמאָלטיקנ צושטאַנד פונעם אוקראַיִנישנ דאָרף, נאָר די דאָזיקע רופנ זײַנע האָט ער היסטאָריש באַגרינדעט, ער האָט די דאָזיקע פרוווּנ פאָרמולירט אינ אסאַך פונ זײַנע ווערק אינ א היסטאָרישנ אַספּעקט.

פאַנאַנדערוויקלענדיק אינ „הײַדאַמאַקעס" א בילד פונ קאַמף פונ די אַרבעטנדיקע קעגנ פּוילישנ פריצנטום, נעמט שעווטשענקאָ די הײַדאַמאַקעס אונטער זײַנ שוץ קעגנ יענע פריצישע היסטאָריקער, וואָס האָבנ געוואָלט באַווײַזנ די הײַדאַמאַטשינע, ווי א פלעק, ווי רעציכעס, ווי ווילדנ ווילקיר.

ווענ דער פריצישער היסטאָריקער סקאַלקאָווסקי רעדט וועגנ דער קאָליִיווטשינע, ווי וועגנ א פלעק, און וועגנ די הײַדאַמאַקעס, ווי וועגנ רויבער, ענטפערט אפ דעם שעווטשענקאָ:

„הײַדאַמאַקעס זײַנענ שלעכט נאָר,
רויבער, ניט קיינ קריגער,
די געשיכטע זיי באַפלעקנ!"
„אויסוואָרפ, ס'איז א ליגנ!
קיינמאָל וועט א רויבער
דעמ עמעס ניט באַהיטנ,
און וועט זײַנ האַנט ניט הויבנ
ער זאָל די קנעכט צעשמידנ;
וועט זײַנ זונ ניט שעכטנ
און קיינ האַרצ וועט קיינמאָל
קיינ רויבער ניט צעברעכנ
פאַר זײַנ ליבנ היימלאַנד!" („כאָלאָדני יאַר")

אינטערעסאַנט איז דאָס, וואָס די אוקראַיִנישע פריציש־בורזשואַזע היסטאָריִאָגראַפיע ליובט די גאַנצע צײַט אַזעלכע אוקראַיִנישע מאַגנאַטנ, ווי א באָגדאַנ כמעלניצקי, מאַזעפּא א. אַנד. און אינ דער זעלבער צײַט טאַדלט זי די קאָליִיווטשינע, — ווײַל אַזעלכע באַוועגונגענ, ווי די קאָליִיווטשינע, זײַנענ, ווי באַוווּסט, ניט זייער צום האַרצנ די פריצים און די גוטבאַזיצער.

פונ באָגדאַנ כמעלניצקינ האָט זיך שעווטשענקאָ אָפּגעקערט. ער האָט געזענ די פאָלקס־מאַסנ אינ אַמאָליקע אופשטאַנדנ קעגנ די פריצים, ער האָט אויך געזענ, וויאַזוי די צאַרישע סאַטראַפּנ האָבנ אונטערגעדריקט אינ זײַנ צײַט די פאָלקס־מאַסנ.

פאָרנדיק פונ פאַרשיקונג, האָט שעווטשענקאָ אינ זײַנ טאָגבוך אַזוי געשריבנ וועגנ די גובערנאַטערס, באַאַמטע, וועגנ דער צאַרישער באַנדע, וועגנ די לײַבייגנטימער:

„דער סאַטראַפּ ראַבעוועט דעמ אָנפּאַרטרויטנ קאַנט און שענקט זײַנע אויסגעלאַסענע יעפייפיעס 10 טויזנט־רובלדיקע פערמואַרנ, און זיי רימענ אומעטום זײַנ מילדקײַט און ווילטעטיקײַט. מענוואָלים" [2]).

---

[1]) Поэмы, повести, рассказы Т. Г. Шевченко... К. 1888, стр. 493.
[2]) Т. Шевченко, Дневник, изд. „Academia“, стр. 43.

שעווטשענקאָ איז ניט געווען קיין סאָציאַליסט. שעווטשענקאָ האָט אָפּגעשפּיגלט די שטרעבונגען פֿון דער פֿאַרשקלאַפֿטער פּויערשער מאַסע און האָט זי גערופֿן צו אַ פּויערשער רעוואָליוציע. שעווטשענקאָ האָט געזען, אַז די גאַנצע געזעלשאַפֿט איז צעטיילט אויף צוויי לאַגערן — אויף אונטערדריקער און אונטערדריקטע. אין יעדן אַר בעטנדיקן האָט ער געזען אַ פֿאָרשטייער פֿון יענע אונטערדריקטע, וועלכע זײַנען פֿון דער געשיכטע באַרופֿן צו צעשמעטערן די לײַבאייגנטימערישע אָרדענונג.

שעווטשענקאָ האָט, אומקערנדיק זיך פֿון פֿאַרשיקונג אויפֿן דאַמפֿער, זיך געווענדעט אין זײַן טאָגבוך אין צוזאַמענהאַנג מיט דער דאַמפֿמאַשין צו די גרויסע דערפֿינדערס — פֿולטאָן און וואַט — מיט אַזעלכע ווערטער:

„אײַער יונג קינד, וואָס וואַקסט ניט לויט די טעג, נאָר לויט די שאָען, וועט גאָר אינגיכן אויפֿעסן די בײַטשן, די טראָנען און די קרוינען, און מיט די דיפּלאָמאַטן און מיט די גוטבאַזיצער וועט עס בלויז פֿאַרבײַסן, עס וועט זיך מיט זיי אַ באַלעווע טאָן, ווי אַ שילער מיט אַ צוקערקע. דאָס, וואָס די ענציקלאָפּעדיסטן האָבן אָנגעהויבן אין פֿראַנקרײַך, דאָס דאָזיקע וועט פֿאַרענדיקן איבער דער גאַנצער פּלאַנעטע אײַער קאָלאָסאַל געניאַל קינד. מײַן נעוויעס איז אַ זיכערע" [1]).

פֿאַר יענער צײַט האָט שעווטשענקאָ געהאַט אַ גרויסן רעוואָליוציאָנערן באַטײַט ניט בלויז אין אוקראַינע, נאָר אויך אין רוסלאַנד. שעווטשענקאָ איז געווען ענג פֿאַרבונדן מיט די רוסישע קרײַזן, מיט אַזעלכע מענטשן, ווי טשערנישעווסקי. שעווטשענקאָ האָט געזען ניט בלויז די אונטערדריקטע פֿון אוקראַינע, ער האָט געזען אונטערדריקונג אויף אַלע שעטעכן פֿונעם דעמאָלטיקן צאַרישן רוסלאַנד.

אָט וויאַזוי ער האָט אין זײַן טאָגבוך געשילדערט די ניקאָלײַישע עפּאָכע:

„ווען קרוליקעוויטש האָט זיך אומגעקערט אין זײַן היימשטאָט פֿון פֿאַרשיקונג (פֿון די ברעגן סיר־דאַריאַ), האָט ער צופֿעליק זיך דערוווּסט וועגן דעם, אַז איך בין אין נישני, און הײַנט האָט ער מיך באַזוכט. צווישן די פּילצאָליקע ניט אינטערעסאַנטע סטעפּ־נײַעס האָט ער מיטגעטיילט אַ העסלעך אינטערעסאַנטע נײַעס. דעם פּוילן סאַטראַפּ פּעראָווסקיס אַ זונדל ניט פֿון זײַן אייגן ווײַב האָט מיט זײַנע אייגענע הענט געקוילעט זײַן דענשטשיק, אַלס שטראָף דערפֿאַר האָט מען אים איבערגעפֿירט פֿאַר אַ פּאָשעטן סאָלדאַט, אָבער זײַן קליינלעכע נעשאָמעלע (האָט ניט איבערגעטראָגן) אויך די דאָזיקע אַלגנעדיקסטע שטראָף. ער איז אינגיכן געשטאָרבן אָדער ער האָט זיך געסאַמט. אַ גוטן שליט־וועג. קומט אויס, דאָס עפּעלע איז ניט ווײַט געפֿאַלן פֿונעם ביימעלע. די מוטער פֿונעם דאָזיקן קליינמוטיקן טיגערל, אַ פֿרוי פֿון עפּעס אַ קרעציקן באַראָן זאַלץ און אַ געקויפֿטע ב(...) פֿונעם צעשאָסענעם סאַטראַפּ פּעראָווסקי איז איינמאָל, ווען זי האָט זיך געקליבן גיין צו גאָטסדינסט, פֿאַר עפּעס וואָס אין קאַס געוואָרן אויף איר שטוב־דינסט, האָט זי איר דערלאַנגט מיט אַ פּרעס איבערן קאָפּ. די דינסט האָט מען באַגראָבן און מיט דעם האָט דער אַלמעכ־

[1]) Т. Шевченко. Дневник, изд. „Academia“, стр. 151—152.

טיקער סאַטראַפּ ליקווידירט דעם איניען. עך, ניקאָליי, ניקאָליי! וואָס פאַר אַ ווילדע מיטהעלפער זייַנען באַ דיר געווען. פּונקט פאַר דיר אָנגעמאָסטן״ [1].

פון די מיטגלידער פון דער קיריל־מעפאָדישער געזעלשאַפט איז שעווטשענקאָ געווען דער איינציקער, וואָס איז ביז סאָף געשטאַנען פעסט און אומגעוואַקלט אַף זייַנע פּאָזיציעס. אים האָבן ניט אונטערגעבראָכן קיין אַרעסטן, אים האָט ניט אונטערגעבראָכן די פאַרשיקונג.

שרעקלעכע ליידן האָט שעווטשענקאָ איבערגעטראָגן אין זייַן פאַרשיקונג — „אין דער ניט פאַרשלאָסענער טורמע״. אָט וואָס ער האָט געשריבן אין אַ בריוו צו אַ. באָדיאַנסקין דעם 3/1 — 1850־טן יאָר פון אָרענבורג (דער אָריגינאַל פונעם דאָזיקן בריוו איז ניט לאַנג געפונען געוואָרן).

„...מיך האָט זייער ווייַט פאַרטריבן מייַן שלעכטער מאַזל און גוטע לייַט! שוין אָט דאָס 3־טע יאָר, ווי איך ווער פאַרפאָלגט אין געפענקעניש אין אָט דעם פון גאָט פאַרגעסענעם קאַנט.

מיר איז שווער, פרייַנט, זייער שווער! נאָר וואָס קאָן איך טאָן?!!

... ס'איז שווער! עס רינען אַזש טרערן, ווען איך דערמאַן זיך — ווי שווער ס'איז! פון קיִעוו האָט מען מיך פאַרטריבן אַזש אַהער, און פאַר וואָס, פאַר לידער! און מע האָט מיר פאַרבאָטן זיי צו שרייַבן, און דאָס ערגסטע איז — מע האָט מיר פאַרבאָטן צו מאָלן! און אָט איצט זעסטו, ווי איך ווער דאָ פאַרפאַלן. איך וווין אין די קאַזאַרמעס, צווישן סאָלדאַטן, ס'איז ניטאָ צו ווען אַ וואָרט אויסריידן און ס'איז ניטאָ וואָס צו לייענען. אומעטיק! ס'איז אַזאַ אומעט, וואָס וועט מיך איינגיכן אַרייַנטרייַבן אין קייווער! כ'ווייס ניט, צי איז נאָך עמעצער אַזוי אָפּגעקומען אַף דער וועלט, ווי איך קום איצט אָפּ?!״

מיט גרויס סאַרקאַזם באַשרייַבט ער אין זייַן „טאָגבוך״ די צייַט פון זייַן סאָלדאַטשינע. מיט גרויס שטאָלץ רעדט ער וועגן דעם, אַז זי האָט אים ניט געקענט אונטערברעכן:

„מיט אַ ציטערדיק טיאָכקענדיק האַרץ האָב איך שטענדיק געפּאַרבט די וואָנצעס, אָנגעטאָן אַף זיך אַ פּאַנצער און פלעג זיך אַוועקשטעלן פאַרן שיקער־אָנגעגאָסענעם פּאָטער־קאָמאַנדיר אָפּצוגעבן עקזאַמען לויט די פּונקטן, אַף די איבונגען מיט דער ביקס און צום סאָף אויסהערן פון אים די נאַרישסטע און לענגסטע לעקציע וועגן דעם, וויִאַזוי עס דאַרף זיך האַלטן אַ מוטיקער סאָלדאַט און פאַרוואָס איז ער מעכויעוו ליב צו האָבן גאָט, דעם קייסער און זייַנע נאָענטע נאַטשאַלניקעס, אָנגעהויבן פונעם „דיאַדקאָ״ און דעם קאַפּראַל־יעפרייטער.

לעכערלעך. עס איז לעכערלעך דערפאַר, וואָס איך האָב זיך צוגעוווינט צו דעם דאָזיקן העסלעכן ספּעקטאַקל. נאָר וויִאַזוי איז געווען פריִער, ווען איך האָב ניט געקענט און האָב געדאַרפט אין זיך באַגראָבן יעטווידער מענטשלעך געפיל, געדאַרפט ווערן אַן אַווטאָמאַט אָן אַ ברעקל נעשאָמע, אויסהערן שווייַגנדיק,

1) Т. Шевченко. Дневник, изд. „Academia“, стр. 235.

ניט רויטווערנדיק און ניט בלאסווערנדיק, אויסהערן מאָראלישע שטראָף־רייד פון א רויבער און א בלוטזויגער. ניין, דעמלט איז עס ניט געווען לעכערלעך. העסלעך! עקלהאפט! צי וועל איך זיך נאָך דערוואַרטן אף די דאָזיקע גליקלעכע טעג, ווען פון מײַן זיקאָרן וועט אויסגעהויכט ווערן אָט די דאָזיקע מאָראלישע שאנד? איך מיין ניט. ווײַל לאנגזאם און טיף האָט זיך אײַנגעשניטן אין הארצן אָט די דאָזיקע שאנד.

מעשונעדיק איז נאָך אָט וואָס. אָט דער דאָזיקער אומגליק, וואָס מע קען אים ניט אויסדריקן מיט קיין ווערטער, אָט די אלע מינים דערנידעריקונגען און באליידיקונגען זײַנען דורכגעגאנגען אזוי, ווי זיי וואָלטן מיך ניט אָנגערירט, קיין קלענסטן שפור האָבן זיי נאָך זיך ניט איבערגעלאָזט. די דערפארונג, זאָגט מען, איז אונדזער בעסטער לערער, נאָר די ביטערע דערפארונג איז דורכגעגאנגען פארבײַ מיר, ווי אומבאמערקט. מיר ווײַזט זיך אויס, אז איך בין פונקט דער זעלבער, וואָס איך בין געווען מיט 10 יאָר צוריק, קיין איין שטריך פון מײַן אינערלעכן געשטאלט האָט זיך ניט געענדערט. צי איז עס גוט אזוי? ס'איז גוט. אלנפאלס, ווײַזט זיך מיר אויס אזוי"[1].

ניט אומזיסט האָט דער קוראטער פון קיִעווער שול־קרײַז דערעוויצקי געשריבן אינעם 1912־טן יאָר אין זײַן געהיימען בריוו:

„שעווטשענקאָס ווערק, וואָס זײַנען ביכלאל אמאָראליש, זײַנען באזונדערס שעדלעך אין די באדינגונגען פונעם דאָרעם־מײַרעוודיקן קאנט".

און ווירקלעך, פאר די צארישע סאטראפן איז שעווטשענקאָס שאפונג געווען געפערלעך, זי האָט מיט זיך פאָרגעשטעלט א גרויסע רעוואָליוציאָנערע קראפט, ווײַל זי האָט געוועקט די פאָלקס־מאסן צום קאמף קעגן דעם פריצנטום, קעגן צאריזם.

שוין נאָך דער פארשיקונג, אין 1860־טן יאָר, האָט שעווטשענקאָ געשריבן:

„אָ, ווען עס שטייען פעסט די קנעכט
פאר זייער ערע, זייער רעכט,
וואָלטן ניט דערוועגט אָט דאָ צו שטיין
אָט די פאלאצן פול מיט שאנד.
...מיט הינט־יעגערס איז די וועלט באשטאט,
און מיר פאר זיי, באהעלפערס קליינע,
די כאָרטן האָדעווען און ווײנען!" („איך גיי אזוי באנאכט")

וואָס האָט מען נאָך מער אין גרויסן צאָרן קעגן די צארן געקענט זאָגן, ווי אָנרופן זיי הינט־יעגערס!

די הערשונג פון די „הינט־יעגערס" האָט זיך אָפּגערופן אף אלץ. גאנץ רוסלאנד איז געווען א טורמע, ווו אלץ האָט געשוויגן, ווו אלץ איז געווען פארפײַניקט. שעווטשענקאָ האָט געזען די פארקנעכטונג, די פײַניקונג פון דער ארבעטנדיקער באפעלקערונג אין דער דאָזיקער טורמע.

„מיר האָבן דאָך א וועלט... אלץ פאראנען —
סיביר אליין ניט אויסצושפאנען,
און וויפל טורמעס דאָ ארום!
און פון דעם פין ביזן מאָלדאוואנ —
אף אלע שפראכן אלץ דאָ שטומט...
ווײַזט אויס, פון ווילטאָג!..." („קאווקאז")

[1]) Т. Шевченко. Дневник, изд. „Academia", стр. 44—45.

דאָס ארבעטנדיקע רוסלאַנד האָט געשוויגן אונטער די צאַרישע באַגנעטן, אונטער ניקאָלײַס שפּיצרוטן, אָבער דאָס דאָזיקע שווײַגן איז פון צײַט צו צײַט געשטערט געוואָרן דורך מעכטיקע פייערשע אופשטאַנדן, דורך אופשטאַנדן פון די פאַרשקלאַפטע פעלקער אין אפ קאַווקאַז, אין אין מיטל־אַזיע, אין אין רוסלאַנד, אין אין אוקראַינע.

אָט פאַרוואָס שעווטשענקאָ האָט מיט אַזאַ אויסערגעוויינלעכער קראַפט געשריבן אין „קאַווקאַז“:

„בערג נאָך בערג דאָרט גייען, אין וואָלקנס אײַנגעפלאָסנ,
אָלץ פאַרזייט מיט ווייען און מיט בלוט פאַרגאָסנ;
און מיר לײַטזעליקע האָבן דאָרטן זי געפאַקט,
די מידע פרײַהײַט, א הונגעריקע און א הוילע
און זי געגומענע פּײַניקנ... אסאַכ, אסאַכ
געמושטרעוועטע לײַט געפאַלנ דאָרט.
און וויפל טרערנ, בלוט? דערטרינקענ
אלע קייסאָרימ וואָלטנ סטײַענ,
מיט קינדער, מיט אייניקלעכ דערטרינקענ
אין געוויינ פון אלמאָנעס. און מיידלשע טרערנ,
וואָס אין שטילקײַט פון נאכט זיי פאַרטײַענ?
און זודיקע טרערנ פון מאַמעס,
פון טאַטעס די בלוטיקע טרערנ?
ניט קיינ טײַכ — א יאַמ קאָנ ווערנ,
א צעגאָסענער יאַמ פול מיט פײַער!..“

פאַר אונדז שטייט דאָ אויף אין דעם דיכטערס אָפּשאַצונג דאָס גרויזאַמע, שוידערלעכע בילד פון דער רויבערישער צאַרישער פּאָליטיק.

מע קאָן אָבער ניט, באַטראַכטנדיק שעווטשענקאָס שאַפונג, זײַן באַטײַט, זאָגנ, אַז ער האָט געשריבן בלויז וועגן אוקראַינע. געוויס האָט שעווטשענקאָ, אַלס נאַציאָנאַלער פייערשער פּאָעט, געהאַט א גרויסן באַטײַט פאַר אוקראַינע. נאָר מיר זעען, אַז ער איז געוועזן פאַר אן איינהייטלעכן פראָנט פון דער רעוואָלוציאָנערער דעמאָקראַטיע פון פאַרשיידענע נאַציאָנאַליטעטן צוליב געמיינזאַמען קאַמף קעגן רוסישן צאַריזם.

אין דער פּאָעמע „קאַווקאַז“, אַרויסטרעטנדיק קעגן רוסישן צאַריזם, האָט ער געשריבן:

„נאָר אײַער סאַקליע די אייגנ שטעכט אונדז:
וואָס שטייט זי דאָרט? בא אײַכ וואָס טוט זי?
און נאָכ ניט אונדזערע? און מיר פאַרלאַנגענ
אײַכ ווארפנ אײַער ברויט, ווי הינט.
פאַרוואָס זאָלט איר אונדז ניט באַדאַנקענ,
ניט צאָלנ פאַר דער זונ קיינ צינש?“

אין זײַן ווערק „דער דולער“ באַווײַזט שעווטשענקאָ, ווער עס האָט דערלאָזט און אויך דורכגעפירט דאָס איזדעקעווען זיך איבער קאַווקאַז, דעם ווילדן ווילקיר אין מיטל־אַזיע, דעם האַנדל מיט מענטשן אין אוקראַינע און אין רוסלאַנד. דאָס האָבן געטאָן די צאַרישע סאַטראַפּן, די זשאַנדאַרמען, דאָס האָט געטאָן דער פעלדפעבל — ניקאָלײַ דער ערשטער.

הערשנדיק איבער איטלעכנ — „פונ דעמ פינ ביזנ מאָלדאוואנ”

„.... האָבנ זיי דאָרט גוטס דערהויבנ טאקע —
פיל מענטשנ אויסגעטאָנ ביז נאקעט
אָט די סאטראפנ אונטערלעכ.
דער גוט־געשוירענער גאווריליטש
מיט זיינ יעפרייטערל דעמ זשוואוונ
אזוי דאָס פאָלק פארדרייט אינ מושטרע,
אז ער, דער צאר, האָט פאר א מוסטער
די ארבעט זייערע געשטעלט.
אונ אלצ אינ זיי האָט ער באוויליקט,
אונ די יעפרייטערלעכ, דעמ צווילינג”. („דער דולער”)

אונ שעווטשענקאָ רופט אינ „קאווקאז” אלע פעלקער:

„קעמפט — איר וועט באזיגנ !..
אפ אייער זייט איז פרייהייט
אונ דער הייליקער עמעס אויכ...”

שעווטשענקאָ דערציילט אינ זיינ טאָגבוכ, בייסנ אומקערנ זיכ פונ פארשיקונג: „אינעמ קאפיטאנס קאיוטע האָב איכ אפנ דיל דערזענ א צעקנייטשט בלעטל פונעמ אלטנ באקאנטנ „רוסקי אינוואליד”. כ'האָב עס אופגעהויבנ גלאט אזוי זיכ אונ זיכ גענומענ לייענענ א פעליעטאָנ. דאָרט האָט זיכ געהאנדלט וועגנ די כינעזישע אינסורגענטנ אונ וועגנ דעמ, וואָס פאר א רעדע עס האָט געהאלטנ גאָנג, דער פירער פונ די אינסורגענטנ, פאר דעמ שטורעמ פונ נאנקינ. די רעדע הייבט זיכ אָנ אזוי: „גאָט גייט מיט אונדז, וואָס־זשע וועלנ קענענ טאָנ קעגנ אונדז די דעמאָנעס? די מאנדארינעס, דאָס זיינענ פעטע שכיטע־בעהיימעס, וואָס טויגנ נאָר אלס קאָרבאָנעס פאר אונדזער הימלשנ פאָטער”. צי וועט מענ אינגיכנ קענענ הויכ אפנ קאָל זאָגנ דאָס זעלבע וועגנ די רוסישע באָיארנ?” [1]).

דאָס גרונט־בייז האָט שעווטשענקאָ געזענ אינ די פריצימ:

„ביז עס זיינענ דאָ נאָכ דערפער
אונ פאנעס אינ די דערפער,
וועלנ פריילעכע פארפוצטע מיידלעכ
זיכ דרייענ אינ די שענקלעכ...”

שעווטשענקאָ איז ניט געווענ קיינ באוווסטזיניקער אטעיסט, נאָר מע דארפ זאָגנ, אז ער האָט פונ גאָט אונ פונ דער קירכע ניט וויניקער כויזעק געמאכט ווי פונעמ צאר.

דערציילנדיק וועגנ דעמ, וויאזוי די פריצימ פלעגנ שינדנ די לעצטע הויט פונעמ פויערטומ, פונ דער אָרעמשאפט, ווענדעט ער זיכ צו „גאָט” אונ זאָגט:

„אונ עפשער דאָרט אינ הימל־בזייט
דו לאכסט זיכ אויס פונ אונדזער לייד,
מיט פריצימ אייצעס טוסטו האלטנ,
ווי מיט דער וועלט אָט דאָ פארוואלטנ ?...” („ווענ איר, פאניטשעס...”)

---

[1]) Т. Шевченко. Дневник изд. Academia““, стр. 162.

מיט די אויסטראכטענישן וועגן יעזוסעס קרייצונג האָט מען שוין אינגאנצן דער־שלאָגן די ליבייגענע. שעווטשענקאָ אָבער האָט אַרויסגעקוקט מיט דער גרעסטער האָפענונג אף יענער צייט, ווען מע וועט „אָנעטשעס פון פורפור רייסן, ליולקעס צינדן בא קאדילעס״.

דער פּאָעט דער ליבייגענער האָט פאָרויסגעזאָגט דער פראוואָסלאווישער רע־ליגיע דעם זעלביקן סאָף, וואָס ער האָט פאָרויסגעזאָגט די פריצים:

„שיין דו קלאָרע! שיין דו שטילע!
שיין דו פריע, ניט פארהילטע!
איז פארוואָס־זשע האָט מען, ברודער,
אין דיין וואַרמער שטוב דיין גוטער
דיך פארקאָוועט און פארמאָווערט דיך,
דעם קליגסטן דיך באטריגן זיי,
און מיט פורפור דיך באדעקן,
מיט דעם צייכעם דיך דערשלאָגן?
ניט דערשלאָגן! גיב א רודער,
איבער זיי דערשיין, באווייז זיך,
דו באווייז זיך!... לאָמיר, ברודער,
אָנעטשעס פון פורפור רייסן,
ליולקעס צינדן בא קאדילעס,
מיט איקאָנעס הייצן הרובעס,
און פארקערן מיט קראָפּילעס
אין דער נייער שטוב די דילן״. („שיין דו קלאָרע!..״)

די געטער, ווי שעווטשענקאָ זאָגט, לייגן פונקט אזויווי די פריצים.

„דו זאָג זיי אָט־וואָס: עס לייגן געטער,
און אָפּגעטער אין פרעמדע טעמפּלען!
דו זאָג, ס׳וועט אופוואכן דער עמעס,
וועט אופרופן, באגייסטערן און טרייבן,
און ניט דאָס אָפּגעלעבטע וואָרט,
דאָס געשענדעטע,—דאָס נייע וואָרט
וועט צווישן לייט מיט א געשריי אדורכ״. („הוישייע קאפּ. XIV״)

ווענדנדיק זיך צו קריסטוסן, זאָגט שעווטשענקאָ:

„... ס׳האָבן זיך געקויקלט
אויך אונזערע קאָזאקישע
נארישע קעפּ פארן עמעס—
פאר קריסטוסעס גלויבן.
און אייגן און פרעמד בלוט געזויפן...
און וואָס באקומען? עך, בלויז גאָר!
נאָך ערגער געוואָרן!
אָן א מעסער, אָן א אאוטאָ־דא־פע,
די מענטשן דערוואָרגן
און אין קייטן פארשמידט... אָ, איר פאנעס,
איר קריסטנס פאָהאנע!״ („א כאָלעם״)

די צארן זיינען בא שעווטשענקאָן די זעלבע הינט־יעגערס, און גאָט איז דער זעלבער צאר:

„אָ, מענטשן, נעבעכדיקע מענטשן!
די קיניגן—וואָס דארפט איר זיי?
די הינט־שלעגער א גאנצע ריי?
איר זיינט דאָך ניט קיין הינט, נאָר מענטשן!״ („אָ, מענטשן...״)

אין דער צייט, ווען אלע טריי־אונטערטעניקע פונעם צארישן רוסלאנד האָבן אין 1860־טן יאָר זיך געיילט אויסצודריקן זייער מיטגעפיל אלעקסאנדער דעם צווייטן

אין צוזאמענהאנג מיטן טויט פון דער „אימפעראטאָרן" דער אלמאָנע, האָט שעווטשענקאָ „געווידמעט" אזא ליד דער קייסערן אלעקסאנדרע פיאָדעראָוונע:

„כאָטש א ליגנדיקן שלאָגט מען ניט,
נאָר אויך קיין רו אים קיינער גיט
דעם נישט. און דיך, אָ, צויג,
אי מיר, אי אייניקלעך, אזוי
די גאנצע וועלט וועט דיך פארשעלטן!
און ניט פארשעלטן, נאָר באשפּײַען
די הינט, וואָס האָבן דיך געזויגן,
די הינט, וואָס דו האָסט אופגעצויגן.

אָ ווײ, אָ פּײַן, אָ ליידן מײַנע!
צי וועט איר ווען עס איז פארשווינדן!
צי עפּשער וועלן זיי, די צארן
מיט שקלאפן—מיניסטאָרן, הארן,
פאריאָגן אײַך מיט בייזע הינט?
אָ, ניין! ס'וועט אָט־וואָס גיך פאסירן:
ס'וועלן מענטשן שטיל, אָן ראש, אָן ליארעם
דעם לעצטן צאר צום טאליען פירן!"

מיט דער גאנצער קראפט פון זײַן קינסטלערישן טאלאנט האָט שעווטשענקאָ אָפּגעשפּיגלט דעם צושטאנד, אין וועלכן ס'האָבן זיך געפונען די לײַבייגענע פרויען אפ אוקראַינע. אויב די לײַבייגענע אין אלגעמיין האָט מען פארקויפט, געביטן אפ הינט א. אז. וו., איז דערגאנגען ביז דער העכסטער שטופע דאָס כײַישע איזדעקעווען זיך איבער פרויען:

„איך זע: ווי שעפעלעך א שארע,
עס גייען מיידלעך נאסע־דארע,
נאָך זיי זיך שלעפּט, אין דרײַ געבויגן,
אן אלטיטשקער (אן אינוואליד) —
א פרעמדע טשערעדע ער היט —
... און ווו איז די ליכט אוועקגעפלויגן?
און ווו איז דער עמעס? ווייטעק, ווייטעק!
מע טרײַבט זיי הונגעריקע, הוילע

צו זייער „מאמע" דאָרט אין הויף
(„איר אָפּגעבן דעם לעצטן כויוו"),
מע טרײַבט די אומגליקלעכע שאָף!
וועט קומען א געריכט, א שטראָף?
אפּ אלע הערשער אפּ דער ערד
ווען קומט דער עמעס שוין אהער?
ס'מוז אופגיין שוין די זון פון עמעס
און די פארשוועכטע ערד פארברענען!"

שעווטשענקאָ האָט שטענדיק אונטערגעשטראָכן זײַן האס צום פּריצנטום. באזונדערס ווערט עס אָפּגעשפּיגלט אינעם ווערק „הײַדאמאקעס", ווו ער וויקלט פאנאדער דאָס בילד פון דער קאָליִיעווטשינע. אין אסאך ערטער שטרײַכט ער אונטער, אז די הײַדאמאקעס האָבן געשלאָגן די „ליאכן־פּריצים", אז זיי פלעגן אָנפליִען, ווי „שווארצע ראָבן די הויכגעבאָרענע פּריצים צו וועקן". מיט צאָרן ווארפט ער אָפּ די אָנפאלן פון די שליאכטישע היסטאָריקער, וועלכע האָבן זיך אפּ אים ארופגעוואָרפן פאר זײַנע „הײַדאמאקעס". ער זאָגט די היסטאָריקער:

„כ'דאנק אײַך פאר דער אייצע!
א גוטער טולופּ, ס'איז א שאָד נאָר—
ער וויל אפּ מיר ניט ליגן,
און דאָס וואָרט דאָס קלוגע אײַערס
האָט אן אונטערשלאק פון ליגן". („הײַדאמאקעס")

אפילע אין דער ליד וועגן „דניעפּער" זאָגט ער, אז „ס'וועט א פלייץ טאָן אסאך, אסאך שליאכטישע בלוט". די הײַדאמאקעס באטראכט ער, ווי מענטשן, וואָס זײַנען פארפּײַניקט געוואָרן און האָבן געענטפערט מיט בלוט פאר בלוט, ווײַל בא זיי זײַנען געווען „פארפּײַניקטע הענט", האָבן זיי „זיך באפרײַט" און האָבן געענטפערט „מיט בלוט פאר בלוט און מיט ווייטעק פאר ווייטעק".

אין זײַן „סודע אין ליסיאנקע" שטרײַכט ער אונטער, אז „אפּ די קראָקוועס שווארצן זיך פּריצישע טויטע קערפּערס".

באם ארויסגעבן דעם „קאָבזאר" האָבן די נאציאָנאליסטן אומיסטן אויסגעשטראָכן איין אָרט אין „הײַדאמאקעס" („סודע אין ליסיאנקע"), קעדיי אונטערצושטרײַכן, אז שעווטשענקאָ האָט, קלוימערשט, געפילט א האס ניט צו די יידן עקספלואטאטערס, נאָר צו די יידן אין אלגעמיין.

אזוי איז אויסגעשטראָכן געוואָרן אזא אָרט:

„ס'איז דו האָסט קיין מליעוו געבראכט
צום טיטער די שיקערע ליאכעס,
איך, לייבאָ, איך שפּאָט ניט, איך לאַך ניט,
— איך בין יארעמא,
דײַן נײַמיט דײַן אלטער—
דו האָסט ניט דערקענט? באהאלט ניט..."

פון די דאָזיקע ווערטער איז צו זען, אז יארעמא איז געווען א באטראַק בא א יידישן גוויר, און דאָס דאָזיקע באטײַט, אז יארעמא טרעט ארויס בא שעווטשענקאָן ניט ביכלאל קעגן יידן, נאָר קעגן יידן־עקספּלואטאטערס.

די אוקראַינישע נאציאָנאליסטן האָבן פאלסיפיצירט, זיי האָבן אומיסטן אויסגעשטראָכן אָט דאָס אָרט אין שעווטשענקאָס שאפן, קעדיי שעווטשענקאָן צושרײַבן אנטיסעמיטיזם.

דאָס זעלבע איז נייטיק צו באצייכענען, אז ווען שעווטשענקאָ האָט גערעדט וועגן א מאָסקאל אין „קאטערינא", האָט ער אונטערגעשטראָכן, אז דאָס איז א „מאָסקאל" א פּאָרעץ, א גוטבאזיצער, אן אָפיצער.

אָט וויאזוי שעווטשענקאָ האָט אונטערגעשטראָכן אין „קאטערינא" דעם קלאסעווון כאראקטער פון זײַן באציונג צו דעם דאָזיקן פּאָרעץ „מאָסקאל":

„פּאָרט זיך א פאעטאָן קיין קיעוו,
אין שפּאן זעקס פערדלעך שווינדלען.
אין פאעטאָן דאָרט זיצט א פּריצע,
דער פּאן מיט זײַן געזינדל.
שטעלט ער אָפּ זיך לעמ די בלינדע —
שטיל דער שטויב באדעקט זיי".

קלאָר, אפּ א קארעטע, געשפּאנט מיט 6 פערד, דערצו נאָך מיט א מאדאם א פּריצטע, האָט געקענט פּאָרן ניט קיין רוס—א לײַבייגענער, נאָר א רוס—א פּאָרעץ.

אין זײַן דיכטונג האָט שעווטשענקאָ דירעקט זיך אָפּגערופן אפּ די דעמלטיקע פּאָליטישע געשעענישן, וואָס זײַנען פּאָרגעקומען ניט נאָר אין אוקראַינע, נאָר אויך אין רוסלאנד.

אין דער מיסטעריע „וועליקי ליאָך" שפּיגלט ער אָפּ די געשעענישן פון 1839־טן יאָר, ווען מע האָט רעמאָנטירט די פּעטערהאָפער פאָנטאנען און קאנאלן, ווען מע האָט געבויט ספּעציעלע געבײַדעס, קעדיי די פּריצים זאָלן קענען זען די ארבעט פון די פאָנטאנען און שטאָלצירן מיט דעם.

„אָט דאָס וועט זײַן א מאבל!
די פּריצים וועלן זיך אופהייבן אהין
און וועלן פונדאָרטן קוקן,
ווי עס זינקען די מוזשיקעס".

אזוי אויך האָט שעווטשענקאָ זיכ אָפּגערופנ אפ דער בויונג פונ דער ניקאָלײַעווער אײַזנבאַנ.

אינעמ „וועליקי ליאָכ", איבערגעבנדיק דעמ געשפּרעכ פונ דרײַ וואָראָנעס, האָט שעווטשענקאָ אופגעדעקט די גוואַלדטאַטנ, וואָס דער צאַריזמ האָט געטראָגנ די אַר־בעטנדיקע מאַסנ, בויענדיק די אײַזנבאַנ:

„די דריטע.

אָ, שוועסטער, גאָרניט ווייניק!
דרײַ אוקאַזנ אָנגעקאַרקעט
אפ א וועג אפ אייגעמ.

די ערשטע.

אפ וועלכנ? אפנ געשמידטנ?
אונ אָנגעוואַלגערט דאָרטנ?

די דריטע.

אפ אייג ווערסט דאָרט בא זעקס טויזנט
נעפּאַשעס אויסגעשאָכטנ.

די ערשטע.

דו לײַג ניט, ס'איז נאָר פינפ,
אונ דאָס מיט קאָרפּנ איניינעמ.
באַרימט זיכ נאָכ אונ ווײַזט גאָר אָנ
אפ פרעמדער אַרבעט..."

דאָס איז געווענ אנ אָפּרופ אפ דעמ, וואָס ניקאָלײַ דער ערשטער האָט ארויס־געגעבנ „דרײַ באַפעלנ" וועגנ אנ אייגערלעכער האַלוואָע, אונ פאָנ קאָרפ האָט דירעקט אָנגעפירט מיט דער אַרבעט אפ דער אײַזנבאַנ. אפּ יעדנ ווערסט פונ דער אויסגע־בויטער אײַזנבאַנ זײַנענ דאַנ אומגעקומענ אַסאַכ אַרבעטנדיקע מענטשנ. שעווטשענקאָ רופט זיכ אָפּ אפ דעמ אונ גיט די דאָזיקע געשעענישנ זײַנ אָפּשאַצונג.

## 5

שעווטשענקאָ איז געווענ א הויכ־קולטורעלער מענטש. די געשעענישנ, וואָס האָבנ זיכ דאַנ פאַנאַנדערגעוויקלט אפ אוקראַינע, אונ די ענלעכע געשעענישנ פונ דער פאַר־גאַנגענהײַט האָט ער פאַרבונדנ מיט דער רעוואָליוציאָנערער באַוועגונג, וואָס האָט זיכ דאַנ פאַנאַנדערגעוויקלט אינ איירָאָפּע. די אופשטענדלערישע באַוועגונג אינ אור־קראַינע אינעמ 1768־טנ יאָר, די קאָליִעווטשינע, פאַרגלײַכט ער מיט דער בורזשואַזער פראַנצויזישער רעוואָליוציע.

אינ זײַנ דערציילונג „א שפּאַציר..." שרײַבט ער:

„אינ וואָס—אינ וואָס,— נאָר אינ אַזעלכע געשעענישנ, וואָס זײַנענ ענלעכ צו די געשעענישנ פונעמ 1768־טנ יאָר, האָבנ מײַנע לאַנדסלײַט ניט אָפּגעטראָטנ קיינ איינ איירָאָפּייִשער נאַציע, אונ אינ 1768־טנ יאָר האָבנ זיי אפילע אריבערגעשטיגנ די ערשטע פראַנצויזישע רעוואָליוציע"[1].

ריכטיק האָט וועגנ שעווטשענקאָנ געזאָגט הערצענ:

„ער איז גרויס דערמיט, וואָס ער איז אנ עמעסער פאָלקס־שרײַבער, אזוי ווי אונדזער קאָלצאָוו, נאָר ער האָט אַסאַכ א גרעסערנ באַטײַט איידער קאָל־צאָוו, דערפאַר וואָס שעווטשענקאָ איז אויכ א פּאָליטישער טוער אונ ער איז א קעמפער פאַר פרײַהײַט"[2].

טשערנישעווסקי האָט כאַראַקטעריזירט שעווטשענקאָנ ווי א גרויסנ אווטאָריטעט, ווי אנ אָנגעזעענעמ שרײַבער.

---

[1]) שעווטשענקאָ. א שפּאַציר מיט פאַרגעניגנ אונ ניט אָנ מאָראַל, 1888 יאָר.

[2]) А. И. Герцен. Полн. собр. соч. т. XII, 1919, стр. 129.

„ער האָט ענדגילטיק אונדז דערקלערט יענעם עמעס, וועלכן מיר האָבן שוין פון לאַנג אַליין מעשאער געווען. אָט איז ער.

אין די קאַנטן, וואָס זײַנען באַפעלקערט מיטן קלײנרוסישן פאָלק, האָט די אָנגעצויגנקייט פון די באַציִונגען צווישן די קלײנרוסן און פּאָליאַקן זיך באַזירט ניט אַפן אונטערשייד פון נאַציִאָנאַליטעט אָדער גלויבן; דאָס איז פּראָסט געווען אַן אָנגעצויגנקייט פון די שטאַנד־באַציִונגען צווישן די פּויערים און גוט־באַזיצער. די מערהייט גוטבאַזיצער זײַנען פּאָליאַקן, דעריבער דאַרף מען פאַרשטיין דעם אומצופרידנקייט פון די פויערים: דער פאָלק צו די פּאָליאַקן, ווי אַ פּאָשעטן אומצופרידן צו די גוטבאַזיצער. ווען די קלײנרוסן רעדן וועגן די פּריצים, פאַרגעסן זיי בלויז צוגעבן, אַז צווישן די דאָזיקע פּריצים זײַנען אויך דאָ קלײנרוסן, ווײַל די דאָזיקע פּריצים קלײנרוסן זײַנען אַסאַך ווינציקער איידער די פּאָליאַקן, נאָר צו די דאָזיקע פּריצים איז זייער באַציִונג פּונקט אַזאַ, ווי צו דער פּוילישער מערהייט פּריצים. דער נאַציִאָנאַלער אונטערשייד מאַכט דאָ ניט קיין כילעק. וועגן די געפילן און וועגן דער באַציִונג פון די פּוילישע פּריצים צו די פּויערים פון פאַרשיידענע פעלקער דאַרף מען זאָגן פּונקט דאָס זעלבע, וואָס וועגן די געפילן פון די קלײנרוסישע פּויערים צו די פּריצים פון פאַרשיידענע פעלקער: דער נאַציִאָנאַלער אונטערשייד מאַכט אויך דאָ ניט קיין שום כילעק אין די באַציִונגען. פונעם פּוילישן פּויער האָט דער פּוילישער פּאָרעץ געפּאָדערט אַבסאָליוט ניט ווייניקער, ווי פונעם קלײנרוסישן פּויער. קיין איינע פון די האַנאָכעס, וועלכער ער האָט געמאַכט, אָדער ער איז אײַנגעגאַנגען צו מאַכן דעם פּוילישן פּויער, האָט ער זיך ניט אָפּגעזאָגט צו מאַכן אויך דעם קלײנרוסישן פּויער. דאָ איז געגאַנגען אין געלט, אין שטאַנד־פּריווילעגיעס און אַבסאָליוט ניט אין נאַציִאָנאַליטעט אָדער אין גלויבן. דער קלײנרוסישער פּאָרעץ און דער פּוילישער פּאָרעץ שטייען אַף איין זײַט, זיי האָבן איינע און די זעלבע אינטערעסן, דער קלײנרוסישער פּויער און דער פּוילישער פּויער האָבן אַן אַבסאָליוט אַלצײַנעם גורל; אויב דער דאָזיקער גורל איז געווען שלעכט פריִער, איז ער געווען שלעכט פאַר ביידן אַלצײַנס; אַף וויפל דער דאָזיקער גורל ווערט, אָדער ער וועט ווערן בעסער פאַר איינעם פון זיי, פּונקט אַף אַזויפיל וועט ער בעסער ווערן פאַרן צווייטן...

... מיר ווייסן, אַז אויך זייער אַסאַך פון די געבילדעטע קלײנרוסן, כוץ די גוטבאַזיצער די קלײנרוסן, וועלן ניט וועלן אָנערקענען אונדזער מיינונג פאַר אַן עמעס; די דאָזיקע מיינונג ווידערשפּרעכט דעם נאַציִאָנאַלן פּאָרורטייל, דעריבער וועלן זיי אַסאַך אָפּוואַרפן, אַלנפאַלס דאָס ערשטע מאָל. נאָר קיינע אומבאַגרינדעטע דערווידערונגען וועלן ניט אומוואַקלען אונדזער מיינונג, וואָס שטיצט זיך אַף אַזאַ אווטאָריטעט ווי שעווטשענקאָ. ניט אָפּוואַרפן און־דזערע ווערטער אייצענען מיר די פרײַנט פונעם קלײנרוסישן פּאָלק, נאָר זיך פאַרטראַכטן איבער זיי, דורכקאָנטראָלירן זיי מיט פאַקטן. די פאַקטן וועלן עס באַשטעטיקן, דעריבער זײַנען מיר זיכער, ווײַל שעווטשענקאָ האָט אויסערגע־ווײנלעך גוט געקענט דעם שטייגער פונעם קלײנרוסישן פּאָלק. שטיצנדיק זיך אַף דעם דאָזיקן אומגעוואַקלטן אווטאָריטעט, זאָגן מיר פעסט, אַז די, וועלכע

ס'וועט זיך פארגלוסטן ארויסטרעטן קעגן אונדזער מיינונג, זײַנען פארבלענדט פון פאָרורטיילן, און דאָס קליינרוסישע פאָלק קען פון זיי ניט דערווארטן פאר זיך קיין זאך כוץ שאָדן" [1]).

ס'איז פארשטענדלעך, פארוואָס עס ליגט אזא טהאָם צווישן די מיטגלידער פון דער קיריל־מעפאָדישער ברודערשאפט — די אוקראַיִנישע פריצימלעך קאָסטאָמאראָוו, קוליש, בילאָזערסקי א. אנד. פון איין זײַט, און שעווטשענקאָן—פון דער צווייטער זײַט.

לאָמיר באטראכטן די צווישנבאציִונגען צווישן שעווטשענקאָן מיט אנדערע מיטגלידער פון דער ברודערשאפט—מיט קולישן, קאָסטאָמאראָוון און אנדערע.

אָט וואָס עס האָט געזאָגט קאָסטאָמאראָוו אפן פארהער אינעם דריטן אָפטייל:

„וואָס אָנבאלאנגט פערזענלעך מײַנע מיינונגען, זאָג איך אָפן, אז איך האָב שטענדיק אָנערקענט די הייליקײַט פון דער מאָנארכיסטישער רעגירונג, ווײַל, זײַענדיק א קריסט, כאָטש מעגלעך ניט קיין עכטער, נאָר אזא, וואָס האָט שטענדיק געגלייבט מיטן פראָסטן הארצן אין גאָטס וואָרט, האָב איך קלאָר געזען, אז פון דעם ערשטן בלעטל פון דער ביבל ביזן אפּאָקאליפּסיס ווערט די מאָנארכיע אנערקענט, ווי א נאָרמאלע פאָרם פון דער געזעלשאפט, ווי דאָס איז צו זען פונעם דירעקטן זין פון די ווערטער; אין דער צײַט, ווען די, וועלכע האָבן באַרעכטיקט די רעפּובליק, זײַנען געצווונגען געווען צו פאר־קריפּלען און צעקאליעטשען דעם דירעקטן זין; נאָר ווי א זינדיקער מענטש האָב איך זיך פארכאפּט מיט די סאָציִאלע פראגעס וועגן אריסטאָקראטיע און דעמאָקראטיע ניט אין הינזיכט פון רעגירונג, נאָר אין הינזיכט פון שטאנדן, און אין מײַנע ארויסזאָגונגען, אָפּט פניִעסדיק, בין איך שטענדיק געווען אפּ דער זײַט פונעם דעמאָקראטישן, ד. ה. פונעם פראָסטן קלאס" [2]).

שעווטשענקאָ איז געווען קעגן דער מאָנארכיע, קאָסטאָמאראָוו—פאר דער מאָ־נארכיע. שעווטשענקאָ איז געווען פאר דער דעמאָקראטיע, קאָסטאָמאראָוו אָבער האָט זיך גערעכנט פאר א „זינדיקן מענטשן, וואָס ער האָט זיך פארכאפּט מיט סאָציִאלע פראגעס".

און אָט האָבן מיר א צווייט פּאָרעצל — קוליש, אפן פארהער אין דריטן אָפּטייל אין 1847־טן יאָר האָט ער געזאָגט:

„איך וויל ניט פארלייקענען, אז צײַטנווײַז האָב איך געטראכט, אז אין אוקראַיִנישן פאָלק וועלן, מעגלעך, ווידער זיך איבערכאזערן די גרויליקע סצע־נעס פונעם 1768־טן יאָר, ווען אפן רעכטן ברעג דניעפּער האָט דער פּאָשע־טער האמוין געוואָלט פארניכטן זײַנע הארן.

... איבערקוקנדיק איצטער די דאָזיקע ווערק, זע איך מיט שרעק, אז אסאך פון זיי זענען אויס צו זײַן בייזוויליקע. נאָר גאָט איז מײַן איידעס, אז איך האָב קיינמאָל ניט געהאט קיין פארברעכערישן געדאנק אופצורודערן די מוי־כעס פון מײַנע לאנדסלײַט קעגן זייער געזעצלעכער רעגירונג. מײַן ליבע צו קליינרוסלאנד שוואכט אבסאָליוט ניט אָפּ אין מיר די דאנקבארע ליבע צו

[1]) „Лит. Наследство" 1932, № 3, стр. 101—102.

[2]) „Збірник пам'яті Шевченка" 1915, стор. 149.

אונדזער געמײנזאַמענ פֿאָטערלאַנד רוסלאַנד, װאָס פֿונ זײַנ קראַפֿט אונ גליק־לעכנ װוּלטאָג איז אַבסאָליוט אָפּהענגיק אױכ דער װױלשטאַנד פֿונ קלײנרוס־לאַנד" [1]).

דער מיטגליד פֿונ דער ברודערשאַפֿט דער פּאָרעצ בילאָזערסקי האָט געהאַלטנ, אַז שעװטשענקאָס „כאָלעמ" איז אַנ אַרױסזאָגונג פֿונ א מענטשנ, װאָס האָט געקענט אַזױנס שאַפֿנ בלױז אינ „אַנ אומנאָרמאַלנ צושטאַנד". שעװטשענקאָנ האָט דער הער בילאָזערסקי גערעכנט פֿאַר אַנ אומנאָרמאַלנ מענטשנ.

פֿונ די דאָזיקע דאָקומענטנ זעט מענ, װיאַזױ עס האָבנ זיכ באַצױגנ צו שעװ־טשענקאָס שאַפֿונג די רעגירונג, דער דריטער אָפּטײל אונ די אוקראַיִנישע פּריצימ, װעלכע, זײַענדיק מיטגלידער פֿונ דער קירילמעפֿאָדישער ברודערשאַפֿט, האָבנ זײ מוירע געהאַט פֿאַר שעװטשענקאָנ, װי פֿאַרנ פֿאָרשטײער פֿונעמ פֿאַרשקלאַפֿטנ פּױערטומ.

פֿונ דעמ זעט מענ, אַז װענ די מיטגלידער פֿונ דער ברודערשאַפֿט האָבנ גערעדט װעגנ װעלכע ניט איז ענדערונגענ אינעמ געװעזענעמ רוסלאַנד, האָבנ זײ קײנמאָל ניט געשטעלט פֿאַר זיכ קײנ רעװאָליוציאָנערע אויפֿגאַבעס. זײ זײַנענ געשטאַנענ אױפֿ די פּאָזיציעס פֿונ מאָנאַרכיע אונ פּראַװאָסלאַװיע, זײ האָבנ מוירע געהאַט פֿאַר די פֿאַרשקלאַפֿטע פּױערימ, זײ האָבנ מוירע געהאַט פֿאַר די אופֿשטענדלערישע באַװעגונגענ, זײ האָבנ געציטערט פֿונעמ געדאַנק, אַז די קאָליעװשטשינע קענ זיכ איבער־כאַזערנ נאָכ אינ א גרעסערנ פֿאַרנעמ. אָט פֿאַרװאָס זײ האָבנ זיכ סײַ אױפֿנ פֿאַרהער אינ דריטנ אָפּטײל, סײַ אינ זײער װײַטערדיקער אַרבעט אָפּגעטרײסלט פֿונ שעװ־טשענקאָנ אונ זײ האָבנ געפֿירט קעגנ אימ אַנ אַקשאָנעסדיקנ קאַמפּ. זײ האָבנ מוירע געהאַט פֿאַר זײַנ שאַפֿונג, װאָס איז פֿאַר יענער צײַט געװענ רעװאָליוציאָנער, אונ האָבנ אַלצ געטאָנ, קעדײ מאַכנ צונישט זײַנ שאַפֿונג, װײַבאַלד ס'האָט זיכ זײ ניט אײַנגעגעבנ שטעלנ אינ זײער דינסט אָט די שאַפֿונג.

ניט אַזױ האָט זיכ געהאַלטנ אױפֿנ פֿאַרהער אינעמ דריטנ אָפּטײל שעװטשענקאָ.

אױפֿנ פֿאַרהער דעמ 21־טנ אַפּרעל 1847־טנ יאָר האָט מענ שעװטשענקאָנ געשטעלט פֿראַגעס װעגנ זײַנ באַציִונג צו דער רעגירונג, װעגנ דעמ כאַראַקטער פֿונ זײַנ שאַפֿונג.

אָט זײַנענ די דאָזיקע פֿראַגעס אונ שעװטשענקאָס ענטפֿער אױפֿ זײ:

„מיט װאָס פֿאַר א ציל האָט איר געשריבנ לידער, װאָס קענענ אױפֿרודערנ די מויכעס פֿונ די קלײנרוסנ קעגנ אונדזער רעגירונג, געלײענט די דאָזיקע לי־דער אונ די פֿאַרשײדענע פּאַסקװילנ אינ דער געזעלשאַפֿט פֿונ אײַערע פֿרײַנט, זײ געגעבנ אַנדערע אַראָפּצושרײַבנ? צי האָט איר ניט געשאַפֿנ די דאָזיקע לי־דער קעדײ דורכ זײ צו פֿאַרשפּרײטנ די אידײענ פֿונ דער געהײמער געזעל־שאַפֿט אונ צי האָט איר ניט געהאָפֿט דורכ דעמ צוגרײטנ אַנ אופֿשטאַנד פֿונ די קלײנרוסנ?" [2]).

שעװטשענקאָ האָט אױפֿ דעמ געענטפֿערט:

„מײַנע לידער פֿלעגנ געפֿעלנ װערנ די קלײנרוסנ, אונ איכ האָב זײ געשאַפֿנ אונ געלײענט פֿאַר זײ אָנ שומ ציל. אַראָפּשרײַבנ האָב איכ ניט געגעבנ, נאָר איכ בינ געװענ ניט פֿאָרזיכטיק, װאָס איכ האָב זײ ניט באַהאַלטנ" [2]).

---

[1]) „Збірник пам'яті Шевченка" 1915, стор. 170—183.

[2]) Матеріали пам'яті Т. Шевченка 1915, стор. 166.

די צווייטע פראגע:

„דורכ וואָס פאר א צופאלן זײַנט איר דערגאנגענ צו אזא פרעכקײַט, אז איר האָט געשריבנ די סאמע אזעסדיקע לידער קעגנ דעמ קייסער דעמ אימ־פעראטער, אונ צו אזא אומדאנקבארקײַט, ווײַל אויסער דעמ, וואָס דער קייסער איז א הויכע, הייליקע פערזאָנ, האָט איר פארגעסנ, אז ער אונ זײַנ דערהויבנ־סטע פאמיליע זײַנענ אײַערע וווילטוער, וואָס האָבנ אזוי צארט באהאנדלט אײַכ באמ אויסקויפנ פונ לײַבייגנטומ?” [1]).

אפ דעמ האָט שעווטשענקאָ געענטפערט:

„נאָכ זײַענדיק אינ פעטערבורג, האָב איכ אומעטומ געהערט אזעסדיקע ארויסזאָגונגענ אונ טאדל־ווערטער אפנ אדרעס פונעמ קייסער אונ פונ דער רעגירונג. אומקערנדיק זיכ קיינ קליינרוסלאנד, האָב איכ דערהערט נאָכ ער־גערע ווערטער צווישנ דער יוגנט אונ צווישנ די באיאָרטע מענטשנ, איכ האָב אײַנגעזענ דעמ דאלעס אונ שרעקלעכע אונטערדריקונג פונ די פויערימ דורכ די גוטבאזיצער, פאָסעסערס אונ עקאָנאָמענ־שליאכטיטשעס. אונ דאָס אלצ איז געטאָנ געוואָרנ אונ עס ווערט געטאָנ אינ נאָמענ פונעמ קייסער אונ פונ דער רעגירונג” [1]).

ווי מיר זעענ, האָט שעווטשענקאָ זיכ שטאָלצ געהאלטנ, שטייענדיק פאר זײַנע סאָנימ — די צארישע זשאנדארמענ. ער האָט זיכ ניט אָפּגעזאָגט פונ זײַנע פּאָליטישע אָנשויונגענ, אפנ פארהער איז ער געווענ דער זעלבער, ווי אפ דער פרײַהײַט.

דער סאמע אויסגעשפּראָכענער פאָרשטייער פונעמ אוקראַיִנישנ פריצנטומ, וועל־כער האָט, צוערשט אינ א פארמאסקירטער פאָרמ, נאָר אקשאָנעסדיק געקעמפט קעגנ שעווטשענקאָס פּאָליטישע אָנשויונגענ — איז געווענ קוליש.

בייס שעווטשענקאָס לעבנ האָט ער אלצ געטאָנ אפ צונישט מאכנ שעווטשענקאָס פּאָליטישע ראָל, די רעוואָלוציאָנערע קראפט פונ זײַנ שאפונג.

אינ א בריוו פונעמ 12־טנ יול 1846־טנ יאָר האָט קוליש אזוי געשריבנ שעווטשענקאָנ וועגנ זײַנע „הײַדאמאקעס”:

„גיט מער מענטשלעכקײַט אײַערע „הײַדאמאקעס”, גיט א קוק בא שעק־ספירנ: איינ פערזאָנ, בלינד פונ כײַישער ווילדקײַט, פארגיסט דאָס בלוט פונ אירע סאָנימ, אונ די צווייטע פערזאָנ רעדט מיט א מענטשלעכער שטימ; אָפּט ווערט אפילע די זעלבע טאקע פערזאָנ דערציטערט אונ דערמיט דער־ווײַזט זי דעמ עמעס, אז די מענטשלעכע יעסוידעס ווערנ קיינמאָל ניט דער־שטיקט דורכ די כײַישע. באנעמט עס נאָר, טאראס גריגאָריעוויטש (ניט מאכ־מעס איכ האלט זיכ העכער פונ אײַכ, זאָג איכ עס, נאָר איכ רעד פונעמ פראָסטנ הארצנ אלס א קינסטלער, א ברודער), באנעמט די צווישנבאציִונג צווישנ דער שאפונג פונ א פּאָעט אונ צווישנ דער נעשאָמע פונעמ לעזער, דאנ וועט איר בעעמעס זײַנ גרויס” [2]).

קוליש האָט מוירע געהאט, אז די רעוואָלוציאָנערע אָנגעזעטיקטקײַט פונ די „הײַדאמאקעס” וועט אינ דער סוויווע פונ די ארבעטנדיקע מאסנ אויספילנ איר

[1]) Матеріали пам'яті Т. Шевченка 1915, стор. 166.

[2]) Твори Т. Шевченко. Листування, ДВУ 1929, стор. 243.

רעוואָליוציאָנערנ באַרופ. אָט פאַרוואָס ער האָט „געייצעט" שעווטשענקאָנ „אויסצומיידנ בלוט" אינ זיינ שאפונג. נאָר ווי מיר זעענ, האָט שעווטשענקאָ אפ דער דאָזיקער אייצע ניט געלייגט קיינ אכט.

קוליש האָט גוואַלדיק ליב געהאַט „אַרומרייניקנ" שעווטשענקאָס שאפונג. אינ זיינ בריוו צו שעווטשענקאָנ פונעמ 22־טנ דעקאַבער 1857־טנ יאָר האָט ער געשריבנ:

„כ'האָב האַרציק ליב דיינ מוזע אונ וועל ניט קאַרגנ קיינ צייט אפ איבערשרייבנ דאָס, וואָס זי האָט דיר אונטערגעזאָגט — זאָל זי ניט אַרויסגייניפאַר לייטנ ווי אַ צעכראַסטעטע ציגיינערנ מיט ניט קיינ צוגעדעקטנ קאָפּ, זאָל זי זיכ באַווייזנ פאַר דער וועלט, ווי אַ שיינ מיידל, ווי אַ טאַטנס אַ טאָכטער, אַזוי, אַז לויט דער טאָכטער זאָל מענ דערקענענ דעמ טאַטנ" [1].

אינ „נעאָפיטנ" האָט שעווטשענקאָ, ווי באַוווסט, אויסגעדריקט זיינ צאָרנ, זיינ אופגעבראַכטקייט קעגנ צאַר, קעגנ פריצנטומ.

אייַלט זיכ קוליש מיט זיינע „אייצעס" צו שעווטשענקאָנ:

„דיינע „נעאָפיטנ", ברודער טאַראַס, איז אַ ווילע זאַכ, נאָר ניט פאַרנ דרוק. עס טויג ניט דערמאָנענ דעמ זונ וועגנ דעמ טאַטנ, ווענ מע דערוואַרט פונעמ זונ עפּעס וואָס גוטס. ער איז דאָכ בא אונדז איצט דער ערשטער מענטש; ווענ ניט ער, וואָלט מענ אונדז דעמ אָטעמ אָפּכאַפּנ ניט געלאָזט, אונ די באַפרייונג פונ די לייבייגענע — איז דאָכ אויכ זיינ אופטו" [2].

ווי מיר זעענ, האָט קוליש געוואָלט שאָלעמ מאַכנ צווישנ שעווטשענקאָנ אונ אַלעקסאַנדער דעמ צווייטנ, נאָר דאָס האָט זיכ אימ ניט איינגעגעבנ.

אונ אָט נאָכ שעווטשענקאָס טויט, אינ די זיכרוינעס וועגנ פּאָעט, דעמאַסקירט זיכ אינגאַנצנ קוליש, ער דערווייזט אָנשוילעכ זיינ באַציִונג צו שעווטשענקאָס שאפונג:

„קוקנדיק אפ דער אָקסנפעל, וואָס אפ איר שרייבט אופ דער טייוול דעמ מענטשנס זינד, האָט דער שלימאַזל טאַראַס געקענט זאָגנ דעמ, וואָס פאַרמאָגט אויערנ צומ הערנ: „דיינס פונ דיינע ברענג איכ דיר אי פאַר זיכ זעלבסט, אי פאַר אַלע לאַנדסלייט מיינע, עס אונ זאָל דיר זיינ צו געזונט אונ דערמאַנ מיכ קאָלזמאַנ די זונ שיינט, וויל אויכ דיינע גאָלדענע זשוקלעכ, וואָס האָבנ זיכ גענומענ פאַר אַ דעוויז après moi le déluge, אויכ זיי, אָפּשפּעטנדיק הינטער די פלייצעס פונ זייער גאָט, האָבנ פאַרוואַנדלט אינ גלייכווערטלעכ די דאָזיקע ווערטער מיינע:

„אונ פונ דעמ פינ ביזנ מאָלדאַוואַנ —
אפ אַלע שפּראַכנ אַלצ דאָ שטוממט...
ווייזט אויס, פונ ווילטאָג..."

ניט אייביק אָבער וועט עס שווייגנ. ווענ עס איז וועט עס באַקומענ לאָשנ, גוט וועט זיינ, ווענ עס וואָלט אַ רעד געטאָנ מיט דער שפּראַכ פונ דער אינטעליגענצ, אָבער שלעכט איז, ווענ די ווילדע קראַפט פונ דעספּאָטיזמ וועט

[1]) Твори Т. Шевченка. Листування, ДВУ 1929, стор. 295.

[2]) דאָרטנ, ז. 291.

ארויסרופֿן פֿון געגעם די ווילדע קראַפֿט פֿון קנעכטשאַפֿט, דאַן וועט אויך אין אונדזער שלימאַזלדיקער אוקראַיִנע פֿאַרווירקלעכט ווערן דאָס ייִרמעיִאָעדיקע נעוויִעס זאָגן פֿון שעווטשענקאָ:

„... עס וועלן ריידן
די בערג, דער דניעפּער,
מיט הונדערטער שטראָמען
זיך גיסן ביז די יאַמען
וועט בלוט פֿון אײַערע קינדער...
און קיינער צו הילף וועט ניט קומען,
אַ ברודער וועט אַ ברודער ניט דערקענען,
און אַ קינד די מאַמע זײַנע...“

די רעגירער פֿון דער אימפּעריע פֿונעם 1847־טן יאָר האָט אויסגעזען פֿאַר אַ קלייניקייט אַראָפּצושלײַדערן אינעם רוסישן געגעם דאָס מוזשיקישע קינד, וואָס האָט געשריבן לידער ווער ווייסט אַף וואָס פֿאַר אַ שפּראַך. איצט שטייט דאָס מוזשיקישע קינד באַגלײַך מיטן פּריצישן קינד, באַגלײַך מיט פּושקינען. און אַזוי ווי אין רוסלאַנד איז אַלץ, וואָס איז ערלעך, איידל און הויך אין געדאַנק, גייט נאָך פּוס־טריט נאָך פּושקינען, אַזוי איז אַלץ, וואָס עס איז דאָ עכט מענטשלעכס אין אוקראַיִנע, גייט נאָך דער פֿאָן פֿון שעווטשענקאָ. אין דער זעלבער צײַט האָבן ביידע ניט אַלציינס געשילדערט די פֿאַרגעשריטענע מענטשן און די ריזן פֿונעם רוסישן גײַסט, די רעטער פֿון דער אימפּעריע בייסן געוויטער, די שעפֿער פֿון איר לאַגע אין אייראָפּע און די ערשטע אונטערהעלפֿער פֿון דער מעכטיקער פּרעסע, ניט געקוקט דערויף, וואָס זי איז נאָך צוגעדריקט געווען — פּיאָטער דעם ערשטן און יעקאַטערינע די צווייטע, ווײַל שעווטשענקאָ, וואָס האָט זיך אָנגעלייענט די פּסעוודאָ־היסטאָריקער, האָט אַזוי זיך צערעדט וועגן זיי:

„אָט דער „ערשטער“ האָט געקרייציקט
אוקראַיִנע אונדזער היימלאַנד,
און דערשלאָגן האָט די „צווייטע“
אונדזערע יעסוימימ“.

ביידע פּאָעטן זײַנען באַשענקט געווען מיט גרויסע גאָבן פֿון דער נאַטור. שעווטשענקאָ נאָך מער איידער פּושקין. ווער־זשע פֿון זיי האָט אַרײַנגעקוקט טיפֿער אינעם היסטאָרישן עמעס, צי דאָס פּריצישע, צי דאָס מוזשיקישע קינד? ווער פֿון זיי איז קאָמפּעטענטער צו זאָגן דאָס וואָרט וועגן אַזעלכע גרויסע זאַכן: צי דער, וואָס האָט געהאַט די געלעגנהײַט מיטצוהעלפֿן זײַן טאַלאַנט פֿון דער נאַטור מיט זײַן ברייטער לעבנס־דערפֿאַרונג, מיט קולטור און וויסנשאַפֿט, צי דער, ווער ס'האָט אַזאַ געלעגנהײַט ניט געהאַט? געוויס, איז די אויבערהאַנט דאָ געווען בײַ פּושקינען, און ניט בײַ שעווטשענקאָן.

ווען שעווטשענקאָס ריכטער וואָלטן געוווסט זייער פּאַסיק אָרט, וואָלטן זיי זיך ניט געמישט אין אַזעלכע זאַכן, וואָס איז ניט פֿאַר זייער סייכל, — דער שאַרפֿער שווערד וואָלט ניט דורכגעדרונגען דאָס האַרץ, וואָס איז

באַלויכטן געוואָרן מיטן רעטונג־געדאַנק „אָפּצוקומען פאַר דער זינד פונעם געקריוודעטן לעבן פון טאַראַסן". דורכן וועג פון וויסנשאַפט וואָלט שעוטשענקאָ זיך געווען פאַרייניקט מיט פּושקינען (ווייל דער עמעס איז נאָר איינער, ניטאָ קיין צוויי עמעסן), און די רוסישע איינהייט, וועגן וועלכער עס זאָרגן אַזוי אַזעלכע קלוגע מענטשן, ווי פּיאָטער מיט יעקאַטערינען און אַזעלכע „יאָלדן פון זייַן ליבן נאָמען", ווי דובעלט מיט אָרלאָוון, די דאָזיקע רעטונג פון אונדזער צוקונפט — די רוסישע איינהייט — וואָלט פּאַרפעסטיקט געוואָרן דורך שעוטשענקאָן נאָך מער איידער דורך פּושקינען אַליין" [1].

מיר זעען, אַז אין די דאָזיקע זיכרוינעס זייַנע, אינעם טראַקטירן שעוטשענקאָס שאַפונג האָט קוליש געוואָלט „שאָלעם מאַכן" צווישן אים מיט פּיאָטער דעם ערשטן און יעקאַטערינע דער צווייטער. מיר זעען, אַז קוליש ציטערט בלויז פונעם געדאַנק וועגן דעם, אַז אַפּ אוקראַיִנע „וועלן ריידן די בערג, דער דניעפּער, מיט הונדערטער שטראָמען זיך גיסן ביז די יאַמען וועט בלוט..."

קוליש האָט זייער אָפט ליב געהאַט צו ריידן וועגן דעם, אַז ער, קוליש, און שעוטשענקאָ זייַנען פאָרשטייער פון פאַרשיידענע שיכטן קאָזאַקנטום. מיט דעם קען מען איינשטימען. קוליש איז ווירקלעך געווען אַ פאָרשטייער פונעם אוקראַיִנישן פּריצנטום, פון די אוקראַיִנישע סטאַרשינעס, העטמאַנעס, וועלכע האָבן געשטיקט די קאָזאַקישע אָרעמשאַפט. שעוטשענקאָ אָבער איז געווען דער פאָרשטייער פון דער אוקראַיִנישער אָרעמשאַפט, וועלכע איז אויך אין די צייַטן פון די העטמאַנעס, אין דער צייַט פון דער זאַפּאָראָזשער סיטש געווען אונטערן יאָך פון סאָציאַלער קנעכטשאַפט, אונטערן יאָך פון די קאָזאַקישע סטאַרשינעס און פון די אוקראַיִנישע העטמאַנעס, זי האָט געקרעכצט אונטערן יאָך פון די אוקראַיִנישע, רוסישע און אַנדערע פּריצים.

בלויז אַזוי קאָן מען באַטראַכטן די דאָזיקע זאַך.

און ווען דער אוקראַיִנישער נאַציאָנאַליסט מיקאָלאַ יעוושאַן זאָגט אין זייַן אַרבעט „שעוטשענקאָ און קוליש", אַז

„דאָס, וואָס שעוטשענקאָ האָט בלויז דערמאַנט מיט זייַן גרויסער נעשאָמע,
האָט ווייַטער באַוווסטזיניק אַנטוויקלט דער גרויסער גייַסט — קוליש" [2], —

איז דאָס אַ נאַציאָנאַליסטישער ליגן. דאָס באַטייַט פאַלסיפיצירן די געשיכטע, ווייל שעוטשענקאָ און קוליש זייַנען געווען פאָרשטייער פון פאַרשיידענע סאָציאַלע שיכטן פון אוקראַיִנע.

און אומזיסט באַמיט זיך דער נאַציאָנאַליסט מיקאָלאַ יעוושאַן אין דער זעלביקער אַרבעט ווייַטער פאָרזעצן זייַן געדאַנק:

„אַזוי האָבן זיי ביידע געשניטן פאַר איין סנאָפּ — געזאָרגט וועגן איין
און דער זעלבער צוקונפט פאַר זייער פאָלק".

עס איז דאָך באַוווסט, אַז קוליש האָט געוואָלט שאָלעם מאַכן צווישן שעוטשענקאָן מיט ניקאָלייַ דעם ערשטן און אַלעקסאַנדער דעם צווייטן. עס איז דאָך

[1]) П. Куліш. Спогади про Т. Шевченка, стор. 71—73.
[2]) М. Євшан. Тарас Шевченко, Київ 1911,стор. 90—91.

באוווסט, אז קוליש האָט מיט גרויל געטראכט וועגנ דער מעגלעכקײַט, אז עס זאָל זיכ איבערכאזערנ די קאָליִעוושטשינע, וועלכע וואָלט געקאָנט פארניכטנ די פריצימ אפ אוקראיִנע. אונ שעווטשענקאָ האָט גערופנ צו באנײַענ, צו אומקערנ די קאָליִעוושטשינע, ער האָט גערופנ צו פויערשע אופשטאנדנ, צו א פויערשער רעוואָליוציִע, אונ עס איז אינגאנצנ קלאָר, אז די דאָזיקע ביידע פיגורנ זײַנענ געשטאנענ אפ קעגנזעצלעכע סאָציִאלע פּאָליוסנ. וויִאזוי אנדערש קענ מענ דענ ריידנ וועגנ דעמ, ווענ קוליש איז געקראָכנ אפ אלע פיר פארנ צאר, איז געווענ א מאָנארכיסט אונ די סאמע שווארצסטע רעאקציִע פונ ניקאָלײַ דעמ ערשטנ האָט ער כאראקטערירזירט, ווי „*גערעכטיקע הערשונג*". גערעכטיקע הערשונג האָט ער אָנגערופנ די הערשונג פונ דעמ זעלבנ ניקאָלײַ דעמ ערשטנ, וועלכער האָט פארטריבנ שעווטשענקאָנ אפ 10 יאָר אינ אָרסקער פעסטונג, וועלכער האָט אימ פארניכטעט פיזיש. פונ דעמ זעענ מיר, וואָס פאר א „איינ סנאָפּ" האָבנ קוליש אונ שעווטשענקאָ געשניטנ.

פיס־טריט נאָכ דעמ נאציִאָנאליסט יעוושאנ איז געגאנגענ אויכ גרושעווסקי. אויכ ער האָט געוואָלט אָפּלייקענענ די מיינונג־פארשיידנהײַטנ צווישנ קולישנ אונ שעווטשענקאָנ, ער האָט געוואָלט מאכנ צונישט די פּאָליטיש־רעוואָליוציִאָנערע וואָג פונ שעווטשענקאָס שאפנ, זײַנ פּאָליטישע טעטיקײַט אינ יענע צײַטנ, אינ דעמאָלטיקנ צארישנ רוסלאנד. גרושעווסקי האָט געהאלטנ, אז די קעגנזײַטיקע באציִונגענ צווישנ שעווטשענקאָנ אונ קולישנ זײַנענ בלויז געווענ א „טראגישער עפּיזאָד".

די אוקראיִנישע פריצימ האָבנ אָנגענומענ בא שעווטשענקאָנ בלויז די נאציִאָנאליסטיש־ראָמאנטישע זײַט פונעמ ערשטנ פּעריִאָד פונ זײַנ שאפונג. זיי האָבנ אימ אָנערקענט בלויז אינ דעמ טייל, ווו ער האָט אָפּגעשפּיגלט די ווירקונג פונ דער פריציש־שלאכטישער ליטעראטור אונ היסטאָריִאָגראפיִע.

קוליש דער פּאָרעצ האָט קיינמאָל ניט „געשניטנ" אונ ער האָט ניט געקענט „שנײַדנ" איינ סנאָפּ מיט שעווטשענקאָנ. קוליש דער פּאָרעצ האָט באטראכט שעווטשענקאָנ, אלס א לײַבייגענעמ, וועלכנ ער האָט געוואָלט אוועקשטעלנ אינ זײַנ מאיאָנטעק זיכ צו דינסט, קעדיי דער דאָזיקער „באפרײַטער", נאָר פאקטיש אונטערגעיאָכטער פאָלקס־בונטאר דער רעוואָליוציִאָנער, דער גרויסער פּאָעט זאָל ארבעטנ בא אימ פאנשטשינע...

אינ 1874־טנ יאָר האָט קוליש אינ זײַנ בוכ „די געשיכטע פונ דער פאראייניקונג פונ רוסלאנד" אזוי כאראקטעריזירט יעקאטערינע די צווייטע:

„אפילע אינ די טרויער־לידער... איז זי—די גרויסע שײַנ, אונדזער מאמע,
אונ אבסאָליוט ניט דאָס, וויִאזוי עס האָט זי אונדז פאָרגעשטעלט די *האלבשיקערע מוזע* שעווטשענקאָס" [1].

אָט וויִאזוי קוליש האָט באזונגענ יעקאטערינע די צווייטע.

שעווטשענקאָ אָבער האָט כאראקטעריזירט יעקאטערינע די צווייטע, ווי א פּראָסטיטוטקע, ווי א בלוטיקע קייסערנ, וואָס האָט מיט פײַער אונ בלוט באגאָסנ רוסלאנד אונ אוקראיִנע, וואָס האָט געשטיקט די פאָלקס־אופשטאנדנ. שעווטשענקאָ האָט געוויזנ

[1]) П. Кулиш. История воссоединения Руси, т. II, 1874.

די הײַדאַמאַקישע אופשטאַנדן, ווי פּויערשע באַוועגונגען, וואָס זײַנען געווענדעט קעגן די פּריצים—לײַבאייגנטימער.

קוליש אָבער האָט באַטראַכט די דאָזיקע פּויערשע באַוועגונגען ווי רויבערישע בונטן פונעם „האַמוינ", פון די קנעכט.

שעווטשענקאָ האָט גערופן צו רויִנירן די רוסישע אימפּעריע, צו צעשמעטערן דעם קייזערלעכן טראָן, צו צערײַסן דעם פּורפּור, אויסצוקערן די שטוב מיט די קראַפּילעס. שעווטשענקאָ האָט גערופן צו שאַרפן די האַק און שלאָגן מיט איר איבער די פּריצישע קעפּ.

קוליש אָבער האָט גערופן דאָס גאַנצע פּריצנטום—דאָס אוקראַיִנישע, פּוילישע און רוסישע—צו שאַפן

„אין דרײַ מעלוכעס איין אימפּעריע א גרויסע,
מיט גײַסט פון ברידער דרײַ זאָל זײַן געהייליקט דער דיקטאַטער,
און זאָל אונדז געבן פרײַע אָרדענונג דער אימפּעראַטער..." [1].

אין זײַנע זיכרוינעס וועגן שעווטשענקאָן גיט יונגע איבער, וויאַזוי שעווטשענקאָ האָט געשמועסט מיט קאָסטאָמאַראָוון:

„שעווטשענקאָ איז אופגעשפּרונגען, אַרומגעלאָפן איבערן צימער, און קאָסטאָמאַראָוו איז געווען אַבסאָליוט רויִק און האָט געזאָגט: „ניין, דו וואַרט נאָר אויס. זאָג, פונוואַנען נעמסטו עס? פון וועלכע קוואַלן? דו, טאַראַס, רעדסט נאַרישקײַטן, און איך זאָג דיר וועגן אַזעלכע זאַכן, וואָס זײַנען דערוויזן אין די זעלבע ביכער, וואָס נאָר פון זיי האָסטו געקענט שעפּן".—„וואָס טויגן מיר דײַנע קוואַלן, דו האַקסט ליגנס און מער גאָרניט" [2].

איינער פון שעווטשענקאָס מיטצײַטלער דערמאָנט וועגן אים אַזאַ פאַקט:

„ער האָט געדונגען צוויי פאַרשיידן־אײַנגעשטעלטע קאַטערינקעס זיי זאָלן איינעם שפּילן „באַזשע צאַרא כראַני", קעדיי צו דערצאַרענען קאָסטאָמאַראָוון".

די דאָזיקע מיינונג־פאַרשיידנהײַטן צווישן קאָסטאָמאַראָוון און שעווטשענקאָן האָבן זיך באַזונדערס פאַרשאַרפט אָפּן גרונט פון דער באַציִונג צו טשערנישעווסקין. פאַרשטענדלעך איז, אַז אַנדערש האָט ניט געקענט זײַן, ווײַל קאָסטאָמאַראָוו האָט אין 1860־טן יאָר, אין א בריוו אין דער רעדאַקציע „קאָלאָקאָל" אַזוי געשריבן וועגן דעם צאַרישן רוסלאַנד, וועגן אַלעקסאַנדער דעם צווייטן:

„די וווילטוענדיקע ווירקונג פונעם פּריזינג פון אַלעקסאַנדער דעם צווייטנס הערשאַפט האָט אויך אופגעוועקט קליינרוסלאַנד. אַף דער אוקראַיִנישער שפּראַך האָבן זיך מיטאַמאָל באַוויזן עטלעכע אויסגעצייכנטע ווערק. די פּויערים־באַפרײַונג מונטערן אונדז אויף מיט האָפענונג בענעגייע דעם אָרעמען אונטערדריקטן פאָלק אונדזערן, בא וועלכן עס איז אָפּגענומען געוואָרן אַלץ, צו וואָס ער האָט געשטרעבט...

מיר דאַנקען דעם אימפּעראַטער אַלעקסאַנדער דעם צווייטן און בעטן אים נאָר, אַז דאָס פאָלק זאָל פרײַ ווערן ניט אַף פּאַפּיר, נאָר עס זאָל קענען

[1] П. Куліш. Твори, т. III, Львів 1908, стор. 318.
[2] Е. Юнге. Воспоминани.ı.

געניסן פונעם געזעצ אזויווי דאָס אדלטום: קיינ אנדער פרייהייט פארשטייט ניט אוקראַינע, וואָס האלט זיכ אקשאָנעסדיק בא אירע אלטע איבערצייגונגענ" 1).

צי דענ האָט שעווטשענקאָ געקענט שאָלעמ מאכנ מיט קאָסטאָמאראָוונ, ווענ ער, שעווטשענקאָ, האָט אזוי געשריבנ, נו, כאָטש וועגנ דער מוטער פונעמ זעלבנ אלעקסאנדער דעמ צווייטנ:

„לעבנ אימ די קייסערינע,
נעבעכ, קאמ זי רוקט זיכ,
א לאנגפוסיקע, א הויכע,
א שוועמל א פארטריקנטס,
אָט איז זי, די שיינע געטנ?!
א בראָכ צו דיינע יאָרנ!
וואָלט מיר בעסער דיינ פאָרטרעט שוינ
ניט באקענט געוואָרנ,
וואָלט איכ בעסער ניט געגלייבט
דיינע כאזערשע פאָעטנ!" („א כאָלעמ")

וואָס פאר א דיסאָנאנס האָט פאָרגעשטעלט מיט זיכ די דאָזיקע כאראקטעריסטיק, וואָס שעווטשענקאָ האָט געגעבנ ניקאָלייַ דעמ ערשטנס ווייב, קעגנ דער כאראקטעריסטיק, וועלכע עס האָבנ איר געגעבנ זשוקאָווסקי אונ פושקינ.

אָט וויאזוי זשוקאָווסקי האָט געשריבנ וועגנ דער קיניגנ אלעקסאנדרע פיאָדעראָוונע אינ זיינ ווערק „לאלא־רוק":

„אלצ אינ איר — איז שטילע מילדקייט
אונטער שיינ פונ קרוינ,
לעבעדיקייט פונ דער קינדהייט—
גרויסקייט האָט באלוינט,
אונ די טיפקייט פונ געפילנ
אינ א יעדנ צארטנ שטריכ,
אונ איר וווּנדערלעכ געזיכט
אינ א שטילקייט טוט זיכ הילנ".

וועגנ דער זעלבער אלעקסאנדרע פיאָדעראָוונע, וועלכע איז ארויסגעטראָטנ אינ בערלינ אינ דער ראָל פונ א „לאלא־רוק", האָט פושקינ אינ איינעמ פונ זיינע ווארי־אנטנ צו „יעווגעני אָנעגינ" אזוי געשריבנ:

„אינ העלנ זאל מיט רייכע שפיגלענ
ווערט אלצ פארשוויגנ אינ איינ קוק,
ווענ, ווי א לילע באפליגלט,
ניט דרייסט באווייזט זיכ לאלא־רוק.
אונ די פארנויגטע שטילע מענגע
מיטנ קייזערלעכנ בליק באשענקט זי,
דעמ דיל איר צארטע פוס טוט גלעטנ,
א שטערנ—א געטנ צווישנ געטנס, —
דער בליק פונ דווירעס ברענט אָנ אופהער,
געווענדט אינ אייפערזוכט אינ גרויסער
אפ איר געשטאלט אונ אפנ קייסער".

לויט איר סאָציאלנ אינהאלט, איז שעווטשענקאָס שאפונג געווענ דיאמעטראל־קעגנזעצלעכ דער שאפונג פונ די אוקראַינישע שרייבער פונ יענער צייט, וועלכע האָבנ מערסטנטייל געשטאמט פונעמ אוקראַינישנ פריצנטום.

פונ די געבראכטע פאקטנ אונ איליוסטראציעס קאָנ מענ מאכנ א באשטימטנ אויס־פיר וועגנ דעמ, וועלכע באציונגענ זיינענ געווענ צווישנ שעווטשענקאָנ, קולישנ אונ די איבעריקע מיטגלידער פונ דער ברודערשאפט.

1) קאָסטאָמאראָוו. א בריוו אינ רעדאקציע „Колокол" 1860.

לאָמיר ווײַטער באַטראַכטנ א רײ דאָקומענטנ, פונ וועלכע עס איז צו זענ, וויאַזוי א גרויסע גרופּע אוקראַינישע שרײַבער איז געקראָכנ אַפּ די קני פאַרנ רוסישנ צאַריזמ. די דאָזיקע שרײַבער זײַנענ לויט זײער אָפּשטאַמ געווענ פּריצימ אונ זײַנענ אַלײנ געווענ פּריצימ.

אינ דער צײַט, ווענ שעווטשענקאָ האָט גערופנ צו רעוואָליוציאָנערע אויפשטאַנדנ, האָבנ אַזעלכע שרײַבער, ווי בילעצקי־נאָסענקאָ, געשריבנ:

„ווי אָרעמ איז יענע מאָנאַרכיע, ווו די אונטערטאַנער טוענ וואָס זײ גלוסט זיכ. ווי ניט פעסט איז זי פאַרײניקט... דער גוטבאַזיצער, וואָס פאַרמאָגט זײַנע אײגענע פּויערימ, איז געגליכנ צו א מאָנאַרכ אינ א ווויל־אײַנגעאָרדנטער מעלוכע... צי דענ איז ניט אַפּ דער דאָזיקער ווילטעטיקער מאַכט פונ די דאָזיקע קלײנע מאָנאַרכנ באַזירט זיכ אָפּט די אומבאַזיגבאַר־טעטיקע מעכטיקײַט אונ רומ פונ רוסלאַנד?”

א צווײטער אוקראַינישער שרײַבער—גרעבינקאָ—האָט אינ זײַנ ווערק „באָגדאַנ כמעלניצקי” געשריבנ:

„איכ זע אָנ גרענעצנ א קיניגרײַכ
האָט זיכ אַרויסגערוקט אַפּ יאַמענ פול:
אונ גיסט צונויפ פיר זײַטנ פונ דער וועלט,
אונ אומעטומ די שפּראַכ די סלאַווישע,
אונ אומעטומ אײנ הײליקע עמונע,
אונ ס'הערשט אײנ אײנציקער, אײנ גרויסער צאַר...
דאָס וווּנדערלעכע קיניגרײַכ—איז רוסלאַנד!..”

אונ אָט וואָס עס האָט געשריבנ גולאַק־אַרטעמאָווסקי וועגנ דעמ דערשטיקטנ דורכנ צאַריזמ אויפשטאַנד אינ פּוילנ אינ 1830־טנ יאָר:

„ס'וואָלט ניט געשאַדט צו אונטערהעלפנ הײַנט,
איז דענ דער ווײַסער צאַר מיט אונדז ניט צאַרט?!”

אינ דער צײַט, ווענ שעווטשענקאָ כאַראַקטעריזירט דאָס לײַבײגנטימערישע אוקראַינע, ווי א גענעמ פאַר די אַרבעטנדיקע, האָבנ אַזעלכע פּריצימ, ווי גולאַק־אַרטעמאָווסקי, זיכ געהאַלטנ אײנגאַנצנ בא א קעגנזעצלעכער מײנונג וועגנ אוקראַינע.

אינ דער ליד „אוקראַינע” האָט גולאַק־אַרטעמאָווסקי געשריבנ:

„צי קענ מענ נאָכ ערגעצ־ווו לעבנ אַזוי גוט,
ווי אינ דער דאָזיקער אוקראַינע?”

אינ דער דאָזיקער ליד דערצײלט גולאַק־אַרטעמאָווסקי, וויאַזוי די מוטער־ערד גיט גרויסע גערעטענישנ, וויאַזוי אינ שטילנ שאָטנ רויטלענ זיכ אַפּ אוקראַינע די עפּל אונ די באַרנ, אונ די מײדלעכ אַפּ אוקראַינע זײַנענ נאָכ רויטער, וויאַזוי די זונ גײט פרײלעכ אויפ אונ ווי מילד זי פאַרגײט אינאָווענט הינטער די בערג, וויאַזוי אַפּ אוקראַינע זינגענ שײנ די פויגלענ, וואָסערע גוטע מינהאָגימ עס זײַנענ דאָרטנ א. אז. וו.

פאַרנ פּאָרעצ גולאַק־אַרטעמאָווסקי האָט אַפּ אוקראַינע אַלצ געשײַנט מיט פרײד, אַלצ האָט זיכ געפרײט, געדויטלט, ווײַל דער פּאָרעצ גולאַק־אַרטעמאָווסקי איז

געזעסן אפן קארק פון יענע לײַבײגענע, וואָס פאר זײער באפרײַונג האָט געקעמפט שעווטשענקאָ, וועלכער איז אלײן אויך געווען א לײַבײגענער.

וויאזוי־זשע האָט געקענט דער פּאָרעצ גולאק־ארטעמאָווסקי פארשטײן שעווטשענקאָן און וויאזוי האָט שעווטשענקאָ געקענט זײַן אין אײן לאגער מיט קולישן, וועלכער האָט אין טאָך אויסגעדריקט דעם ווילן פון די פּריציִם ארטעמאָווסקיס?

און דער פּאָרעצ, דער אוקראַיִנישער שרײַבער גרעבינקאָ, הירזשעט בוכשטעבלעך פון זאטקײַט אין זײַן ווערק „אזוי זיך צו די לאנדסלײַט“:

„איך מײן טאקע אזוי, אז אפ דער וועלט איז ניטאָ קײן בעסער אָרט, ווי פּאָלטאווער גובערניע. גאָטעניו, האר מײַנער גענעדיקער, וואָס איז דאָס פאר א גובערניע! אי סטעפּעס, אי וועלדער, אי סעדער, אי טאָלן, אי העכט, אי קאָרעסן, אי ווײַנשל, אי קארשן און אלערלײ געטראנקען, אי אָקסן, אי גוטע פערד, אי גוטע מענטשן — אלץ איז דאָ, אלץ איז איבערגענוג, און אָט די־אָ, ווי זאָגט מען דאָס, מײדלעך און ווײַבלעך—כאפּט זײ א ניטגוטער: ביז איצט גײען זײ פון זינען ניט ארויס!..“

אי סטעפּעס, אי וועלדער, אי טאָלן, אי העכט, אי קאָרעסן און אלע און אלערלײ געטראנקען, אי גוטע פערד — אלץ איז אינעם רעשוס פונעם אוקראַיִנישן פּאָרעצ גרעבינקאָ. אָט פארוואָס אים איז אזוי געפעלן געווען פּאָלטאווער גובערניע.

גרעבינקאָ דער פּאָרעצ האָט געפירט א לוסטיק לעבן, דעריבער איז אים אזוי לײַכט געווען צו אָטעמען:

„עס איז דיר אזוי לײַכט צו אָטעמען, אזוי פרײלעך... קומסט ארײַן אין כאטע, די היטל א שמײַס אפ דער ערד, און אלײן גיסטו באלד א פאל אפ די קני פאר די איקאָנעס, דו דאוונסט און דו ווײנסט, ווײנסט און דאוונסט, פארוואָס האָט דאָס דער הײליקער גאָט אזוי ליב זײַן שאפונג“.

אין דער צײַט, ווען די לײַבײגענע, וואָס האָבן געארבעט אפ די פעלדער פון די גרעבינקאָס, זײַנען אויסגעשטאָרבן פון הונגער הינטערן פלויט, האָט דער פּאָרעצ גרעבינקאָ זיך געפילט „ווי א קאָמיסאר“:

„עפּעס אזויווי מע וואָלט דיך אויסגעקליבן פאר א קאָמיסאר... קומסט צו פאָרן אהײם, און עסן גלוסט זיך, אזש באַם בויך גיט דיך א כאפּ... באלד ארײַנגעלאָפן אין שטוב, די באַהײַקע אפן פלעקל און אלײן גיסטו זיך א זעצ צום טיש, — עס דיר א גוטן באָרשטש מיט קאשע, די הירזשענע קאשע צעשיט זיך אזוי בא דיר אין מויל, דאָס געבראָטענע כאזערל איז אזש צוגעברענט געוואָרן, און דערצו נאָך עפּעס וואָס; טריקנסט אויס א האלב קווארטל טערנאָווקע אָדער נאָך עפּעס וואָס און גײ זיך אָפּרוען, פעטערל! ביסט אלײן פאר זיך א פּאָרעצ און דו ווילסט פון קײנעם ניט וויסן.

ווינטער פלעג זײַן אזוי: דערלעבט די ריזל־יאָנטויווים, דאָ האָסטו אײנע און די צווײטע קוטיע, און אָט האָסטו נײַ־יאָר, און אָט די וואסער־הײליקונג. „הוליע, הארצ מײַנס, און ווײס ניט פון קײן שלעק און צאָרעס!“, — עלעהײ די פארשאָלטענע זאפּאָראָזשצעס. נײן, איך זאָג אײַך, אז אפ דער וועלט איז ניטאָ קײן בעסער אָרט, ווי פּאָלטאווער גובערניע“.

די פּריצישע אוקראַיִנישע שרײַבער האָבן געזען אוקראַיִנע דורך זייערע ברילן. זיי האָבן מוירע געהאַט פאַר שעווטשענקאָס פּאָזיציע, פאַר זײַנע פּאָליטישע שטימונגען, פאַר זײַן קאַמף קעגן צאַריזם, קעגן פּאָרעץ, זיי האָבן מוירע געהאַט פאַרן געשפּענסט פון דער קאָליִעווטשינע, פון דער הײַדאַמאַטשינע, וועלכע האָט מיט אַ טאַלאַנטפולן ריזיקן אָפּשײַן אויפגעפלאַקערט אין שעווטשענקאָס שאַפונג און האָט גערופן די פארשקלאַפּטע פויערשע מאַסן אויפצושטיין קעגן זייערע אונטערדריקער.

אָט וויאַזוי שעווטשענקאָס מיטצײַטלער — דער אוקראַיִנישער שרײַבער קוויטקאָ־אָסנאָוויאַנענקאָ האָט אין זײַנע „בריוו צו די געליבטע לאַנדסלײַט" באַטראַכט די לאַגע פון די גוטבאַזיצער און זייערע זאָרגן:

„פונקט ווי מיט קאַזיאָנע איניאָנים פירט אָן דער סטאַנאָוווי, ער זאָרגט וועגן נעפּאַשעס־שטײַער און וועגן אַנדערע זאַמלונגען, ער פאַרגיט אַרבעטן און גיט אַלערליי פאַראָרדענונגען, — אַזוי זאָרגט יעדער גוטבאַזיצער וועגן זײַנע אונטערטאַנען, ער טיילט פאַנאַנדער דעם נעפּאַשעס־שטײַער, גיט פאַראָרדענונגען; און פאַרטיידיקט זיי פון יעטווידער באַליידיקונג, סײַ פון די שכיינים, סײַ פון וואָס סע זאָל ניט זײַן; אַ רעקרוט גיט ער אָפּ לויט זײַן ווילן, ווען מען און וויפל מע דאַרף. און אַזוי אויך אַנדערע זאַכן, ווי ס'פירט זיך אין דער באַלעבאַטישקײַט. דערפאַר דאַרפן זיי אָפּ זייער גוטבאַזיצער אַרבעטן, אים פאָלגן וואָס ער הייסט, און ווי אַ טאַטן און אַ נאַטשאַלניק אָפּגעבן קאָוועד; און פון דעם איז אויך גרינגער דער נאַטשאַלסטווע, זיי פאַרשפּאָרן האָבן צו טאָן דירעקט מיט די מוזשיקעס: זיי שרײַבן גלײַך צום פּאָרעץ, אז אָט דאָס און דאָס דאַרף מען טאָן, אַזויפיל פורן אַרויסשיקן פאַר אַ מיליטער־קאָמאַנדע, דעם אָדער יענעם שליאַך אָדער בריק דאַרף מען פאַריכטן, איז אָט דער פּאָרעץ וועט דאָס שוין אײַנאָרדענען, אַז ס'זאָל ניט זײַן שווער די מענטשן און ס'זאָל אָפּגעטאָן ווערן, ווי עס געהער צו זײַן".

עס איז קיין כידעש ניט, וואָס די אוקראַיִנישע פריצים, שעווטשענקאָס מיטצײַטלער, אַזעלכע ווי טשוזשבינסקי, האָבן באַטראַכט אוקראַיִנע, ווי אַ פריילעכן קאַנט, ווו דער פרילינג איז אַ שמעקנדיקער, ווו די טאָלן בליִען.

אָט וויאַזוי טשוזשבינסקי שרײַבט וועגן אוקראַיִנע אין זײַן ליד „דאָס געזעגענען זיך":

„נו, זײַ געזונט, מײַן שיינער קאַנט,
כ'וואָלט ניט פאַרלאָזט דיך, אוקראַיִנע,
מײַן פרילינגדיק, מײַן פריילעך לאַנד,
די טאָלן — בלומענדיקע גרינע,
די פריילעכע, די בלויע הימלען
און דײַנע לאָנקעס, דײַנע וועלדער
געדיכטע, רויטע לאָזעס דײַנע.
צו אָוונט זינגט דער סאָלאָווײ,
און אַלץ דאָרט שײַנט".

„פריילעך" און „שיין" איז געווען דאָס לעבן פון די אוקראַיִנישע פריצים, וועלכע האָבן אונטערדריקט די פילמיליאָניקע מאַסן פונעם אוקראַיִנישן פויערטום. שעווטשענקאָ האָט זייער געליטן, ער האָט זיך געקוועלט, ווען די דאָזיקע אוקראַיִנישע פריצים

האָבן אים אײַנגעלאַדן צו זיך אױף אַלערלײ מאָלצײַטן, װען, קעדײ אונטערצושטרײַכן זײער „דעמאָקראַטישקײַט“, האָבן זײ געשטאָלצירט מיט דעם, װאָס זײ האָבן געשמועסט מיטן „מוזשיק“, מיטן געװעזענעם לײַבאײגענעם שעװטשענקאָ.

הינטער די דאָזיקע פּראַכטפולע באַגעגענישן, װאָס די אוקראַיִנישע פּריצים האָבן אים אײַנגעאָרדנט, האָט שעװטשענקאָ אײַנגעזען דעם לײַבאײגענעמס בלוט, די װײטיקן, די מאַטערנישן, די אונטערדריקונג פון די אַרבעטנדיקע מאַסן, װאָס אױף זײער קאַרק זײַנען געזעסן די דאָזיקע פּריצים.

אָט פאַרװאָס ער האָט געזאָגט װעגן די פּריצים:

„צופרידן מיטן הונגער און גאָט טוט מען בעטן,
ס'זאָל נאָך כאָטש א יאָר ניט זײַן קײן גערעטעניש,
דאַן װאָלט אין פּאַריז, צי אין אַן אַנדער קאַנט,
אונדזער ברודער, דער כוטער־מענטש זיך באַװײַזן געקאַנט“. („די פּירשטן“)

זיך װענדנדיק צו די אוקראַיִנישע פּריצים, האָט ער געזאָגט:

„ס'װעט ניט ראַטעװען דער גוטער צאַר,
דער שיקערער, דער גוטער האַר.
. . . . . . . . . . . . . . .
איר װעט שױן ניט אַנטלױפן.
און ניט באַהאַלטן זיך! דער עמעס
װעט אומעטום נעקאָמע נעמען,
און לײַט װעלן לאָקערן אױף אײַך,

אײַך כאַפּן, אָן געריכט אײַך שטײַף פאַרשמידן,
אין דאָרף אױף שאַנד אײַך ברענגען,
אױפן צײלעם יענעם, אָן א טאַליען
און אָן א צאַר אײַך, רוכיש־בײזע,
מע װעט צערײַסן, קרײצן, הענגען,
מיט אײַער בלוט װעט מען, הינט,
באַטרינקען הינט!...“ („הױשײַע קאַפּ. XIV“)

דאָס אופגעשטאַנענע פאָלק װעט

„דעם טראָן צעקלאַפּן, דעם פּורפּור רײַסן,
דעם אָפּגאָט אײַערן צעטרעטן,
איר, מענטשן־װערים!...
מע װעט דעם אָפּגאָט שױן פאַרלענדן,
און איר װעט אױך ניט װערן“. (דאָרטן)

אױפן ערשטן עטאַפּ פון זײַן שאַפונג האָט שעװטשענקאָ, װי באַװוסט, זיך געװענדעט צו די העטמאַנעס, צו די קאָזאַקישע סטאַרשינעס, און אין זײַנע ערשטע װערק האָט ער געפרעגט, צי װעלן זײ אופשטײן. שפּעטער אָבער, װען ער האָט גוט באַנומען, פאַרשטאַנען די פאַרגאַנגענהײַט פון אוקראַיִנע פונעם שטאַנדפּונקט פון די אונטערדריקטע פּױערשע מאַסן, האָט ער שױן אַזױ געזאָגט װעגן די אוקראַיִנישע העטמאַנעס:

„זאַפּאָראָזשער סטעפּעס
גענומען זיך צעפלעכטן,
און די פּריצים אױף אוקראַיִנע
אונדזער פאָלק פאַרקנעכטן.

און קירילאָ מיט סטאַרשינעס
מיט פּודרע זיך באַדעקן,
און װי הינט דער קײסערינע
די שיכלעך נעמען לעקן“. („געװען מילכאָמעס...“)

ער האָט דערמאַנט די גאַלאַגאַנעס, די קיסעלעס און האָט געזאָגט:

„גאַלאַגאַנעס און קיסעלעס, קאָטשובײ־נאַהײַעס,—
געװען דאָס גוטס גאָר היפּש, צו גרונט
איז אַלץ אַװעק און ניט פאַרשװוּנדן—
געבליבן װערים: הריזען, שפּאַלטן,
פרעסן אים, דעם שטאַם, דעם אַלטן...“ (דאָרטן)

ער האָט אזוי גערעדט צו די דאָזיקע אוקראַיִנישע פריצימלעך, וועלכע האָבן די גאנצע צײַט געלויבט און באַזונגען די העטמאנעס:

„בלויז כניפע, קנעכט און שמוץ פון מאָסקווע,
בלויז מיסט פון ווארשע אײַערע פאנעס
און אײַערע פאָרנעמע העטמאנעס". („צו די טויטע, צו די לעבעדיקע...")

ער האָט איבערגעקערט אין קייווער דעם אוקראַיִנישן מאגנאט באָגדאן כמעל־ניצקי:

„גאנוועט! גאנוועט! גאנוועט!
אלץ באָגדאן בארויבט,
און אין קיִעוו ער פארקויפט
און א באנדע ער פארהאנדלט —
אלץ, וואָס ער האָט אָנגעגאנוועט!" („וועליקי ליאָך")

צי דען האָבן די דאָזיקע מאָטיוון פון שעווטשענקאָס שאפונג געקענט ווילקלינ־גען פארן אויער פון די פריצים — קוליש, גרעבינקאָ, גולאַק־ארטעמאָווסקי א. אנד.? דאָס וועלן מיר זען אפילע שוין פון די בריוו, וואָס קוליש האָט געשריבן שעוו־טשענקאָן.

אין יונ 1844־טן יאָר האָט קוליש געשריבן וועגן די הײַדאמאקעס:

„איצטער איז שוין ניט אזא צײַט, מע זאָל קלינגען מיט די שווערדײַלעס".

שעווטשענקאָ האָט מער פון אלץ ליב געהאט די אָרעמע, פארשקלאפטע אוקראַיִנע. זײַנע „פרײַנט" — קוליש א. אנד. האָבן אים „געאכטעט" פון זייערע מאָטיוון וועגן, קעדיי אויסנוצן זײַן טאלאנט צוליב זייערע אינטערעסן.

וועגן זײַן ליבע צו דער אונטעריאָכטער אוקראַיִנע, וואָס האָבן געטראָגן אפ זיך די פריצישע קייטן, וועגן אוקראַיִנע פון די מיליאָניקע לײַבייגענע, האָט שעווטשענקאָ אזוי געשריבן:

„אוקראַיִנע מײַנע האָב איך אזוי ליב,
אז פאר מײַן לאנד מײַן אָרעמס וואָלט איך
אויך גאָט אין הימל דאָרט פארשאָלטן,
דעם טײַוול מײַן נעשאָמע כ׳גיב". („א כאָלעם")

ווען שעווטשענקאָ האָט אין דער ווײַטער פארשיקונג באטראכט זײַן לעבס־וועג און די קעגנזײַטיקע באציִונגען, וואָס האָבן זיך געשאפן בא אים מיט זײַן דעמל־טיקער סוויווע, האָט ער געשריבן:

„געפינ איך מײַן מאזל — וועל איך כאסענע האָבן,
געפינ איך ניט — וועל איך זיך דערטרינקען,
כ׳וועל זיך לעבעדיקערהייט אין ערד ניט באגראָבן,
פאר קיין קנעכט זיך ניט פארדינגען".

די אוקראַיִנישע פריצים האָבן געוואָלט נעמען שעווטשענקאָן צו זיך פאר א באַ־טראַק. שעווטשענקאָ אָבער איז אפ דעם ניט אײַנגעגאנגען. דערמיט ווערט דערקלערט דער דאָזיקער האס, די דאָזיקע רעכילעסן, די דאָזיקע שמוץ, וואָס די מאָנארכיסטן קוליש א. אנד. האָבן אפ אים געוואָרפן סײַ בײַס זײַן לעבן, סײַ גלײַך נאָך זײַן טויט.

שעווטשענקאָס אומגעוואָקלטקייט, זיין גרענעצלאָזע איבערגעגעבנקייט צו די פאַר־שקלאַפטע פאָלקס־מאסן איז אריבערגעוואקסן אין א גרויס רעוואָליוציאָנער געווער, אין א קאמף־געווער פון די פארשקלאַפטע מאסן קעגן דעם לייבייגנטום. דאָס האָבן פאַר־שטאנען די בעסטע פאָרשטייער פונעם רעוואָליוציאָנערן געדאנק פונעם דעמלטיקן פארשקלאַפטן רוסלאנד.

אָט וואָס עס האָט געשריבן וועגן דעם פּאָליטישן באטייט פון שעווטשענקאָס שאפן דער באַרימטער אָנפירער פון א פּאָליטיש־אונטערערדיש קרייזל—פּעטראשעווסקי:

„... שעווטשענקאָס ווערק זיינען זיך פאנאנדערגעגאנגען אין דעם קאנט (ד.ה. אף אוקראַינע — א. כ.) אין א גרויסער צאָל און זיינען געווען די סיבע פון שטארקער אופרעגונג פון די מויכעס, וואָס איבער דעם געפינט זיך נאָך איצט קליינרוסלאנד אין יוירונג־צושטאנד".

און איינער פון די אגענטן פונעם דריטן אָפּטייל ליפּראנדי, וואָס האָט געשילדערט די אגיטאציאָנעלע טעטיקייט פון די פּעטראשעווצעס, האָט אין זיין באריכט־בריוו באצייכנט:

„דער גרעסטער טייל מיטגלידער האָבן געמיינט צו גיין... מיטן וועג פון פּראָפּאגאנדע, וואָס זאָל ווירקן אף די מאסן. צוליב דעם דאַרף מען זיך דער־פאָלג מען אף די פארזאמלונגען באהאנדלען די פראגעס, וויאזוי מע זאָל אופוועקן אין אלע קלאסן פון פאָלק א צאָרן קעגן דער רעגירונג, וויאזוי צו באוואָפענען די פויערים קעגן די פריצים, קעגן די באאמטע, קעגן די נאטשאלניקעס און בא די איבעריקע שטאנדן אונטערייסן און פארניכטן יעטווידער רעליגיעזן געפיל, ווערלכן זיי אליין האָבן שוין פון זיך אבסאָליוט ארויסגעטריבן, פּראָ־פּאגאנדירנדיק, אז רעליגיע שטערט דער אנטוויקלונג פונעם מענטשלעכן געדאנק און דעריבער אויך פונעם מענטשנס גליק; דאָ האָט מען אויך באהאנדלט ספּעציעלע באזונדערע מאָסמיטלען: וויאזוי זיך האלטן אף קאווקאז, אין סיביר, אין די אָסטזייער גובערניעס, אין פינלאנד, אין פוילן, אין קליינרוסלאנד, וווּ זיי האָבן געהאָפט, אז די מויכעס געפינען זיך שוין אין יוירונג־צושטאנד פון די זוימען, וואָס זיינען געוואָרפן געוואָרן דורך שעווטשענקאָס ווערק" [1].

מיר האָבן שוין אָנגעוויזן מיט אילוסטראציעס פון די געהעריקע ערטער פון שעווטשענקאָס שאפן, וויאזוי שעווטשענקאָ האָט זיך באצויגן צו דער קירכע.

דעם דאָזיקן געדאנק אונדזערן ווילן מיר באשטעטיקן מיט נאָטיצן פון שעוו־טשענקאָס טאָגבוך:

„דורכגייענדיק לעם דעם קלויסטער פונעם הייליקן גריגאָרי און זעענדיק, אז די טירן פונעם קלויסטער זיינען צעעפנט, בין איך אריין אינעם פאָדער־הויז און אין שרעק האָב איך זיך אָפּגעשטעלט. מיך האָט איבערראשט עפּעס א העסלעך בילד, וואָס איז אָנגעצייכנט אף א דריי־ארשיניקער קיילעכדיקער ברעט. צוערשט האָב איך געמיינט, אז דער אינדישער מאנו אָדער ווישנו האָבן פארבלאָנדזשעט אינעם קריסטלעכן טעמפּל, קעדיי כאפן א נאש פונעם ווייַרעך און בוימל. איך האָב געוואָלט אריינגיין אין קלויסטער גופע, האָבן זיך

[1]) צענטראלער ארכיוו. מאטעריאלן פון דעם דריטן אָפּטייל.

מיטאמאָל די טירן צעעפנט און פון דאָרט איז ארויסגעגאנגען א פּרעכטיק פּראנ־טיש־געקליידעטע פּריצטע, שוין ניט אינגאנצן קיין פרישע, און ווענדנדיק זיך צו דעם אויסגעמאָלטן בײַזווונדער, האָט זי דרײַ מאָל קאָקעטיש זיך איבער־געצײַלעמט און איז ארויסגעגאנגען. א צוויאטשקע! א געצנדינערן! און גע־וויס — א ק(...). און צי איז זי דען איינע? מיליאָנען זײַנען דאָ אזעלכע ווי זי, זינלאָזע, אויסגעלאסענע געצנדינערנס. וווּ־זשע זײַנען די קריסטלעכע פרויען? וווּ זײַנען די קריסטן? וווּ איז די רוכניעסדיקע אידייע פון גוטס און ריינקײַט? גיכער אין שענק איידער אין די דאָזיקע פאַרפּאסקודעטע טעמפּלען" [1]).

ארויסטרעטנדיק קעגן דעם רעזשים, וואָס האָט דאן עקזיסטירט, קעגן צאריזם, איז שעווטשענקאָ, ווי מיר זעען, גלײַכצײַטיק ארויסגעטראָטן אויך קעגן דעם געווער פון דעם הערשנדיקן עקספּלואטאטארישן קלאס — קעגן קריסטנטום, קעגן דער קירכע.

די אוקראַיִנישע נאציאָנאליסטן האָבן געמאכט און מאכן אָנצאָליקע פּרוווּן צו־צושרײַבן שעווטשענקאָן אנטיסעמיטיזם. דאָס דאָזיקע טוען זיי, אויסנוצנדיק דעם פאקט, וואָס שעווטשענקאָ האָט אין זײַנע ווערק באנוצט דאָס וואָרט „זשיד". מע דארף זאָגן, אז דער דאָזיקער טערמין איז אין יענער צײַט אפ אוקראַיִנע געווען דער איינציק־געברויכלעכער, און דאָס וואָרט „יעוורײ" האָט מען דאן אין דער אוקראַיִני־שער שפּראך ניט באנוצט. נאָר דאָס איז די פאָרמעלע זײַט. אין טאָך זעען מיר, אז אין „הײַדאמאקעס", צום בײַשפּיל, האָט שעווטשענקאָ באוויזן, וויאזוי די הײַדאמאקעס זײַנען געגאנגען קעגן די פּוילישע פּריצים, גלײַכצײַטיק זײַנען זיי ארויסגעטראָטן ניט קעגן ייִדן אין אלגעמיין, נאָר קעגן די ייִדן־פּריצים, וועלכע האָבן צוזאמען מיט די פּריצים־פּאָליאקן, צוזאמען מיט די אוקראַיִנישע פּריצים און סטארשינעס אונטער־דריקט די ארבעטנדיקע באפעלקערונג. די אוקראַיִנישע נאציאָנאליסטן, ווי מיר זעען, פאלסיפיצירן שעווטשענקאָס ווערק, קעדיי אויסנוצן באשטימטע ערטער פון זײַן שאפונג פאר זייער אנטיסעמיטישער ארבעט.

אין זײַנע זיכרוינעס וועגן שעווטשענקאָן ברענגט טשוזשבינסקי אן אויסערגע־וויינלעך־בוילעטן פאקט וועגן דעם, וויאזוי שעווטשענקאָ האָט בײַס זײַן רײַזע איבער אוקראַיִנע געראטעוועט א ייִדישע פאמיליע פון א סרייפע, וויאזוי ער איז ארויס־געטראָטן פארן פּויערטום מיט א ווענדונג צו העלפן דער דאָזיקער פאמיליע:

„נאָר דאָ קען איך ניט פארצייכענען איין פאקט. אין דער צײַט, ווען אין פר... האָט מען אונדז איבערגעשפּאנט די פערד — דאָס איז געווען באנאכט, — איז אין דער שכיינישער גאס אויסגעבראָכן א סרייפע. עס האָט געברענט אן אָרעם שטיבל. דער אוילעם איז זיך צונויפגעלאָפן, נאָר געהאָלפן לעשן האָבן דעריקער ייִדן, דערפאר, וואָס אינעם כורווע־שטיבל האָט געוווינט א מענטש פון זייער גלויבן. מיר זײַנען געקומען צו לויפן אפ דער סרייפע, אויך ט. ג. האָט זיך געוואָרפן ראטעווען דאָס אייגנטום פון די געליטענע. באגלײַך מיט אנדערע האָט ער ארויסגעטראָגן פארשיידענע שמאטעס, און צום סאָף האָט ער געהאלטן א רעדע פאר דער קריסטלעכער באפעלקערונג, וואָס האָט עפּעס ניט אזוי גערן געארבעט, ווײַל „עס האָט געברענט א זשיד". שעווטשענקאָ האָט מיט

[1]) Т. Шевченко. Дневник, изд. „Academia", 1931, стр. 189.

א הייסנ וואָרט פאַרגעוואָרפנ די, וואָס האָבנ ארויסגעוויזנ גלײַכגילט, אונ האָט זיי דערוויזנ, אז דער מענטש, וואָס געפינט זיכ אינ נויט, אינ א צאָרע, מעג ער געהערנ צו וואָס פאר א נאציע עס איז, מעג ער גלייבנ אינ א וועלכער רעליגיע עס איז, ווערט ער אונדזער סאמע נאָענטסטער ברודער" [1].

נאָר כוצדעמ זײַנענ דאָ נאָכ מער וויכטיקע דאָקומענטנ, וואָס ווארפנ ענדגילטיק אָפ די שמוצ, מיט וועלכער עס פאדווארפנ שעווטשענקאָנ די אוקראַיִנישע נאציאָ־נאליסטנ־אנטיסעמיטנ. אינעמ זשורנאל „רוסקי וועסטניק", 1858, איז געווענ גע־דרוקט א פראָטעסט מיטנ אונטערשריפט פונ טשערנישעווסקינ אונ שעווטשענקאָנ קעגנ דער אנטיסעמיטישער העצע, וואָס דער זשורנאל „איליוסטראציִא" (נומ. 35, פארנ 1858־טנ יאָר) האָט זיכ דערלויבט צו פירנ קעגנ די ייִדנ. דער דאָזיקער זשורנאל האָט אָפגעדרוקט אנ ארטיקל „די מײַרעוו־רוסישע זשידעס אונ זייער איצטיקע לאגע". דער ארטיקל איז געווענ געווענדעט קעגנ דעמ, מע זאָל די ייִדנ געבנ בירגערלעכע רעכט. איז אָט אלס ענטפער אפ דער דאָזיקער שווארצמייעדיקער העצע קעגנ די ייִדנ האָבנ נ. ג. טשערנישעווסקי אונ ט. ג. שעווטשענקאָ צוזאמענ מיט אנדערע טוער אָנגעשריבנ אונ אָפגעדרוקט א דערקלערונג־פראָטעסט אינעמ זשורנאל „רוסקי וועסטניק".

מיר גיבנ דאָ אויסצוגנ פונ דער דאָזיקער דערקלערונג:

„איליוסטראציִא" האָט זיכ דערלויבט ניט פאָשעט אנ אומבאשטראָפבארע באשולדיקונג, ניט פאָשעט אנ אומווירדיקע אָנצוהערעניש, וועלכע קענ זיכ אמאָל ארויסרײַסנ אינ היצ פונ דיסקוסיע בא א מענטשנ, וואָס ווערט מיט־געריסנ דורכנ פאנאטיזמ פונ א מיינונג, אָדער בא א מענטשנ, וואָס איז ניט גענוג אנטוויקלט אינ מאָראלישנ זינ.

„איליוסטראציִא" האָט זיכ דערלויבט א רעכילעס, וואָס איז נאָכ מער עקלהאפט אונ פרעכ דערמיט, וואָס זי האָט ניט קיינ שומ מאָטיוו אפילע אינ די אויגנ פונ אזעלכע מענטשנ, וועלכע פארשטייענ ניט קיינע אנדערע צילנ כוצ אומריינעמ אייגננוצ אונ כאבאר... קיינ שומ ערלעכער מענטש קענ ניט פארבלײַבנ גלײַכגילטיק בא אזא שענדלעכער האנדלונג. אונ די גאנצע רוסישע ליטעראטור דארפ, ווי איינ מענטש, מיט פאראכטונג פראָטעסטירנ קעגנ דער דאָזיקער האנדלונג.

אזא געמיינזאמער פראָטעסט וועט זײַנ די סאמע בעסטע באפרידיקונג פארנ קאָוועד פונ די באליידיקטע פערזאָנענ, אונ עס וועט זײַנ דער בעסטער באווײַז, אז געזונט איז אונדזער געזעלשאפטלעכע סוויווע, וועלכע שלאָגט אָפ אונ ווארפט אָפ מיט איר אייגענעמ פרײַענ אקט יעטווידע אומווירדיקע זאכ.

זאָל־זשע דער דאָזיקער פראָטעסט דינענ אלס בײַשפיל אונ וואָרענונג פאר דער צוקונפט אונ זאָל ער באהיטנ אפ שטענדיק אונדזער ליטעראטור פונ ענלעכע דערשײַנונגענ... די אונטנ אונטערגעשריבענע פראָטעסטירנ מיט פאר־אכטונג קעגנ דער רעכילעס, צו וועלכער עס האָט זיכ ארָאפגעלאָזנ איינע פונ די פעטערבורגער אויסגאבעס („איליוסטראציִא")" [2].

---

[1]) А. Чужбинский. Воспоминания о Т. Г. Шевченко. СПБ 1861, стр. 18.

[2]) „Русский Вестник" 1858, т. XVIII.

די דאָזיקע דערקלערונג האָבנ אונטערגעשריבנ צווישנ אנדערע טשערנישעווסקי אונ שעווטשענקאָ, אונ אינ א באזונדער בריוו אינ רעדאקציע „רוסקי וועסטניק“ האָט שעווטשענקאָ צוזאמענ מיט אנדערע שרייַבער געשריבנ אזוי:

„אייַער זשורנאל, ג. ה., איז דער ערשטער געוואָרנ אנ אָרגאנ פונ די אופגעקלערטע פאָרשטייער פונ יידישנ פאָלק; אינ נאָמענ פונ דער אומאָפהענגיקייַט פונ יעטווידער זעלבסטבאוווסטזיניקער פעלקערשאפט האָט אייַער זשורנאל דער ערשטער געגעבנ די פייַערלעכע מאניפעסטאציע פונ די רוסישע אונ פוילישע שרייַבער קעגנ „איליוסטראציא“, וואָס כאָטש זי טראָגט אנ אייראָפּיישנ נאָמענ, אָטעמט זי אָבער מיט דער צייַט פונ איוואנ IV דעמ גרויזאמענ אינ פראט פונ זייַנע מיינונגענ וועגנ יידנ“ [1].

צי דענ זייַנענ די דאָזיקע דאָקומענטנ ניט קיינ באווייַז, אז די פרווונ פונ די אוקראינישע נאציאָנאליסטנ אויסצונוצנ שעווטשענקאָנ צוליב זייערע קלאסנ־אינטערעסנ אונ אימ צושרייַבנ אנטיסעמיטיזמ, גייענ אינ דער זעלבער ריכטונג, אינ וועלכער עס זייַנענ געגאנגענ די באמיונגענ פונעמ אוקראינישנ פריצנטומ בייס שעווטשענקאָס לעבנ?

באזונדערס אינעמ לעצטנ פעריאָד פונ זייַנ לעבנ איז שעווטשענקאָ געווענ דירעקט פארבונדנ מיט דער רעוואָליוציאָנער־דעמאָקראטישער באוועגונג אינ רוסלאנד. ער איז געווענ באקאנט מיט די דעקאבריסטנ, ער איז געווענ ענג פארבונדנ מיט טשערנישעווסקינ אונ איז מיט אימ צוזאמענ ארויסגעטראָטנ אינ אנ אייַנהייַטלעכנ פראָנט קעגנ צאריזמ, קעגנ די לייַבייגנטימער אונ קעגנ די ליבעראלנ. ער איז געווענ פארכאפט מיט הערצענס „קאָלאָקאָל“, ער איז געווענ ענג פארבונדנ מיטנ דעמאלטיקנ רעוואָליוציאָנער — פּאָעט דעמ דעמאָקראט קוראָטשקינ אונ האָט מיט אימ געהאט די סאמע ענגסטע באציונגענ.

די פּאָליציי האָט, ווי באוווסט, געהאט וועגנ קוראָטשקינענ זייער א שלעכטע מיינונג. דער גראפ קאפניסט, אשטייגער, האָט אינ זייַנ ראפּאָרט דעמ אינערנ־מיניסטער אזוי געשריבנ וועגנ קוראָטשקינענ:

„פארמאָגנדיק א לייַכטנ, בייגעוודיקנ אונ קלינגעוודיקנ פערז, האָט קוראָטשקינ געווידמעט זייַנע קרעפטנ ניט אזוי אפ איבערזעצנ בעראנזשע, ווי אפ איבערצוארבעטנ זייַנע לידער אפנ רוסישנ שטייגער. אָפּהיטנדיק דעמ גייַסט פונעמ אָריגינאל, קענ ער זייער לייַכט אָנווענדנ בעראנזשעס פארשיידענע קופלעטנ צו אונדזערע הייַנטצייַטיקע אומשטאנדנ. אזויארומ, איז אינ טאָכ בעראנזשע בלויז א שטארק געווער, אונ אונטער דעמ צודעק פונ זייַנ נאָמענ פארפאָלגט קוראָטשקינ זייַנע צילנ“ [2].

מיט קוראָטשקינענ האָט שעווטשענקאָ, ווי באוווסט, געהאט די נאָענטסטע באציונגענ. אָט זייַנענ קוראָטשקינס צעטעלעכ צו טאראס שעווטשענקאָנ, וואָס ריידנ וועגנ די דאָזיקע באציונגענ:

1. „איכ האָב איבערגעזעצט, טאראסענקאָ, דייַנע „טרערנ“. צי געלונגענ — ווייס איכ ניט. פארוואָס עפּעס זעט מענ דיכ ניט? איכ בינ געווענ בא דיר אינ דעמ טאָג, וואָס דו האָסט מיר באשטימט, נאָר איכ האָב דיכ ניט געטראָפנ.

---

[1] „Русский Вестник“ 1858, т. XVIII.

[2] М. Лемке. Эпоха цензурных реформ.

אויב גערבעל וועט בא דיר בעטן די דאָזיקע איבערזעצונגען, טאָ גיב זיי אים
ניט אומזיסט. הארציק דײַנער קוראָטשקין.
גיב נאָך לידער און די סאמע הארציקסטע!"

2. „וואָס באטײַט עס, טאראסענקאָ, מע הערט דיך ניט און מע זעט דיך
ניט? און דערווײַל ווייס איך ניט צי געפעלן דיר מײַנע איבערזעצונגען: צו
דער „מוזע" און צו דעם „שיקזאל"? שיק מיר צו נאָך עפעס פון דײַנע
טײַערסטע לידער. דײַנער מיטן גאנצן הארצן קוראָטשקין" [1]).

אז שעווטשענקאָ איז געשטאנען אין די ערשטע רייען פון דער דעמלטיקער רעוואָליוציאָנער־דעמאָקראטישער באוועגונג אין רוסלאנד, אז ער איז געשטאנען אף געמיינזאמע פאָזיציעס מיט טשערנישעווסקין, איז קענטיק אפילע פון דעם, וואָס אין שעווטשענקאָס שאפונג און אין טשערנישעווסקיס שאפונג זײַנען געווען איינהײַטלעכע מאָטיוון. אין 1859־טן יאָר, ווען הערצען איז געווען אונטערן אײַנדרוק פון מעגלעכע ענדערונגען אין דער פאָליטיק פון אלעקסאנדער דעם צווייטן, ווען עס האָט זיך געגרייט די אזויגערופענע „פויערים־באפרײַונג", ווען הערצען האָט זיך א וואקל געטאָן און דער אליארעם פון זײַן „קאָלאָקאָל" האָט שוין פארלאָרן זײַן כאראקטער, זײַן שארפקײַט, האָט טשערנישעווסקי דאן אָנגעשריבן הערצענען א בריוו — „א בריוו פון א רוסישן מענטשן". אינעם דאָזיקן בריוו האָט טשערנישעווסקי דערוויזן, אז לויטן טאָן וויל דער צאר „פאנגען פיש אין מוטנער וואסער", אז אלעקסאנדער דער צווייטער וועט ארײַנזעצן אין פעסטונג אָט די אלע, וואָס לייגן ארויף גרויסע האָפענונגען אף דער רעפאָרם. ער האָט געשריבן, אז הערצען באגייט א גרויסן פארברעכן, ווען ער הייבט אָן „ווילגענויגט" צו ריידן וועגן דער „דערהויבנסטער פאמיליע", אז ער, טשערנישעווסקי, איז איבערצײַגט אין דעם, אז הערצען וועט באדויערן די דאָזיקע ליבעראלע באציִונג זײַנע צו דעם „דערהויבנסטן הויז", אז אלעקסאנדער דער צווייטער וועט גיך „באווײַזן זײַנע ניקאָלײַישע ציין".

דעם דאָזיקן בריוו האָט טשערנישעווסקי פארענדיקט מיט אזעלכע ווערטער:

„ניין, אונדזער לאגע איז א שרעקלעכע, אן אומדערטרעגלעכע, און נאָר
די האק קען אונדז באפרײַען, און קיין זאך כוץ דער האק וועט ניט העלפן.
דעם דאָזיקן געדאנק האָט מען שוין, דאכט זיך, אײַך ארויסגעזאָגט, און ער
איז וואונדערלעך ריכטיק. קיין אנדער רעטונג איז ניטאָ. איר האָט אלצדינג
געטאָן, וואָס איר האָט געקענט אף מיטווירקן דער פרידלעכער לייזונג פון
דער זאך. בײַט־זשע איבער דעם טאָן, און זאָל אײַער „קאָלאָקאָל" קלינגען
און רופן ניט צו גאָטדינסט, נאָר ער זאָל קלינגען ווי א שטורעם־גלאָק! צו
דער האק רופט רוסלאנד! זײַט געזונט און געדענקט, אז שוין הונדערטער
יאָר ווערט רוסלאנד אומגעבראכט דורך דעם גלויבן אין די גוטע קאוואָנעס
פון די צארן, ניט איר דארפט דאָס דאָזיקע גלויבן שטיצן" [2]).

דאָס דאָזיקע גלויבן ניט אינעם צאר, נאָר אין דער האק, וועלכע דארף זיך ארויפלאָזן אפן קאָפ פון די צארן, פון די פריצים, אוקראאינישע, רוסישע, פוילישע, —

[1]) Твори Т. Шевченка, т. III. Листування, стор. 326.
[2]) „Колокол" 1859 (טשערנישעווסקיס בריוו צו הערצענען) — „Письмо русск. человека".

האָט דורכגעדרונגענ די גאנצע שאפונג שעווטשענקאָס. אונ אינ דער דאָזיקער פראגע, ווי מיר זעענ, איז בא טשערנישעווסקינ אונ שעווטשענקאָנ געווענ אנ איינהייטלעכער פראָנט, אנ איינהייטלעכער געדאנק, אנ איינהייטלעכע האָפענונג אפנ פאָלקס־אופשטאנד אונ אפ דער פויערשער רעוואָליוציע.

אזויארום, דארפ מענ אפנ גרונט פונ די דאָזיקע אלע מאטעריאלנ אונטער־שטרייכנ, אז שעווטשענקאָ איז דאנ געווענ אפ אוקראינע דער פאָרגעשריטענער רע־וואָליוציאָנער, וועלכער האָט אָפגעשפיגלט די שטרעבונג פונ פילמיליאָניקע אוקראי־נישע פויערשע מאסנ, וואָס זיינענ געווענ סאָציאל אונ נאציאָנאל אונטערגעדריקט, אז ער איז געווענ א נאציאָנאלער פאָעט, נאָר אינ דער זעלבער צייט האָט ער דורכ־געפירט דעמ דאָזיקנ קאמפ זיינעמ קעגנ צאריזמ אינ אנ איינהייטלעכנ פראָנט מיט דער רוסישער דעמאָקראטיע, מיטנ בעסטנ פאָרשטייער פונ דער רעוואָליוציאָנערער דעמאָקראטיע — מיט טשערנישעווסקינ.

עס איז אינטערעסאנט נאָכצושפירנ, וויאזוי ס'האָט זיכ באצויגנ צו טשערני־שעווסקינ איינער פונ די מיטגלידער פונ דער קיריל־מעפאָדישער ברודערשאפט — קאָס־טאָמאראָוו.

אָט וואָס קאָסטאָמאראָוו האָט געשריבנ וועגנ טשערנישעווסקינ אינ זיינ אווטאָ־ביאָגראפיע:

„וואָס אָנבאלאנגט טשערנישעווסקינ, האָט דער גוירל אוועקגעשטעלט מיכ מיט אימ אינ די סאמע נאָענטסטע פריינטלעכע באציונגענ, ניט געקוקט אפ דעמ, וואָס אינ מיינע איבערצייגונגענ בינ איכ ניט נאָר מיט אימ זיכ ניט צונויפגעגאנגענ, נאָר איכ בינ געווענ מיט אימ אינ שטענדיקנ ווידערשפרוכ אונ אמפערייענ...“ [1]).

קלאָר איז, אז אויכ אינ דער דאָזיקער פראגע איז צווישנ שעווטשענקאָנ אונ קאָסטאָמאראָוונ, ווי א פאָרשטייער פונ דער אוקראינישער שליאכטע, פונעמ אוקראי־נישנ פריצנטומ, געלעגנ א טהאָמ.

שעווטשענקאָ איז קיינמאָל ניט ארויסגעטראָטנ קעגנ די רוסנ ביכלאל. ער האָט שטענדיק אונטערגעשטראָכנ זיינ סינע צו די רוסנ־פריצימ, צו די רוסנ — פאָליצייליי, צו דער רוסישער צארישער רעגירונג, וועלכע האָט דורכגעפירט איר קאָלאָניזאטאָ־רישע פאָליטיק אינ אוקראינע.

די אוקראינישע נאציאָנאליסטנ לייגנ, ווענ זיי פרווונ אונטערשטרייכנ, אז שעווטשענקאָ האָט, קלוימערשט, פיינט געהאט ניט בלויז דעמ רוסישנ צאר, די פריצימ, נאָר ביכ־לאל אלע רוסנ. שעווטשענקאָ איז געווענ א דעמאָקראט א רעוואָליוציאָנער, א מענטש, וואָס האָט גוואלדיק געווייטעקט פארנ גוירל פונ די פארשקלאפטע מאסנ, שעווטשענקאָ האָט געזענ די דאָזיקע אונטערדריקונג, די פארשקלאפונג אי אינ רוסלאנד, אי אינ אוקראינע. שעווטשענקאָ האָט פארשטאנענ, אז מע דארפ מיט א האק צעשמעטערנ די אָרדענונג, וואָס האָט עקזיסטירט, אונ דערפאר האָט ער מיט גרויסער ליבע דערמאנט די דעקאבריסטנ, וועלכע האָבנ געמאכט דעמ ערשטנ פרווו אומצושטירצנ דאָס ניקאָ־לייישע רוסלאנד.

---

[1]) Костомаров. Автобиография, М. 1922, стр. 330.

שעווטשענקאָ איז אויסגעוואקסנ פּאָליטיש טאקע באלד נאָכ דעמ, ווי ס'איז צעשמעטערט געוואָרנ דער דעקאבער־אופשטאנד אינ 1825־טנ יאָר. אינ זײַנ טאָגבוכ, אינ זײַנ פּאָעטישער שאפונג ווערנ ניט איינמאָל דערמאנט די דעקאבריסטנ.

אָט וואָס שעווטשענקאָ האָט געשריבנ וועגנ די דעקאבריסטנ, ווענ ער האָט זיכ אומגעקערט פונ זײַנ ווײַטער פארשיקונג:

„בא יאקאָבינ האָב איכ זיכ באגעגנט אונ האָב מיט ערפאָרכט זיכ באקאנט מיטנ דעקאבריסט איוואנ אלעקסאנדראָוויטש אנענקאָוו, וואָס האָט זיכ אומגעקערט פונ סיביר. דער גרײַזגרויער מאיעסטעטיש־מילדער פארשיקטער ווײַזט ניט ארויס אינ זײַנ ריידנ קיינ שאָטנ פונ פארביטערקײַט קעגנ זײַנע אכזאָריעסדיקע ריכטער. ער ווערטלט זיכ אפילע גוטמוטיק איבער די פאוואָריטנ פונעמ געקרוינטנ פעלדפעבל, איבער טשערנישאָוונ אונ לעוואשאָוונ — די פאָר־זיצערס פונעמ דעמלטיקנ העכסטנ געריכט. איכ שטיי אינ ערפאָרכט פאר דיר, ווי פאר איינעמ פונ אונדזערע ערשטבארופענע אפּאָסטאָלנ“ [1].

שעווטשענקאָ, ווי מיר זעענ, ווײַזט קלאָר אָנ, אז די דעקאבריסטנ זײַנענ פאר אימ ערשטבארופענע אפּאָסטאָלנ, וועלכע האָבנ באוויזנ דעמ וועג צומ באוואָפנטנ קאמפ קעגנ צאריזמ.

שעווטשענקאָ, אלס רעוואָליוציאָנער־דעמאָקראט, האָט כויזעק געמאכט איבער דער אָפיציעלער היסטאָריאָגראפיע פונ רוסלאנד.

אינ דער צײַטונג „זאָריא“ איז אָפּגעדרוקט געווענ א ציקאווער פאקט פונ דער צײַט, ווענ שעווטשענקאָ האָט אינ די יאָרנ 1845—46 פארבראכט אינ פערעיאסלעוו, ווו ער האָט געהאט א געשפּרעכ מיט די סעמינאריסטנ וועגנ די פראגעס פונ געשיכטע. אָט וואָס ער האָט געזאָגט:

„עכ, זײַט איר מיר נימעס געוואָרנ מיט אײַער היסטאָריע אונ געאָגראפיע. גיט נאָר א קוק, אפ וואָס איז ענלעכ אײַער היסטאָריע, וואָס איז דאָרטנ אָנ־געשריבנ.

„געווענ אזא אונ אזא קייסער, ער האָט פאריכט די געשעפטנ פונ דער מעלוכע, די פינאנצנ, די אדמיניסטראציע אונ איז געשטאָרבנ, איבערלאָזנ־דיק די מעלוכע פאר זײַנ יורעש. דער נײַער קייסער האָט געטראָפנ די מעלוכע אינ א גוואלדיק־רויִנירטנ צושטאנד, נאָר אדאנק זײַנע באמיִונגענ אונ אומופּ־הערלעכע זאָרגנ האָט ער פאריכט די געשעפטנ פונ דער מעלוכע, רײַכ גע־מאכט די קאזנא, געגרינדעט א יוישערדיקנ געריכט אונ איז געשטאָרבנ, גע־בענטשט פונעמ פאָלק... דער נײַער קייסער האָט געטראָפנ די מעלוכע אינ א גוואלדיק־קלאָגעדיקער לאגע“... א. אז. וו. [2].

שעווטשענקאָ איז געשטאנענ אינ די ערשטע רייענ פונ דער רעוואָליוציאָנערער דעמאָקראטיע פונעמ דעמלטיקנ רוסלאנד. ער איז געווענ ניט בלויז א פּאָליטישער קעמפער קעגנ צאריזמ, קעגנ פריצנטומ, קעגנ דעמ לײַבייגנטימערישנ רוסלאנד, ער האָט גלײַכצײַטיק ארויסגעפירט אפנ ברייטנ פעלד די אוקראִינישע ליטעראטור, ער

[1] Т. Шевченко. Дневник, изд. „Academia“, стр. 202.

[2] Газета „Зоря“, Львів.

האָט געשאַפנ א נייַע ליטעראַטור, וואָס האָט אָפּגעשפּיגלט די שטימונגענ פונ די ברייטע אונטערגעדריקטע מאסנ.

מע דאַרפ זאָגנ, אז מיט דער קראַפט פונ זייַנ שאַפונג, פונ זייַנע בילדער, מיט דער דעמאָקראַטישקייַט פונ זייַנ טעמאַטיק האָט שעווטשענקאָ איננ פאַרגלייַכ מיט די איבעריקע ליטעראַטור־טוער פונעמ דעמלטיקנ רוסלאַנד פאַרנומענ אייַנעמ פונ די בעקאַוועדיקסטע ערטער. עס איז באַוווּסט, וויאַזוי טשערנישעווסקי האָט כאַראַקטע־ריזירט שעווטשענקאָס באַציִונג צומ אוקראַיִנישנ, פוילישנ אונ רוסישנ פריצנטומ. נאָר מע דאַרפ אונטערשטרייַכנ, אז אזא רעוואָליוציאָנערער דעמאָקראַט, אזא פלאַמיקער קעמפער קעגנ צאַריזמ, ווי טשערנישעווסקי, האָט גערעדט וועגנ שעווטשענקאָנ ניט בלויז, ווי וועגנ א רעוואָליוציאָנער, ווי וועגנ א קעמפער פאַר אנטשקלאַפנ די אַרבע־טנדיקע מאסנ פונ אוקראַיִנע, נאָר ער האָט מיט באַגייַסטערונג גערעדט וועגנ שעווטשענקאָנ אויכ ווי וועגנ א פּאָעט, וועלכער פאַרנעמט אייַנס פונ די ערשטע ערטער איננ דער ליטעראַטור. טשערנישעווסקי איז קאַטעגאָריש ארויסגעטראָטנ קעגנ די גרויסהערשערישע קריטיקער, וועלכע האָבנ באַגעגנט מיט שפּיזנ די ערשטע לידער שעווטשענקאָס.

עס איז באַוווּסט, אז בעלינסקי איז ארויסגעטראָטנ מיט א דערקלערונג וועגנ דעמ, אז אלס פּאָעט איז שעווטשענקאָ א „שלעכטער פּאָעט" („поганий піїт"), צו שעווטשענ־קאָנ האָט ער געשפּירט א „פּערזענלעכנ האס", דאָס אלצ איז ארויסגעדרונגענ פונ דעמ, וואָס בעלינסקי איז א באַשטימטע צייַט געשטאַנענ אפ גרויסהערשערישע, נאַציאָנאַליס־טישע פּאָזיציעס איננ דער פראַגע וועגנ דער אנטוויקלונג פונ דער ליטעראַטור פונ די נאַציאָנאַליטעטנ, וואָס זייַנענ אונטערגעדריקט געווענ דורכנ צאַריזמ. בעלינסקי איז ארויסגעטראָטנ קעגנ דער אוקראַיִנישער שפּראַכ, קעגנ דעמ, אז די אוקראַיִנישע שפּראַכ, די אוקראַיִנישע ליטעראַטור האָט מעגלעכקייַטנ פאַר איר אנטוויקלונג.

אָט וואָס בעלינסקי האָט געשריבנ וועגנ די אנטוויקלונג־פּערספּעקטיוו פונ דער אוקראַיִנישער ליטעראַטור:

„וואָס אָנבאַלאַנגט די מאַלאָראָסנ, איז לעכערלעכ אפילע צו טראַכטנ, אז פונ זייער, אגעוו, אויסגעצייכנטער, פאָלקס־פּאָעזיע זאָל זיכ איצט עפּעס וואָס קענענ אנטוויקלענ: פונ איר קענ זיכ ניט נאָר גאָרניט אנטוויקלענ, נאָר זי אלייַנ האָט זיכ אָפּגעשטעלט נאָכ פונ די צייַטנ פונ פּיאָטער דעמ גרויסנ; א ריר טאָנ זי איז מעגלעכ בלויז דאנ, ווענ דער בעסטער, איידעלער טייל פונ דער קליינרוסישער באַפעלקערונג וועט אוועקוואַרפנ דעמ פראַנצויזישנ קאַדריל אונ וועט זיכ ווידער נעמענ צו טאַנצנ א טרעפּאַק אונ א האָפּאַק, דעמ פראַק אונ סורטוק וועט ער איבערבייַטנ אפ א זשופּאַנ אונ אפ א סוויטע, ער וועט אָפּגאָלנ דעמ קאָפּ, וועט פאַרלאָזנ אנ „אָסעלעדיעצ" (טשופּרינע),—קורצ, פונעמ צושטאַנד פונ ציוויליזאַציע, געבילדעטקייַט אונ מענטשלעכקייַט (וואָס זייער דערוואָרבונג האָט קליינרוסלאַנד צו פאַרדאַנקענ איר פאַרייניקונג מיט רוסלאַנד) וועט זי ווידער זיכ ווענדנ צומ אמאָליקנ באַרבאַריזמ אונ צו פאַרגרעבטקייַט. די ליטעראַרישע שפּראַכ פונ די מאַלאָראָסנ דאַרפ זייַנ די שפּראַכ פונ דער געבילדעטער געזעלשאַפט—די רוסישע שפּראַכ. אויב איננ קליינרוסלאַנד קענ נאָכ אויפקומענ א גרויסער פּאָעט, איז ניט אנדערש ווי באַמ באַדינג, אז ער

זאָל זײַן א רוסישער פּאָעט, א זון פון רוסלאנד, וואָס נעמט צום הארצן רוסלאנדס אינטערעסן, לײַדט מיט אירע לײדן און פרײט זיך מיט איר פרײד. א שײוועט קען פארמאָגן בלויז פאָלקס־לידער, נאָר ער קען ניט פארמאָגן קײן פּאָעטן און נאָך ווײניקער גרויסע פּאָעטן: גרויסע פּאָעטן קומען אויף נאָר בא גרויסע נאציעס, און וואָס איז עס פאר א נאציע אָן א גרויסן זעלבשטענדיקן פּאָליטישן באטײַט? א לעבעדיקער באווײַז פון דעם דאָזיקן עמעס זענען מיר בא גאָגאָלן: אין זײַנע פּאָעזיע זײַנען דאָ אסאך רײן קלײנרוסישע עלעמענטן, װעלכע זײַנען ניטאָ און קענען ניט זײַן אין דער רוסישער פּאָעזיע, נאָר וועמ־זשע וועט אים אָנרופן א קלײנרוסישער פּאָעט? דאָס זעלבע איז קלאָר, אז ניט קײן קאפריז און ניט קײן צופעליקײַט האָבן אים געצווונגען שרײַבן אף רוסיש, ניט אף קלײנרוסיש, נאָר א טיף פארנונפטיקע אינערלעכע סיבע. און דערויף קענען די־נען אלס בעסטער באווײַז דאָס, וואָס אף דער קלײנרוסישער שפּראך קען מען ניט איבערזעצן אפילע „טאראס בולבא", און ניט נאָר „ניעווסקי פּראָספּעקט". עמעס, דער אינהאלט פון „טאראס בולבא" איז גענומען פון דער ספערע פונעם פאָלקס־לעבן, נאָר דער אווטער האָט זיך ניט געלאָזן אײַנשלינגען דורך זײַן אָביעקט; ער איז געווען העכער פון אים, האָט געהערשט איבער אים, ער האָט אים געזען ניט אין זיך, נאָר פאר זיך, און דעריבער לאָזט זיך באמערקן אין אסאך ערטער פון זײַן דערציילונג זײַן פערזענלעכע מײנונג, זײַן סוביעקטיווע אָנשויונג. די דאָזיקע ערטער קען מען אפילע ניט איבערגעבן אפן קלײנרוסישן דיאליעקט, אויב ניט פארהאמוינעווען, אזוי צו זאָגן, ניט פארמורזשיקעווען זײ; מירן שוין ניט רײדן פון דעם, אז די גאנצע דערציילונג, אויסער דעם געשפּרעך פון די אָנטײלנעמענדיקע פּערזאָנען, איז אָנגעשריבן מיט א ליטעראַרישער שפּראך, וואָס אזעלכע קען קײנמאָל ניט ווערן די קלײנרוסישע שפּראך, וואָס איז איצטער געוואָרן א פּראָווינציעלער און האמוינישער דיאלעקט" [1].

בעלינסקי האָט פארורטײלט היסטאָריש די אוקראאינישע שפּראך, פארורטײלט אפן אומקום די אנטוויקלונג פון דער אוקראאינישער קולטור און פון דער אוקראאינישער ליטעראַטור. פארשטענדלעך, פארוואָס ער איז מיט אזא צאָרן ארויסגעטראָטן קעגן שעווטשענקאָס שאפונג.

וועגן שעווטשענקאָס „הײַדאמאקעס" לײענען מיר אזא רעצענזיע פון בעלינסקין אין די „אָטעטשעסטווענ׳יע זאפּיסקי" פון 1842־טן יאָר:

„די נײַע דיכטונג־פּרווון פון ט. שעווטשענקאָ, פון דעם דאָזיקן פּריווילעגירטן, דאכט זיך, קלײנרוסישן פּאָעט, איבערצײַגט אונדז נאָך מער, אז אזעלכע מינים ווערק ווערן ארויסגעגעבן בלויז צוליבן פארגעניגן פון די אווטערס און צוליב זײער אײגענער באלערונג: קײן אנדער פּובליקום האָבן זײ, דאכט זיך, ניט. אויב אָבער די דאָזיקע הערן קאָבזארן מײנען מיט זײערע פּאָעמעס ברענגען נוצן דעם נידעריקן קלאס פון זײערע לאנדסלײַט, האָבן זײ אין דעם א טאָעס. זײערע פּאָעמעס, ניט געקוקט אף דער רײַכקײַט פון די סאמע וולגארע

---

[1]) В. Г. Белинский. Собрание сочинений. М. изд. Вольф, стр. 937.

מארק־ווערטער אונ אויסדרוקנ, פעלט די פּראָסטקײַט פונעמ פארטראכט אונ פונעמ דערציילנ, זיי זײַנענ פול מיט דריידלעכ אונ מעשונעדיקע גענג, וואָס זײַנענ אייגנטימלעכ פאר אלע שלעכטע פּאָעטנ,— וואָס זײַנענ אָפּט אבסאָליוט ניט קיינ פּאָלקסטימלעכע, כאָטש זיי שטיצנ זיכ אפ פארופונגענ פונ דער געשיכטע, לידער אונ לעגענדעס,— אונ דעריבער, הייסט עס, איבער די אלע סיבעס,— זײַנענ זיי אומפארשטענדלעכ פארנ פּאָשעטנ פאָלק אונ זיי פארמאָגנ גאָרניט ניט אזוינס, וואָס זאָל מיט אימ סימפּאטיזירנ" [1].

דאָס, וואָס ס'איז געווענ פארשטענדלעכ אונ טײַער פאר די אוקראַיִנישע פאָלקס־מאסנ, גראָד דאָס האָט בעלינסקי אָפּגעוואָרפנ. מיט דער דאָזיקער באציִונג צו שעווטשענקאָנ האָט ער געשטיצט די פּאָזיציע פונ ניקאָלײַס אָליגארכיע. ער איז מיט צאָרנ אַרויסגעטראָטנ קעגנ שעווטשענקאָנ דערפאר, וואָס שעווטשענקאָ האָט אויסגעלאכט דעמ קייסער ניקאָלײַ דעמ 1־טנ אונ זײַנ פרוי.

אינ זײַנ בריוו צו אנענקאָווג אינ דעקאבער 1847־טנ יאָר, דאנ ווענ שעווטשענקאָ איז שוינ געווענ אינ פארשיקונג, האָט בעלינסקי אזוי געשריבנ וועגנ שעווטשענקאָס בונטארישע ווערק:

„איכ האָב ניט געלייענט די דאָזיקע פאסקווילנ, אונ קיינער פונ מײַנע באַקענטע האָט זיי ניט געלייענט (וואָס דערווײַזט, אגעוו, ניט, אז זיי זײַנענ גאָר ניט בייז, נאָר פלאכ אונ נאריש), נאָר איכ בינ זיכער, אז דער פאסקוויל אפ דער אימפּעראטאָרנ דארפ זײַנ אנ עקלהאפט מיִעסער איבער דער סיבע, וועגנ וועלכער איכ האָב שוינ גערעדט. שעווטשענקאָנ האָט מענ פארשיקט קיינ קאווקאז, ווי א סאָלדאט, ער טוט מיר ניט באנק: ווענ איכ בינ זײַנ ריכטער, וואָלט איכ ניט לײַכטער אימ געמישפּעט. איכ האָב געפילט א פּערזענלעכע פײַנטשאפט צו די ליבעראלנ פונ אזא מינ" [2].

ווי מיר זעענ, האָט בעלינסקי זיכ באליידיקט אפ שעווטשענקאָנ צוליב קאָוועד פונ דער אימפּעראטאָרנ אונ איז געווענ צופרידנ דערפונ, וואָס מע האָט שעווטשענקאָנ פארמישפּעט צו פארשיקונג.

אָבער גאָר אנ אנדער מיינונג האָבנ געהאט וועגנ שעווטשענקאָנ טשערנישעווסקי, פּעטראשעווסקי, קוראָטשקינ, הערצענ. אזוי האָט זיכ באצויגנ צו שעווטשענקאָנ אויכ נעקראסאָוו. דאָס זאָגט איידעס, אז די סאמע פּאָרגעשריטנסטע מענטשנ פונ דער רוסלענדישער רעוואָליוציאָנערער דעמאָקראטיע האָבנ פארשטאנענ די גרויסע קראפט פונ שעווטשענקאָס געני, וועלכער האָט אָפּגעשפּיגלט אינ זײַנ שאפונג די שטרעבונגענ פונ די לײַבייגענע, פונ די אונטערדריקטע פאָלקס־מאסנ. פונקט בא אזא מיינונג וועגנ שעווטשענקאָס שאפונג האָט זיכ געהאלטנ אויכ דער רעוואָליוציאָנערער דעמאָקראט דאָבראָליובאָוו.

אָט וואָס דאָבראָליובאָוו האָט געשריבנ אינ „סאָווערעמעניק" אינ 1860־טנ יאָר וועגנ שעווטשענקאָס „קאָבזאר":

„זעלבסטפארשטענדלעכ, אז קיינער וועט ניט אָפּזאָגנ דעמ קליינרוסישנ פאָלק,— ווי יעדנ אנדערנ פאָלק,— אינ די רעכט אונ פעיִקייטנ צו ריידנ אפ זײַנ שפּראכ

[1] Свенцицький. Шевченко в світлі критики й дійсності. Львів 1922, стор. 10.
[2] В. Г. Белинский. Письма, т. 3. СПБ 1914.

וועגנ אלע זײַנע נויטנ, וועגנ זײַנע שטרעבונגענ אונ דערינערונגענ; קיינער וועט זיכ ניט אָפּזאָגנ פונ אנערקענענ די פאָלקס־פּאָעזיע פונ קליינרוסלאנד, אונ טאקע צו דער דאָזיקער פּאָעזיע דארפ מענ פארעכענענ שעווטשענקאָס לידער. ער איז א פּאָעט אנ עכט פאָלקסטימלעכער, וואָס אזעלכנ קענענ מיר ניט אָנווײַזנ בא אונדז. אפילע קאָלצאָוו קענ זיכ מיט אימ ניט פארגלײַכנ, דערפאר, וואָס מיטנ גאנג פונ זײַנע געדאנקענ אונ אפילע פונ זײַנע שטרעבונגענ דערווײַטערט ער זיכ אָפּט פונעמ פאָלק. בא שעווטשענקאָנ, פארקערט, געפינט זיכ דער גאנצער קרײַז פונ זײַנע געדאנקענ אונ געפילנ אינ פולער אנטשפּרעכונג מיטנ זינענ אונ מיטנ בוי פונעמ פאָלקס־לעבנ. ער קומט ארויס פונעמ פאָלק, האָט געלעבט מיטנ פאָלק, אונ ניט נאָר מיטנ געדאנק, נאָר אויכ מיט די אומשטאנדנ פונ לעבנ איז ער מיט אימ געווענ פעסט אונ בלוטיק פארבונדנ"[1].

אונ, ענדלעכ, אינעמ זעלבנ ארטיקל, דערציילנדיק וועגנ שעווטשענקאָס לעבנס־וועג, וועגנ זײַנ אווטאָביאָגראפיע, ווי שעווטשענקאָ באווײַזט זײַנע מאטערנישנ פונ די קינדער־יאָרנ, זײַנ פארקנעכטונג בא די פריצימ, זאָגט דאָבראָליובאָוו:

„אזויארומ, אָט וועלכע אײַנדרוקנ עס האָבנ זיכ געלייגט אפ דער נעשאָמע פונעמ יוגנטלעכנ אויסער די גרענעצנ פונעמ פּאָשעטנ לעבנ, „אונטער דער אָרעמער פּאָטערישער סטריכע"; אָט וואָס ער האָט באגעגנט „אינ שול אונ אינ פריצישנ פּאָדערהויז, אינ די אײַנפאָרהײַזער אונ אינ די שטאָטישע וווינונגענ". ענלעכע אײַנדרוקנ זײַנענ אימשטאנד געווענ אָפּצוטויטנ די יונגע נעשאָמע, דעמאָראליזירנ אלע מאָראלישע קרעפטנ, אומברענגענ אונ צעטרעטנ דעמ מענטשנ. נאָר, ווײַזט אויס, אז רײַכ באשאָנקענ מיט גײַסטלעכע קרעפטנ איז געווענ דאָס דאָזיקע יינגל, אונ ער איז ארויסגעגאנ, כאָטש, מעגלעכ, ניט אינגאנצנ, אומגעשעדיקט פונ דעמ אלעמענ. אונ אויב ער איז שוינ יאָ ארויסגעגאנגענ, האָט ער שוינ ניט געקענט זיכ ניט ווענדנ צו זײַנ אוקראינע, ער האָט ניט געקענט ניט ווידמענ זיכ אינגאנצנ דער זאכ, וואָס האָט אפ אימ געווייעט, ווי א הייליקטומ פונ ריינער דערינערונג, וואָס האָט אימ באפרישט אונ דערווארעמט אינ די סאמע שווערסטע אונ פינצטערע מינוטנ פונ זײַנ לעבנ... אונ ער איז פארבליבנ געטרײַ זײַנע אָנפאנגלעכע טעג, ער האָט געגלייבט זײַנ אוקראינע. ער זינגט די לעגענדעס פונ איר פארגאנגענעמ לעבנ, ער באזינגט איר קעגנווארט,—ניט אינ די קרײַזנ, וועלכע געניסנ די פרוכטנ פונ דער נײַסטער רוסישער ציוויליזאציע, נאָר אינ די, ווו עס האָבנ זיכ נאָכ פארהיט די ניט געקינצלטע פּראָסטקײַט פונ לעבנ אונ די נאָענטקײַט צו דער נאטור.

דעריבער טאקע איז ער אזוי נאָענט צו די קליינרוסישע דומעס אונ לידער, דעריבער טאקע פילט זיכ אינ אימ דער אָטעמ פונ פאָלקסטימלעכקײַט. ער האָט דרייסט געקענט זאָגנ וועגנ זײַנע דומעס:

„לידער מײַנע, דומעס מײַנע,
. . . . . . . . . . . .
ווי א קינד אנ אייגנס".

2) Добролюбов. Соч. т. IV, 1860—1861, СПБ 1912, стр. 89—101.

און מיר צווייפלען ניט, אז אוקראינע וועט מיט באגייסטערונג אופנעמען דעם „קאָבזאר", וואָס איז שוינ, אגעוו, לאנג איר באוווסט. ער איז נאָענט צו דער פאָלקס־ליד, און עס איז דאָכ באוווסט, אז אינ דער פאָלקס־ליד האָט זיכ אָפגעשפיגלט דער גאנצער פארגאנגענער גוירל, דער גאנצער איצטיקער כאראקטער פונ אוקראינע; די ליד און די דומע בילדנ דאָרטנ דאָס פאָלקסהייליקטום, דעמ בעסטנ האָב און גוטס פונעמ אוקראינישנ לעבנ; אינ זיי ברענט א ליבע צום פאָטערלאנד, עס גלאנצט דער רומ פונ די פארגאנגענע העלדנטאטנ; אינ זיי אָטעמט אויכ דאָס ריינע צארטע געפיל פונ פרויענ־ליבע, באזונדערס פונ מוטערלעכער ליבע; אינ זיי טאקע ווערט אויכ אויסגעדריקט אָט דאָס אומרויקע ארומקוקנ זיכ אפנ לעבנ, וואָס צווינגט דעמ קאָזאק, וואָס איז פריי פונ שלאכט, „צו שמידנ זיינ גוירל" [1].

ווי מיר זעענ, האָט בעלינסקיס פאָזיציע בענעגייע שעווטשענקאָנ ניט געפונענ קיינ שטיצע בא די פאָרגעשריטענע מענטשנ פונ יענער עפּאָכע, בא אזעלכע רעוואָליוציאָנערנ ווי טשערנישעווסקי. פארקערט, טשערנישעווסקי, וואָס האָט מיט שעווטשענקאָנ פארנומענ געמיינזאמע פאָליטישע פאָזיציעס, האָט אייגנצייטיק אָפגעשאצט שעווטשענקאָס ליטערארישע קראפט און זיינ באדייטונג פאר דער אנטוויקלונג פונ דער אוקראינישער ליטעראטור אזוי:

„פארמאָגנדיק איצט אזא פאָעט, ווי שעווטשענקאָ, נייטיקט זיכ ניט די קליינרוסישע ליטעראטור אינ קיינעמס ניט וווילגעוויגטקייט".

פונ דעמ זעענ מיר, אז דער בעסטער פאָרשטייער פונ דער רוסישער דעמאָקראטיע — טשערנישעווסקי האָט געשטיצט די אנטוויקלונג פונ דער אוקראינישער ליטעראטור, האָט פארטיידיקט שעווטשענקאָנ פונ די אָנפאלנ, וואָס עס האָבנ זיכ דערלויבט בעלינסקי א. אנד.

אפ דעמ סמאכ, וואָס בעלינסקי האָט דער ערשטער אזוי פיינטלעכ באגעגנט די ארויסגאבע פונ „קאָבזאר", מאכנ די אוקראינישע נאציאָנאליסטנ אנ אויספיר, אז, קלוימערשט, די גאנצע רוסישע דעמאָקראטיע איז ארויסגעטראָטנ קעגנ דער אוקראינישער ליטעראטור, קעגנ שעווטשענקאָס שאפונג.

מיר האָבנ אָבער אָנ א צאָל פאקטנ, וואָס באווייזנ גאָר אנ אנדער באציונג צום פארשקלאפטנ אוקראינישנ פאָלק, צו דער אוקראינישער ליטעראטור, צו שעווטשענקאָנ אליינ מיצאד די בעסטע רעוואָליוציאָנערנ־דעמאָקראטנ פונ דער ערשטער און צווייטער העלפט פונעמ 19־טנ יאָרהונדערט, מיצאד אזעלכע, ווי טשערנישעווסקי, קוראָטשקינ, הערצענ, דאָבראָליובאָוו. און די דאָזיקע פאקטנ און די דאָזיקע באציונג זייערע צעשמעטערנ ביזנ גרונט די באהויפטונג פונ די אוקראינישע נאציאָנאליסטנ.

ווענ די אוקראינישע נאציאָנאליסטנ ריידנ וועגנ בעלינסקינ, באמיענ זיי זיכ צו וואָרפנ א פלעק אפנ גאנצנ רעוואָליוציאָנער־דעמאָקראטישנ פראָנט פונ רוסלאנד, וועלכער האָט דאָנ אינ איינהייטלעכע רייענ געקעמפט קעגנ צאריזמ.

---

[1]) Добролюбов. Соч. т. IV—1860—1861, СПБ 1912, стр. 89—101.

7

לאָמיר א קוק געבנ, וויאַזוי די אוקראַיִנישע נאַציִאָנאַליסטנ האָבנ די לעצטע צײַט, שוינ נאָכ שעוטשענקאָס טויט, געמאַכט פּרוּוונ צו באַווײַזנ שעוטשענקאָנ אינ א נאַציִאָנאַליסטישער באַלײַכטונג, צונישט מאַכנ זײַנ סאָציִאַל־פּאָליטישנ באַטײַט.

אָט וואָס גרושעווסקי האָט געשריבנ וועגנ שעוטשענקאָנ:

„פונ דער הונדערטיאָריקער פּערספּעקטיוו ווערט אַלצ דײַטלעכער אָנגעצייכנט פאַר די איצטיקע דורות דער גראַנדיִעזער אונ פּרייִדיקער מאָמענט, ווענ אפ דער ערד איז אָנגעקומענ דער אוקראַיִנישער „אַפּאָסטאָל פונ עמעס", דער נאַציִאָנאַלער נאָווי, ווען ס'איז באַשערט געווענ אָנצוהייבנ א נײַע עפּאָכע אינעמ לעבנ פונ אונדזער פאָלק.

א שטראַל פונ דער אייביקער געטלעכער שײַנ, וואָס האָט באַשיִרעמט די דאָזיקע געשטאַלט אונ האָט אָפּגערוט אפ איר, אפ דער דאָזיקער געשטאַלט פונעמ אָנזאָגער פונ געזעצ פונ ליבע אונ ברודערשאַפט, — דער דאָזיקער שטראַל, באַפרײַט פונ אַלצ, וואָס איז קליינלעכ אונ פאַרשווינדט גיכ, האָט געמוזט א שלאָג טאָנ אינ אַלעמענס אויגנ, וואָס זײַנענ אָפנ פאַר אײַנדרוקנ אונ שיינקײַט אונ עמעס... פאַר דער דאָזיקער גרויסער שיינקײַט פונ גײַסט, אינ נאָמענ פונ דעמ דאָזיקנ קולט פונ עמעס אונ ליבע וועלנ אָפּגעבנ קאָוועד אונ וועלנ זיכ בוקנ פאַר אימ אַלע שוואָטימ, וואָס זײַנענ באַשײַנט פונ דער ליכט פונ זײַנ וואָרט אונ וועלנ דערציילנ זײַנ אייביקנ רומ מיטנ גאַנצנ האַרצנ אונ מיט א ריינעמ מויל" 1).

גרושעווסקי שילדערט שעוטשענקאָס געשטאַלט, ווי א געשטאַלט פונ עפּעס א הייליקנ. לויט גרושעווסקינ קומט אויס, אז שעוטשענקאָ רופט ניט צו אופשטאַנדנ קעגנ די אונטערדריקער, ער רופט ניט דאָס פויערטומ צו א פויערשער רעוואָליוציע. לויט גרושעווסקינ רופט שעוטשענקאָ קלוימערשט נאָר צו ברודערשאַפט, צו ליבע. גרושעווסקי, ווי מיר זעענ, האָט אויסגעליידיקט דעמ סאָציִאַלנ טאָכ פונ דער שאַפונג פונ שעוטשענקאָנ — דעמ פאָרשטייער פונעמ פאַרשקלאַפטנ פויערטומ. ווײַל גרושעווסקי האָט פאַרשטאַנענ, וואָס פאַר א ראָל שעוטשענקאָ האָט געשפּילט צווישנ די ברייטע אַרבעטנדיקע, אונ באַזונדערס די פויערשע מאַסנ. די אוקראַיִנישע נאַציִאָנאַליסטנ, ווי מיר זעענ, האָבנ קאַסטרירט, געמאַכט צונישט, פאַרשמירט דעמ סאָציִאַלנ טאָכ פונ שעוטשענקאָס שאַפונג, זיי האָבנ זי פאַרקריפּלט, זיי האָבנ אונטערגעשטראָכנ יענעמ טייל פונ זײַנ שאַפונג, וואָס געהער צו דער צײַט, ווענ שעוטשענקאָ האָט זיכ געפונענ אונטער דער ווירקונג פונ דער ראָמאַנטיק פונ דער פאַרגאַנגענהײַט, אונ זיי האָבנ זײַנ שאַפונג אַזוי באַוויזנ, אז אינ זייער טראַקטירונג האָט שעוטשענקאָ אויסגעזענ, ווי אנ אוקראַיִנישער נאַציִאָנאַליסט.

אָט האָט איינער פונ די אָנפירער פונעמ אוקראַיִנישנ נאַציִאָנאַליסטישנ לאַגער, ניקאָווסקי, געשריבנ אינ 1919 וועגנ שעוטשענקאָנ:

„אוקראַיִנע איז אפ אנ עמעס אופגעשטאַנענע טכיִעס־האַמייסימ אונ האָט אופגעלעבט... אונ אינ די דאָזיקע יאָרנ, אינ די טעג, ווענ עס אַנטפּלעקט זיכ

1) М. Грушевський. Шевченкове століття. ЛНВ 1914.

אמערסטנ דער נאצי‌אָנאלער געדאנק, האָט איבער אלע כאָרוגווען, אָרקעסטערס, קוילנוואָרפערס, הארמאטנ, פּראָצעסיעס, העטמאנעס, פּאָליטיקער, פּארטייענ, פירער אונ פּארלאמענטנ... געהערשט ער איינער:

דער אוקראַיִנישער פּאָעט!

דאָס מאָנארכיסטישע רוסלאנד, די אידעאָלאָגנ פונ צענטראליזמ, די צווישנ־פעלקערלעכע פּאָליטיקער אונ אָרטיקע פּעדאנטנ מוזנ פארנויגנ זייערע קעפּ פאר אימ, דעמ גרויסנ אונ אומבאזיגטנ, דעמ הערשער פונ דער פארזשאווערטער פּענ:

— דו האָסט געזיגט, פּאָעט.

די אוקראַיִנישע זיגרייַכע רעוואָליוציע האָט שעווטשענקאָ געמאכט... אונ אלע זייַנע נאָכפאָלגער זייַנענ ניט אימשטאנד געווענ ארויסצורייַסנ זיך פונ די אייַזערנע אָרעמס פונ זייַנ צוואָע. אונ אלע זיי האָבנ געדינט דעמ שענסטנ אידעאל אופּריכטיק אונ געטרייַ, נאָר זעלטנ־ווענ האָבנ זיי געמאכט פּרווונ צו באפרייַענ זיך פונעמ דרוק פונ דער דאָזיקער יערושע, ארויסצוגייַנ פונ דער זידונג פונעמ אומפארברענבארנ פייַער פונ דער אוקראַיִנישער ווידערופּ־לעבונג" [1]).

האָבנדיק צונישט געמאכט שעווטשענקאָס שאפונג אינ איר סאָציאלנ זינ, פאָר־שטעלנדיק שעווטשענקאָס שאפונג, אלס אויסדרוק פונ אופגעבראכטקייט קעגנ מאָסקווע, קעגנ די רוסנ אינ אלגעמיינ, פארשמירנדיק אונ אויסשטרייַכנדיק דעמ סאָציאלנ באטייַט פונ שעווטשענקאָס שאפונג, פארבאהאלטנדיק פונ די מאסנ די עלע־מענטנ פונ שעווטשענקאָס שאפונג, אינ וועלכע ער האָט ארייַנגעלייגט זייַנ גאנצנ צאָרנ, די גאנצע קראפט פונ רעוואָליוציאָנערנ ברענ קעגנ פּריצנטומ, דעריִנ אויכ קעגנ דעמ אוקראַיִנישנ פּריצנטומ, האָבנ די אוקראַיִנישע שליאכטיטשעס אונ די אוקראַיִנישע בורזשואזיִע, די אוקראַיִנישע פּריצימ אונ זייערע אונטערלעקער, דעמ קייַזערס לאַ־קייענ פונ דער צענטראלער ראדע, די פּראָסטיטוטקעס פונ דער פּארטיי עסערנ אונ עסדעקנ, די אלע, וואָס האָבנ זיכ פארקויפט צו די גענעראל־שטאבנ, די אוקראַיִנישע „פּאטריאָטנ", וואָס האָבנ ניט געהאט זייער אייגנס גאָרניט ניט, מיט וואָס זיי זאָלנ קענענ ארויסטרעטנ פאר די ארבעטנדיקע מאסנ, — זיי אלע האָבנ ארויסגעשטעלט שעווטשענקאָס פּאָרטרעט. זיי האָבנ אימ ארומגערינגלט מיט קאדילעס אונ מיט קלויסטער־כאָרוגווען, מיט גאלאָכימ פונ אלע ויאנגענ אינ לאנגע ריאסעס, אונ אינ אנ איינהייַטלעכנ פּראָנט, מיט ציילעמס אינ די הענט, האָבנ זיי געטראָגנ שעוו־טשענקאָס פּאָרויס פונ די מאסנ, וואָס האָבנ מער געגלייבט שעווטשענקאָנ, איידער אָט די אלע אוקראַיִנישע „דעמאָקראטנ".

די ניקאָווסקיס, גרושעווסקיס, יעפרעמאָווס, סטאריצקע־טשערניאכיווסקעס א. אנד., וואָס האָבנ אפּ אזא אויפנ טראקטירט שעווטשענקאָס שאפונג אונ האָבנ אימ, שוינ א טויטנ, ארומגערינגלט מיט אזא „באערונג", האָבנ אימ אינזערעמעסנ פארהאסט אונ פארהאסנ אימ אויכ איצט, פּונקט ווי עס האָט אימ פארהאסט קוליש א. אנד. אוקראַיִנישע פּריצימ בייס זייַנ לעבנ. אָבער די אוקראַיִנישע נאציאָנאליסטנ האָבנ געזענ, וואָס פאר א באַ־טייַט, וואָס פאר א קראפט שעווטשענקאָ פארמאָגט צווישנ די ברייטע ארבעטנדיקע

[1]) ניקאָווסקי „Vita nova" 1919.

מאסן, און דערפאר האָבן זיי זיך באמיט אים אויסצונוצן, ווי א שירמע, צוליב זייערע אינטערעסן. אזוי באמיִען זיי זיך אויסצונוצן שעווטשענקאָן אויך איצט. זיי האָבן געמאכט אונ מאכן שעווטשענקאָן פאר א הייליקן, זיי טוען אים אָן אין א קאָזאַקישן זשופאַן, אין א זשופאַן פון א קאָזאַקישן סטאַרשינאַ, זיי גיבן אים אין די הענט א בולאווע פון אַן אוקראַיִנישן העטמאַן, זיי מאכן פון אים אַן איקאָנע און רויכערן ווייִרעך פאר אים.

די אוקראַיִנישע נאַציִאָנאַליסטקע סטאַריצקי־טשערניאַכיווסקע, א טשטייגער, האָט אין 1914־טן יאָר געשריבן וועגן שעווטשענקאָן, ווי וועגן „א הייליקער ניט פארפלעקטער נעשאָמע", און אַז די „פארטיידיקערן" — דאָס הייסט, גאָטס מוטער — באשיצט אים „אין די ליכטיקע פאלאַצן מיט אלרייינסטן אָמאָפאָר".

די אוקראַיִנישע נאַציִאָנאַליסטן פארקריפּלען שעווטשענקאָס שאפונג און שטרייכן אונטער, אַז ער האָט ליב געהאַט אוקראַיִנע אין אַלגעמיין, אַז ער האָט געטרוימט וועגן אופשטעלן די אוקראַיִנישע העטמאַנעס. און דערפון, הייסט עס, דאַרף מען מאכן דעם אויספיר, אַז די אוקראַיִנישע נאַציִאָנאַליסטן, הייסט עס, וואָס פירן א קאמף קעגן ראַטנרוסלאַנד, זעצן פאָר די זעלבע ליניע, וואָס עס האָט געפירט שעווטשענקאָ. אָט, אשטייגער, שטרייכט אונטער די אוקראַיִנישע נאַציִאָנאַליסטקע רוסאָווא, אַז שעווטשענקאָ האָט גערופן צו פירן די בירגער צו א נייַ לעבן „דורך ליבע, ליבע צו אוקראַיִנע".

מיר אָבער וויסן שוין, אַז שעווטשענקאָ האָט קימאַט שטענדיק אונטערגעשטראָכן, אַז ער האָט ליב די אָרעמע, ארבעטנדיקע, פארשקלאַפטע אוקראַיִנע, און ניט די אוקראַיִנע פון די פּריצים, די אוקראַיִנע אין אַלגעמיין. ער האָט ליב געהאַט יענע אָרעמע אוקראַיִנע, וועלכע איז אין יענער צייַט געווען געדריקט אי פון די אוקראַיִנישע, אי פון די רוסישע פּריצים, און מיט דעם אליין האָט שעווטשענקאָ אויסגעדריקט זייַן האַס צום פּריצנטום.

די אוקראַיִנישע נאַציִאָנאַליסטן טרוימען וועגן אופשטעלן די פּריצישע אוקראַיִנע, זיי ווילן פארניכטן די פּראָלעטאַרישע, סאָוועטישע אוקראַיִנע, וועלכע אַנטוויקלט זיך און וואַקסט שטורמיש אונטער דער אָנפירונג פון דער פארטיי פון לענינען און סטאַלינען.

אין דער „אוקראַיִנסקאַ ניוואַ" פון 1931־טן יאָר האָבן די פּעטליוראָווצעס אפילע געשריבן, אַז שעווטשענקאָ האָט קלוימערשט ווען עס איז געטרוימט וועגן אַזעלכע, ווי דער הער פּילסודסקי. אָט וואָס עס האָבן געשריבן די אוקראַיִנישע נאַציִאָנאַליסטן:

„יאָסעף פּילסודסקי איז פאר אונדז אוקראַיִנער געוואָרן דער פרייַנט — דער פּאָליאַק, וואָס וועגן אַזעלכע האָט געטרוימט נאָך אונדזער נאַווי שעווטשענקאָ. אין די לידער צו ב. זאַלעסקי, שילדערנדיק א טיפּ פון אַזאַ אידעאַלן ברודער, שרייבט טאַראַס שעווטשענקאָ:

„אַז מיר זייַנען געווען נאָך קאָזאַקן,
פון קיין אוניע האָט מען ניט געהערט,
אוי, האָט זיך פריילעך געלעבט אַפ דער ערד,
זיך געברידערט מיט די פרייַע ליאַכן,
זיך געגריסט מיט די סטעפּעס די פרייַע".

„אָט אזא פּאָליאַק איז פאר אונז געוואָרן דער מאַרשאַל פון פוילן — יאָסעף פּילסודסקי“ [1]).

דער באַרימטער פּעטליורישער עמיגראַנט פּעדענקאָ קלאַמערט זיך אויך אַזוי אָן דער געשטאַלט פון שעווטשענקאָן און וויל אים מאַכן פאַר א קאַמפס־פאָן אין קאַמף קעגן דער סאָציאַליסטישער מאָסקווע.

טאַקע אין דער זעלביקער „אוקראַינסקאַ ניוואַ“ שרייבט ער אַזוי:

„די טויזנטער אוקראַינער, וואָס זיינען געגאַנגען נאָך שעווטשענקאָס רוף — רייסט די קייטן — זיינען איצטער אין עמיגראַציע, ווי פּאָליט־עמיגראַנטן. שעווטשענקאָס בונט קעגן מאָסקווע האָט זיך פאַרענדיקט מיטן אַרעסטירן דעם פּאָעט, אונדזער קאַמף... האָט זיך אויך פאַרענדיקט מיט א גאָלגאָטע און מיט א גרויסער אויסוואַנדערונג פונעם אייגענעם לאַנד פון די אָנטיילנעמער פונעם דאָזיקן קאַמף... פאַר אונדז, פּאָליטישע עמיגראַנטן, זאָל שעווטשענקאָס בילד זיין א וועגווייזער“.

די הערן פּעדענקאָס, די פּעטליורישע פּאָגראָמשטשיקעס פון דער „אוקראַינסקאַ ניוואַ“ און פון דעם „טריזוב“ האָבן פאַרגעסן, אַז זייערע ליגנס זיינען שוין לאַנג באַקאַנט, די פּילמילי־אָניקע מאַסן אַרבעטנדיקע האָבן די ליגנס פאַנאַנדערשיפּרירט. עס איז דאָך באַוווּסט, אַז די דאָזיקע אַלע פּעטליורעס, ניקאָווסקיס, סטאַריצקע־טשערניאַכיווסקעס, מאַלאַניוקעס, פּעדענקאָס און אַנדערע אידעאָלאָגן און אָרגאַניזאַטערס פון יידישע פּאָגראָמען, די באַנדיטן פונעם ברייטן שליאַך, וואָס אַרבעטן לויט די אויפטראָגן און אָנווייזונגען פונעם צווישנפעלקערלעכן פאַשיזם, האָבן קיין שום רעכט ניט אַזוי אַפעלירן צו שעווטשענקאָן, ווייל די רויטע מאָסקווע איז שוין ניט יענע מאָסקווע, וואָס איז געווען אין די צייטן פון שעווטשענקאָן. דאַן איז מאָסקווע געווען א צאַרישע, מאָסקווע פון ניקאָליי דעם 1־טן. זי האָט אונטערדריקט די פּילמילי־אָניקע פויערשע מאַסן, געדריקט די אַרבעטנדיקע באַפעלקערונג, און קעגן דער דאָזיקער מאָסקווע האָט געקעמפט דער פויערשער בונטאַר שעווטשענקאָ, וואָס האָט פאַרזוכט דעם טאַם פון קייטן, פון פאַרשיקונג, וואָס איז איבער איר פריצייטיק געגאַנגען פון דער וועלט.

אָט די דאָזיקע אַלטע צאַרישע מאָסקווע, די מאָסקווע פון די פריצים, פון די גאַלאָכים — האָט פאַרניכטעט דער פּראָלעטאַריאַט, וואָס האָט געפירט נאָך זיך דאָס אַרבעטנדיקע פויערטום. איצט איז ניטאָ די אַלטע מאָסקווע, עס איז דאָ א מאָסקווע, וואָס איז דאָס האַרץ פון די רעוואָליוציאָנערע מאַסן פון דער גאָרער וועלט — די הויפּטשטאָט פונעם ראַטנפאַרבאַנד, די האָפענונג פון די אונטערדריקטע פון דער גאָרער וועלט. די איצטיקע מאָסקווע איז די הויפּטשטאָט פון אונדזער סאָציאַליסטישן פּאָטערלאַנד, וואָס בויט שטורמיש די אָנקלאַסעווע סאָציאַליסטישע געזעלשאַפט אונטער דער פאָן פון לענין־סטאַלין.

די סאָציאַליסטישע מאָסקווע איז א סימבאָל פון דער גרויסער פּראָלעטאַרישער רעוואָליוציע, וואָס האָט צעשמעטערט, רויניגרט דעם טראָן פון די צאַרן, פון גאַלאָכים, פריצים, פּאָליציי־לייט, וואָס האָט צעבראָכן די קייטן פון סאָציאַלער און נאַציאָנאַלער קנעכטשאַפט.

---

[1]) „Українська Нива“, 1931 р.

און איצטער, ווענ די אוקראַיִנישע פּריצימ, די נאַציִאָנאַליסטנ, פאַשיסטנ ווילנ אומקערנ ווידער די אַלטע מאָסקווע, וואָס אנטקעגנ איר האָט זײַנ גאַנצ לעבנ שעווטשענקאָ אזוי פאַרביטערט געקעמפט—וואָס־זשע פאַר אַ רעכט האָבנ זיי צו נעמענ אינ זייערע הענט דאָס בילד פונ דעמ דאָזיקנ גרויסנ דעמאָקראַט־רעוואָליוציִאָנער און ספּעקולירנ מיט אימ? זיי—די פאַשיסטישע פּראָסטיטוטקעס, קליינלעכע שווינדלער, זײַנענ דאָכ מער ניט ווי פאַרקויפטע נעשאָמעס באַמ צווישנפעלקערלעכנ פאַשיזמ, און שעווטשענקאָ—דאָס איז אַ גרויסער רעוואָליוציִאָנער, דעמאָקראַט, וואָס איז אומגעקומענ אינ קאַמפ קעגנ צאַריזמ.

און ווער, אויב ניט זיי, די אוקראַיִנישע נאַציִאָנאַליסטנ, האָבנ עס געוואָלט פאַרשטעלנ שעווטשענקאָנ פאַר אַנ אָנהענגער פונעמ צאַרישנ רוסלאַנד, פונעמ קלויסטער, פונ דער צאַרישער מאָסקווע?

אָט האָט דער פירער פונעמ אוקראַיִנישנ נאַציִאָנאַליזמ מיכאַיִל גרושעווסקי, צומ 100־יאָריקנ יובילײ פונ שעווטשענקאָס געבורט, אינ 1914־טנ יאָר, אזוי געשריבנ וועגנ שעווטשענקאָנ:

„מאַכנ פונ שעווטשענקאָנ עפּעס אזעלכס, וואָס עס האָט ניט קיינ אָרט אינ די ראַמענ פונ דער רוסישער מעלוכעשאַפט און פונעמ רוסישנ קלויסטער, מאַכנ פונ זײַנ נאָמענ—אַ לאָזונג פונ פּראָטעסט קעגנ דער פּאָליטיק פונ דער רעגירונג, קעגנ דעמ איצטיקנ רעזשימ, קעגנ דעמ גאַנצנ שטייגער פונעמ רוסישנ לעבנ—דאָס איז עפּעס אַנ אומזינ” [1].

אזויאַרומ, ווי מיר זעענ, האָט גרושעווסקי געוואָלט שאַלעמ מאַכנ צווישנ שעווטשענקאָנ מיטנ צאַרישנ רוסלאַנד, מיט דער צאַרישער מאָסקווע. פונ די דאָזיקע ווערטער זעט מענ, אַז גרושעווסקי און די אוקראַיִנישע נאַציִאָנאַליסטנ זײַנענ ניט געווענ קעגנ דער צאַרישער מאָסקווע, קעגנ צאַרישנ רוסלאַנד. זיי זײַנענ געווענ פאַר איר. דאָס זעט מענ אַפילע פונ דעמ, וויאזוי זיי האָבנ זיכ געפירט בײַסנ בירגערקריג. עס איז אָבער אַבסאָליוט קלאָר, אַז אויב די אוקראַיִנישע נאַציִאָנאַליסטנ זײַנענ ניט קעגנ דעמ צאַרישנ רוסלאַנד, ניט קעגנ דער צאַרישער מאָסקווע, איז זעלבסטפאַרשטענדלעכ, אַז זיי זײַנענ בלויז קעגנ דער אַרבעטער־פּויערשער, קעגנ דער פּראָלעטאַרישער מאָסקווע, ד. ה. קעגנ יענער קראַפט, וואָס וועגנ איר האָט שעווטשענקאָ בלויז געטרוימט, ווענ ער איז געפאָרנ אפנ דאַמפּער פונ אסטראַכאַנ איבער דער וואָלגע, אומקערנדיק זיכ פונ פאַרשיקונג, ווענ ער האָט גערעדט וועגנ דעמ, אַז די קראַפט פונעמ אַרבעטער, די קראַפט פונ דער אינדוסטריע—וועט צעשטערנ די קייטנ, וועט צערײַסנ דעמ פּור, וועט פאַרניכטנ די צאַרנ און די פּריצימ.

קלאָר, אַז שעווטשענקאָ האָט ניט געקענט דערזענ און פאַרשטיינ דעמ גאַנצנ אנטוויקלונג־פּראָצעס פונעמ קאַמפ קעגנ קאַפּיטאַליזמ, ער האָט ניט געקענט דערזענ די וועגנ פונ דער זיגרײַכער רעוואָליוציע, ווײַל שעווטשענקאָ איז ניט געווענ קיינ פּראָלעטאַרישער רעוואָליוציִאָנער. ער איז געווענ אַ בורזשואַזער דעמאָקראַט. ער האָט געטרוימט וועגנ אַנ אוקראַיִנישנ וואַשינגטאָנ, דאָס הייסט ער האָט געטרוימט וועגנ דער אײַנשטעלונג פונ אַ בורזשואַזער אָרדענונג. נאָר צי דענ איז ניט

[1] М. Грушевський. Шевченкове століття, стор. 214.

קלאָר, אז שעווטשענקאָ האָט געטרוימט וועגנ דער צעשמעטערונג פונעמ אוקראינישנ און רוסישנ פריצנטום, אז שעווטשענקאָ האָט געטרוימט וועגנ דער צעשמעטערונג פונ דעמ צארישנ רוסלאנד, וואָס די גרויסע פראָלעטארישע רעוואָליוציע האָט אונטער די פאָנענ פונ לענינ־סטאלינ עס צעגראָמירט ביז גרונט?

צי דענ האָבנ נאָכ דעמ אלעמ די אוקראינישע נאציאָנאליסטנ דאָס רעכט צוצורירנ זיכ מיט זייערע שמוציקע הענט צו דער געשטאלט פונ שעווטשענקאָנ? דאָס דאָזיקע רעכט האָבנ זיי ניט. שעווטשענקאָ איז געוועזנ א גרויסער דעמאָקראט, א פויערשער רעוואָליוציאָנער, א בונטאר—און זיי זיינענ דאָכ ניט מער, ווי פראָסטיטוטקעס פונעמ צווישנפעלקערלעכנ פאשיזמ. שעווטשענקאָ איז געוועזנ א קעמפער פאר דער באפרייונג פונ די פארשקלאפטע מאסנ פויערטומ,—זיי אָבער האנדלענ מיטנ גוירל פונעמ פויערטומ, פונ דער אוקראינישער אָרעמשאפט און טרוימענ ווי וויי־ טמעגלעכ גיכער ארופציענ דעמ יאָכ אפנ האלדז פונ די פויערשע מאסנ פונ אוקראינע, אפנ האלדז פונ די פראָלעטאריער.

דער אוקראינישער פאשיסט שאפאָוואל האָט בייסנ באוואָפנטנ קאמפ קעגנ דער פראָלעטארישער רעוואָליוציע געשריבנ אינ זיינ בראָשור „שעווטשענקאָ און די זעלבשטענדיקע אוקראינע":

„די נאציאָנאל־פאָליטישע וועלטאָנשויונג פונעמ פאָעט קענ מענ איינפאסנ אינ א קליינינקער סכעמע: וואָס דארפ האָבנ אוקראינע? אנ אייגענע כאטע. ווער איז שולדיק, וואָס אוקראינע האָט זי ניט?—די פארעטער, די געזעלשאפטלעכע מייסימ און די בלינדע. ווער איז דער סוינע פונ אוקראינע?—מאָסקאָווטשינע. וואָס דארפ מענ טאָנ?—זיכ באפרייענ פונעמ יאָכ. מיט וועלכע מיטלענ?—באוואָפנטער אופשטאנד, האס צומ סוינע. מע דארפ קענענ אָפּפערנ מיט אלצ: מיט זיכ, מיט דער נעשאָמע, מיט גאָט, מיט מענטשנ, ביכלאל מיט אלצדינג" [1].

מיר ווייסנ גוט פונ דער געשיכטע פונעמ בירגערקריג, וויאזוי די אוקראינישע נאציאָנאליסטנ האָבנ אויסגעפארקויפט אלצ, וואָס זיי האָבנ נאָר געקענט. מיר ווייסנ, אז זיי האָבנ זיכ זעלבסט פארקויפט, זיי האָבנ אויסגעפארקויפט די אוקראינישע ערדנ, די רייכטימער, און אז די אוקראינישע ארבעטנדיקע מאסנ אינ איינהייטלעכנ פארבאנד מיט די רוסישע ארבעטער און פויערימ האָבנ אונטער דער אָנפירונג פונ דער קאָמוניסטישער פארטיי באָלשעוויקעס, אינ שפיצ פונ לענינ־סטאלינענ, ארויסגעטריבנ זיי פונ די גרענעצנ פונ אוקראינע.

צי דענ איז ניט קלאָר, אז די דאָזיקע שאפאָוואלישע טראקטירונג פונ שעווטשענקאָס פאָליטיש־סאָציאלער וועלטאָנשויונג איז א ספעציעלע פאלסיפיצירונג פונ שעווטשענקאָס שאפונג אינ די אינטערעסנ פונ אוקראינישנ פאשיזמ?

וויאזוי האָבנ די אוקראינישע נאציאָנאליסטנ כאראקטעריזירט שעווטשענקאָנ, וואָס פאר אנ אָרט האָבנ זיי געטרוימט און טרוימענ אָפּגעבנ אימ אינ דער געשיכטע—איז דייטלעכ פונ די ווערטער פונ גרושעווסקינ:

---

[1]) М. Шаповал. Шевченко і самостійна Україна. Київ 1918.

„ווי לייַכט איז בא אונדז צונויפנעמענ א גרויסנ אונ גוט־צונויפגעזונגענעמ כאָר. אונ ווי — האָט זיכ ארויסגעוויזנ — ס'איז שווער צונויפשטעלנ א גוטנ, דיסציפלינירטנ קורינ (אָטריאד) אפ באשיצנ די אוקראַיִנישע פרייַהייַט.

וויפל פארמאָגנ מיר גאנצ אָנשטענדיקע אָדער אפילע גוטע פּאָעטנ, בעלעטריסטנ, פּובליציסטנ — אונ ווי שווער איז צו געפינענ אנ אָנשטענדיקנ קאָמיסאר.

א גוטע קאָנסטיטוציע איז ווערטפולער פונ א געניאַלער פּאָעמע, אונ א גוטער ערד־געזעצ וועט פארנעמענ אנ אָרט אינ אונדזער נאציאָנאלער ביבליאָטעק באגלייַכ מיט שעווטשענקאָס „קאָבזאר“[1]).

גרושעווסקי האָט געוואָלט האמעוועג דעמ רעוואָליוציאָנערנ אופשטייַג, וואָס איז דאנ געווענ אפ אוקראַיִנע. אימ זייַנענ נייטיק געווענ „אָנשטענדיקע קאָמיסארנ“, וועלכע זאָלנ דערשטיקנ די אוקראַיִנישע רעוואָליוציאָנערע אופשטאנדנ. יענע גרויסע פויערשע באוועגונגענ, וואָס האָבנ זיכ פאנאנדערגעוויקלט אינ 1918־טנ יאָר, האָט גרושעווסקי געוואָלט האמעוועג דורכ א באלעגופיש־פּריצישנ ערד־געזעצ. מיט דעמ דאָזיקנ ערד־געזעצ האָט גרושעווסקי געוואָלט דערשטיקנ דאָס דאָרפ. אפ דעמ געזעצ האָט ער ארופגעלייגט גרויסע האָפענונגענ, אונ דעמ דאָזיקנ ערד־געזעצ האָט ער געהאָפט אוועקשטעלנ אינ דער „נאציאָנאלער ביבליאָטעק“ באגלייַכ מיט שעווטשענקאָס „קאָבזאר“.

די אוקראַיִנישע נאציאָנאליסטנ, ווי מיר זעענ, האָבנ אפ זייער אויפנ געוואָלט אויסנוצנ דעמ אָנדענק וועגנ שעווטשענקאָ. זיי האָבנ גענומענ דעמ „קאָבזאר“, גענומענ שעווטשענקאָס פּאָרטרעטנ אונ, געבנדיק זייער נאציאָנאליסטישע אָפּשאצונג שעווטשענקאָס שאפונג אונ זייַנ „קאָבזאר“, האָבנ זיי זיכ באמיט צו דערגרייכנ דאָס, וואָס עס האָט געוואָלט דערגרייכנ גרושעווסקי מיטנ דורכפירנ אינ אוקראַיִנע דעמ באלעגופיש־פּריצישנ ערד־געזעצ.

די אידעאָלאָגנ פונ דער בורזשואזלאָזיקייַט פונ אוקראַיִנע, דער נאציאָנאליסט גרושעווסקי א. אנד. האָבנ, פארשטייט זיכ, באטראכט די שאפונג פונ שעווטשענקאָנ, ווי די שאפונג פונ א זינגער, וואָס האָט גערופנ דאָס אוקראַיִנישע פאָלק „אינ אייַנ נאציאָנאליסטישער מישפּאָכע“.

אינ 1914־טנ יאָר האָט מ. גרושעווסקי אינ זייַנ ארטיקל „שעווטשענקאָס 100־יאָריקער יובילײ“ געשריבנ:

„פארשטייט זיכ, אז זיי פונ זייער זייַט וועלנ צולייגנ מי אפ באווייַזנ זייערע 30 מיליאָנ אוקראַיִנער, אז זיי האָבנ ניט וואָס צו ווינקענ אונ ווארפנ בליקנ אפ יענער זייַט גרענעצ פונ דער רוסישער מעלוכעשאפט אונ בענקענ נאָכ יענע פרייַהייַטנ אונ מעגלעכקייַטנ, וואָס וואקסנ אויס פאר דער אוקראַיִנישער נאציע פונ יענער זייַט עסטרייַכישנ גרענעצ. זיי וועלנ זיכ באנוצנ מיט דער ערשטער געלעגנהייַט, קעדיי געבנ די אוקראַיִנער די מעגלעכקייַט צו דערפילנ, אז אויכ אינ רוסלאנד האָבנ זיי אוועלכנ ניט איז באָדנ אונטער די פיס, זיי לעבנ ניט אינ קיינ פייַנטלעכנ לאגער אונ קענענ אויכ אויסרעכענענ אפ עפּעס וואָס — האָבנ אויכ דאָ אוועלכע ניט איז מעגלעכקייַט פאר טאט אונ אנטוויקלונג“[2]).

[1]) М. Грушевський. На порозі нової України. 1918.

[2]) М. Грушевський. Шевченкове століття, 1914, стор. 212—215.

ווי מיר זעענ, איז פאר גרושעווסקינ דאָס צארישע רוסלאנד אינ 1914־טנ יאָר ניט געווענ קיינ פייַנטלעכער לאגער.

צי האָט דענ נאָכ דעמ אלעמענ גרושעווסקי געהאט דאָס רעכט צו שרייַבנ דעמ 25־טנ מארט 1928־טנ יאָר אינ דעמ זשורנאל „אוקראַינא“:

> „אונ ווירקלעכ, דאָס אוקראַינישע וויסנשאפטלעכע וואָרט—ניט געקוקט אכנ באגרענעצטנ אינהאלט אונ אפ דער באשיידענער אומגעבונג, אינ וועלכער עס האָט אָפגעהילכט, האָט עס דאָכ אָפגעהילכט, ווי א רעוואָליוציאָנערער גלאָק, דערמאנענדיק, אז אונטער דער שווערער קייווער־ברעט, מיט וועלכער דער צאַרישער אבסאָליוטיזמ אונ דער מאָסקווער אימפעריאליזמ האָבנ צוגעדריקט דאָס אוקראַינישע לעבנ, איז דאָס דאָזיקע לעבנ ניט אָפגעשטאָרבנ אונ עס וועט קומענ א צייַט—אונ „אוקראַינע וועט אופשטייַנ“, ווי עס האָט נעוויַעס געזאָגט דער „קאָבזאר“ [1]).

דאָס האָט אזוי גערעדט יענער גרושעווסקי, וואָס האָט אינ 1914־טנ יאָר גערופנ די אוקראַינישע ארבעטנדיקע מאסנ שאָלעמ צו מאכנ מיטנ רוסישנ צאריזמ אונ האָט געמאָלדנ, אז אינ די באדינגונגענ פונעמ דעמלטיקנ צארישנ רוסלאנד קענ מענ עקזיסטירנ, קענ מענ ארבעטנ.

מיר האָבנ שוינ געזאָגט, אז די אוקראַינישע נאציאָנאליסטנ האָבנ אויסגענוצט שעווטשענקאָנ, ווי א געווער, ווי א שירמע צוליב זייערע אינטערעסנ, קעדיי צו פירנ זייער נאציאָנאליסטישע ארבעט.

אָט וויַאזוי דער אוקראַינישער נאציאָנאליסט שאפאָוואל האָט אינ 1918־טנ יאָר אינ זייַנ רעדע אפ דער שעווטשענקאָ־פייַערונג אינ שטאָט ליפאָוועצ (קיַעוושטשינע) גערעדט וועגנ שעווטשענקאָנ:

> „מיט גרויסער אָנשטרענגונג פונ די פאָלקס־קרעפטנ האָבנ די בעסטע זינ פונעמ אוקראַינישנ פאָלק, די, וואָס האָבנ בעעמעס ליב שעווטשענקאָנ, דערקלערט אוקראַינע פאר א זעלבשטענדיקער.
>
> דער טאָג פונעמ 9־טנ יאנווּאר 1918 מאכט שאָלעמ צווישנ שעווטשענקאָנ מיט גאָט... אונ אינ דער זעלבער מאָס, ווי מיר שיקנ אונדזערע בראָכעס צו קריסטוסנ, פונקט אזוי רעכענענ מיר אויכ שעווטשענקאָנ, ווי א הייליקטומ פונ דער אוקראַינישער ערד...
>
> דערפאר טאקע גייענ מיר צו פראָסט אונ אָפנהארציק צו שעווטשענקאָנ אונ צו דער זעלבשטענדיקער אוקראַינע“ [2]).

דער הער שאפאָוואל האָט גוט געוווסט, אז בא די ברייטע קרייַזנ ארבעטנדיקע מאסנ האָט שעווטשענקאָ א גרויסנ אווטאָריטעט. זעריבער האָט ער געזארפט אינ זייַנ רעדע אזוי פאָרשטעלנ די זאכ, אז שעווטשענקאָ, קלוימערשט, האָט פאָרויסגעזענ, אז אינ 1918־טנ יאָר וועט די אוקראַינישע צענטראלע ראדע צוזאמענ מיט די דייַטשישע גענעראלנ ארויסטרעטנ אפ אוקראַינע אונ וועט אינ פלאמ פונ סרייפעס אונ פונ בלוט שטיקנ די רעוואָליוציע. שאפאָוואל מאכט שעווטשענקאָנ פאר אנ אטאמאנ פונ

---

[1]) М. Грушевський. „Велике діло“, журн. „Україна“ 1929, № 32, стор. 8.

[2]) М. Шаповал. Шевченко і самостійна Україна, Київ, 1918.

דער אוקראַיִנישער באַנדיטישער פעטליורישער אַרמיי, פאַר א שוצמאַנ פונ דער קײַ־
זערישער אַרמיי.

אונ אָט האָט סטאַריצקע־טשערניאַכיווסקע אינעמ זשורנאַל „הראָמאַדאַ" דעמ 20־טנ מאַרט 1919 געשריבנ, אַז שעווטשענקאָ האָט זיכ באַצויגנ פײַנטלעכ ניט בלויז צו דער מאָסקווער רעגירונג, נאָר אויכ צו דער גאַנצער מאָסקווער „גע־זעלשאַפט", אונ אַז שעווטשענקאָ טאַקע איז געווענ א פאַטריאָט. די מאַדאַמ טשערניאַכיווסקע האָט, ווײַזט אויס, פאַרגעסנ, אַז שעווטשענקאָ האָט זייער טרעפלעכ כאַראַקטעריזירט דעמ „פאַטריאָטיזמ" פונעמ אוקראַיִנישנ פריצנטומ, ער האָט באַוויזנ, וויאַזוי די אוקראַיִנישע „פאַטריאָטנ" האָבנ געשונדנ די הויט פונ די גריקע־זייער. דאָס האָבנ דאָכ טאַקע די זעלבע הערנ „פאַטריאָטנ" זיכ געלאָזט מיט דער דײַטשי־שער קײַזערישער אַרמיי אָפ אָקופירנ אוקראַיִנע אונ האָבנ געשונדנ די הויט פונעמ אוקראַיִנישנ פויערטומ אַזוי לאַנג, ביז דער רעוואָליוציאָנערער אופשטאַנד אינ אוק־ראַיִנע אונ די הילפ פונ אונדזערע ברידער — די רוסישע אַרבעטער אונ פויערימ — האָבנ ניט אַרויסגעקערט אַי די דײַטשישע אָקופאַנטנ, אַי יענע אוקראַיִנישע פריצימ — „פאַטריאָטנ", וואָס האָבנ זיי אײַנגעלאַדנ.

דער הער דאָראָשקעוויטש האָט וועגנ שעווטשענקאָנ אַזוי געזאָגט:

„שעווטשענקאָ — איז א פאָעט א נאַציאָנאַלער (נאַציע איז ברייטער פונ פאָלק), ווײַל אינ זײַנע ווערק קענ מענ געפינענ נוצלעכנ שטאָפ פאַר אַלע שיכטנ אונ גרופעס פונ דער אוקראַיִנישער נאַציע"[1].

מיט דעמ דעקט אײַנגאַנצנ אופ דאָראָשקעוויטש, וויאַזוי דער אוקראַיִנישער נאַ־ציאָנאַליסטישער לאַגער נוצט אויס שעווטשענקאָנ אונ פאַלסיפיצירט יענע ערטער פונ זײַנ שאַפונג, וועלכע זײַנענ פאַר זייערע צוועקנ מער פאַסיק. מיט די ווערטער „אוקראַיִניש פאָלק" מיינענ מיר די אַרבעטנדיקע מאַסנ, אונ דער הער דאָראָשקעוויטש קענ זײַנ רויִק, אַז מיר וועלנ צומ פאָלק קיינמאָל ניט פאַררעכענענ די אוקראַיִנישע פריצימ, די נאַציאָנאַליסטנ, פאַשיסטנ, גאַלאָכימ, קרעמערס, פאַבריקאַנטנ, באַלעגופימ. דעמ ערנ־נאָמענ — פאָלק — וועלנ זיי קיינמאָל ניט האָבנ, ווײַל זיי האָבנ שטענדיק גע־קעמפט אונ קעמפנ קעגנ דעמ אוקראַיִנישנ פאָלק, קעגנ די אוקראַיִנישע אַרבעטנ־דיקע מאַסנ.

אונ עס איז אַבסאָליוט קלאָר, אַז אויסדריקנ דעמ ווילנ פונ דער אוקראַיִנישער נאַציע קענ בלויז דאָס אוקראַיִנישע פאָלק, ד. ה. די אַרבעטנדיקע מאַסנ, וועלכע האָבנ אונטער דער אָנפירונג פונ דער קאָמוניסטישער פאַרטיי באָלשעוויקעס פונ אוקראַיִנע אַרויסגעטריבנ דאָס אוקראַיִנישע פריצנטומ פונ די גרויסע שטעטכנ פונ אוקראַיִנע אונ וואָס בויענ די ערשטע אינ דער וועלט רעפובליק פונ ראַטנ.

די אוקראַיִנישע נאַציאָנאַליסטנ האָבנ מיט אַלע מיטלענ אונ אינ אַלע געביטנ זיכ באַמיט אויסצונוצנ שעווטשענקאָנ אָפ זייער אויפנ.

דער נאַציאָנאַליסט טשערקאַסענקאָ האָט אינעמ אַרטיקל „שעווטשענקאָ — א פעדאַ־גאָג" אַזוי געשריבנ:

„שעווטשענקאָ איז געווענ א טיפער אוקראַיִנישער נאַציאָנאַליסט".

---

[1]) „Вільна Українська Школа" 1918, № 7, стор. 145.

דער פּריוואַט־דאָצענט פונעם מעלוכישן קאַמענעצער אוקראַיִנישן אוניווערסיטעט וואַסילקאָווסקי האָט אין 1920־טן יאָר, ריידנדיק וועגן שעווטשענקאָס רעליגיעזקייט, אָנגעוויזן:

„מיר האָבן דאָ פאַר אונדז אַן סאַמעק אַ רעליגיעזע נאַטור“...

סערגיי יעפרעמאָוו האָט אין 1918־טן יאָר אין זײַן בוך „קורצע געשיכטע פון דער אוקראַיִנישער ליטעראַטור“ געשריבן:

„שעווטשענקאָ האָט ווי אומגעקערט צום לעבן אונדזער אוקראַיִנע“.

אַזוי האָבן די אוקראַיִנישע נאַציאָנאַליסטן אויסגענוצט און באַמיִען זיך אויסצונוצן שעווטשענקאָס געשטאַלט, זיי שטעלן זיך אפילע אָפּ וועג פון אָפענער פאַלסיפיצירונג פון זײַן שאַפונג.

אָבער די קאָנטר־רעוואָליוציאָנערע אופגאַבעס, וואָס דער אוקראַיִנישער פאַשיזם שטעלט פאַר זיך, איז אומעגלעך אויסצופילן אפילע ד'אַן, ווען מע ווענדעט אָן די פאַלסיפיצירונג פון שעווטשאַנקאָס שאַפן.

אָט דערפאַר האָט איינער פון די אידעאָלאָגן פונעם אוקראַיִנישן פאַשיזם, דער העך דאָנצאָוו, געשריבן אינעם „וויסניק“ פאַרן 1932־טן יאָר, אין זײַן אַרטיקל „וועגן אַקטועלע פראַגעס“, וועגן שעווטשענקאָן:

„שעווטשענקאָ? איך בין ניט באַגײַסטערט פון אים. איך פאַרשטיי ניט, וויאַזוי האָט ער זיך געקענט אַרויסרופן ווי אַ הויפּט־שעפער פונעם אוקראַיִנישן נאַציאָנאַלן געדאַנק... זײַן וויסנשאַפט טראָגט אַ צו עמאַציאָנעלן כאַראַקטער. און זײַן באַגריף וועגן נאַציאָנאַלן באַוווסטזײַן איז אַן איינזײַטיקער. דאָס, וואָס ער שרײַבט, איז דאָך דער אַפּאַטעאָז פון בונטאַרישקײַט. מע דאַרף שוין לאַנג מאַכן אַ סאָף צום שעווטשענקאָ־קולט“ [1].

דער אוקראַיִנישער פאַשיזם, וואָס טרוימט מיט דער הילף פונעם דײַטשיש־פּוילישן פאַשיזם אײַנצושטעלן אָפּ די שטעכן פון אוקראַיִנע די דיקטאַטור פון דער אוקראַיִנישער בורזשואַזיִע, וויל, ווי מיר זעען, מאַכן אַ סאָף צום שעווטשענקאָ־קולט, ווײַל שעווטשענקאָ איז געווען קעגן דעם אוקראַיִנישן פּריצנטום.

ניט אומזיסט האָט מ. כווילאָווי אין זײַן פאַשיסטיש ווערק „וואַלדשנעפּן“, געגעבן דיק אַ געשפּרעך פון דער פאַשיסטקע אַגלאַיאַ מיטן אוקראַיִנישן פאַשיסט קאַראַמאַזאָוו, וואָס מאַסקירט זיך מיטן פּאַרטיי־בילעט, אַזוי אויסגעדריקט זײַנע אייגענע אָנשוירונגען וועגן שעווטשענקאָן:

„איך וויל ניט זאָגן, אַז מיט טאַראַס שעווטשענקאָן האָב איך ניט קיין געמיינזאַמעס.

— אויב בלויז דאָס, בין איך צופרידן,—האָט געזאָגט אַגלאַיאַ, און האָט זיך פאַרטראַכט.—טאַקע גראָד אַזעלכע מענטשן פעלן אונדזער נאַציע. מיר ווײַזט זיך אויס, אַז דו האָסט ניט אַזוי געוואָלט זאָגן. דו פאַרשטייסט מיך? איך מיין, אַז אָן גרויסן ענטוזיאַזם קענען ניט זײַן קיין עמעסע עקאָנאָמיסטן.

— אַבסאָליוט ריכטיק,— האָט אײַנגעשטימט קאַראַמאַזאָוו.— איינ פלאָקן, ווײַזט אויס, שטויסט מען אַרויס מיט אַ צווייטן פלאָקן. און אַ „פאַרקאָבזאַ־

---

[1]) Д. Донцов. „Про актуальні речі“. „Вісник“ 1932, кн. 3.

רעוועטע" פּסיכיק קענ מענ דערציִענ בלויז דורכ אנ אזויגערופענעמ פאר־הײַאוואטעוועטנ „קאפּיטאל".

— געטראָפנ ניט אינ ברעמ, נאָר אינ אויג, — האָט באַגײַסטערט געזאָגט אגלאיא. — אָנ אוועלכנ ניט איז לאָנגפעלאָ וועט איר טאקע אינדערעמעסנ ניט שאפנ פאר זיכ קיינ אייגענע עקאָנאָמיסטנ אונ פּאָליטיקער. אָט האָב איכ נאָר וואָס געטראכט, אז מארקסנ שלעפּסטו אבסאָליוט אומזיסט אהער.

— דאָס איז א פראגע פונ איבערצײַגונג, — האָט אומצופרידנ געזאָגט דמיטרי.

— איכ מיינ ניט, ווײַל מארקס איז אנ אבסאָליוט פרעמדגעבירטיקער עלע־מענט פאר אונדזער לאנד. אונ דו ווייסט דאָכ, אז ווענ אינ וואסערשטאָף מישט מענ ארײַנ זויערשטאָף, וועט א הייסער קערפּער ניט באַווײַזנ אפילע זיכ צורירנ צו דעמ דאָזיקנ געמיש — גלײַכ קומט פאָר אנ אופרײַס אונ... וואַ־סער. אונ דעריב ווערנ מיר ניט אמפערנ זיכ. מיכ אינטערעסירט אנ אנדער פראגע. ריידנדיק וועגנ טאראס שעווטשענקאָ, האָסטו געהאט אינ אויג די פּערזונ־שמירער אינ אלגעמיינ, צי טאקע אימ אליינ, דעמ אָפּגאָט פונ אײַער נאציע?

— איכ האָב געהאט אינ אויג אי די פּערזונ־שמירער אינ אלגעמיינ, אי אימ באזונדער.

— פארוואָס־זשע פארהאסטו אזוי שעווטשענקאָנ?

— פארוואָס איכ פארהאס אימ?

קאראמאזאָוו האָט ווידער געמאכט אנ אומצופרידנ פּאָנעמ, ווי איינער זאָגט: צוליב וואָס איז דער דאָזיקער פארהער? נאָכדעמ האָט ער פּלוצימ נערוועז פארשארט די האָר אונ האָט זיכ אָפּגעשטעלט. — אונ דערפאר פארהאס איכ אימ, — האָט אויסערגעוויינלעכ צעהיצט קאראמאזאָוו געזאָגט מיט א בייזער שטימע, — וואָס טאקע ער, שעווטשענקאָ, האָט קאסטרירט אונדזער אינטעליגענצ. צי דענ האָט ניט ער אויסגעכאָוועט דעמ דאָזיקנ טעמפּקעפּיקנ קנעכט — דעמ אופקלערער („פּראָסוויטיאנינ"), וואָס מיר האָבנ זיי א לעגיאָנ? צי דענ איז ניט שעווטשענקאָ — דער דאָזיקער, מעגלעכ, ניט שלעכטער פּאָעט אונ ביז גאָר ווייניק קולטורעלער אונ ווילנלאָזער מענטש — צי דענ ניט ער האָט עס אונדז אויסגעלערנט צו שרײַבנ פּערזנ, סענטימענטאליזירנ „קאטערי־ניש", בונטעווענ „הײַדאמאקיש" — אומגעלומפּערט מאכטלאָז אונ קוקנ אפ דער וועלט אונ אפ איר בויונג דורכ דער פּריזמע פונ פּאסעיִזמ, וואָס איז צוגע־זיסט מיט שרעקלעכע פראזעס? צי ניט ער — דער דאָזיקער לײַבייגענער — האָט אונדז אויסגעלערנט צו זידלענ דעמ פּאָרעצ, ווי מע זאָגט, הינטער די אויגנ אונ טרינקענ מיט אימ בראָנפנ, זיכ האלטנ פאר אימ, ווי א כאָלוי, ווענ ער שלאָגט דיכ גוטברודעריש איבערנ פּלייצע אונ זאָגט: „אונ דו, מאַ־טיושא, ביסט פונדעסטוועגנ א טאלאנט". טאקע דער דאָזיקער איקאָנע־מאָלער, דער „באטקאָ טאראס" האָט פארהאלטנ די קולטורעלע אנטוויקלונג פונ אונדזער נאציע אונ האָט ניט געלאָזט רעכטצײַטיק זיכ אויספורעמענ אינ א מעלוכע־איינס. שויטימ מיינענ, אז ווענ שעווטשענקאָ וואָלט ניט געווענ, וואָלט אויכ

קיינ אוקראַינע ניט געווענ. אונ איכ אָט מיינ, אפ וואָס פאר א שווארציאָר דארפ מענ זי, אזוי ווי מיר זעענ זי ביז איצט... ווייַל אינ איר איצטיקנ אויסזענ מיט אירע אידיאָטישע אוקראַיניזאציעס אינ די סאָציאַלע פּראָצעסנ פילט זי אויס נאָר די ראָל פונ א טאָרמאָז״ [1].

ווי מיר זעענ, האלטנ זיכ אגלאיא אונ דמיטרי קאראמאזאָוו, ד. ה. כווילאָווי, אבסאָליוט בא איינ מיינונג וועגנ דעמ, אז מארקס איז אינגאנצנ א פרעמדער עלעמענט פאר אונדזער לאנד. אגלאיא אונ דמיטרי קאראמאזאָוו, ד. ה. כווילאָווי, זייַנענ בא איינ מיינונג, אז שעווטשענקאָ אונ זייַנע טיפנ דארפנ אינ אונדזער לאנד אומקומענ, ווייַל זיי האָבנ, קלוימערשט, קאסטרירט אונדזער אינטעליגענצ, ווייַל זיי האָבנ אויסגעכאָוועט דעמ טעמפּקעפּיקנ קנעכט — דעמ אופקלערער אונ האָבנ געשאפנ די טראדיציע פונ יענער אופקלערערייַ, וואָס אירע פאָרשטייער ווערנ געציילט אינ די לעגיאָנענ, ווייַל, ענדלעכ, שעווטשענקאָ האָט, קלוימערשט, פארהאלטנ די אנטוויקלונג פונ אוקראַינע.

ניט אזעלכע מענטשנ, ווי שעווטשענקאָ, זייַנענ נייטיק דעמ אוקראַינישנ פאשיזמ! דעמ אוקראַינישנ פאשיזמ זייַנענ נייטיק מענטשנ, וואָס זייַנענ געשמידט פונ אנ אנדער מאטעריאל, פאר זיי זייַנענ נייטיק מענטשנ, וואָס ווילנ מע זאָל די ארבעטנדיקע מאסנ האלטנ אינ קייטנ פונ קנעכטשאפט.

מע דארפ מיט צאָרנ אָפּווארפנ די ווערטער פונעמ פאשיסט כווילאָווי, אז שעווטשענקאָ איז א ווייניק־קולטורעלער אונ ווילנלאָזער מענטש. דאָס איז רעכילעס. דאָס באטייַט פונקט אזוי באשפּייַענ שעווטשענקאָנ, ווי עס האָט עס געטאָנ דער פאָרעצ קוליש, וואָס איז געפאלנ אפ די קני פאר ניקאָלייַ דעמ ערשטנ, פאר אלעקסאנדער דעמ 2־טנ אונ האָט באזונגענ יעקאטערינע די 2־טע, באזונגענ די רוסישע מאָנארכיע — די פעלקער־טורמע.

וואָלט שעווטשענקאָ געווענ א ווילנלאָזער מענטש, צי וואָלט ער דענ געקאָנט זייַנ גאנצ לעבנ שטיינ אומגעוואקלט אפ די פאָזיציעס פונעמ אייַנגעשפּארטנ קאמפּ קעגנ רוסישנ צאריזמ, קעגנ די אוקראַינישע, רוסישע אונ אנדערע פּריצימ?

וואָס אָנבאלאנגט שעווטשענקאָס „ווייניק־קולטורעלקייַט”, וואָס וועגנ איר האָט גערעדט כווילאָווי, דארפ מענ פּראָסט זאָגנ, אז דאָס איז א רעזולטאט פונ דער אומקולטורעלקייַט פונ כווילאָוויענ אלייג אינ די פראגעס וועגנ שעווטשענקאָנ. מיר ווייסנ דאָכ גוט, אז אינ זייַנ צייַט איז שעווטשענקאָ געשטאנענ אינ די ערשטע רייענ פונ די סאמע קולטורעלסטע מענטשנ פונ רוסלאנד אונ אוקראַינע. וועגנ דעמ זאָגט איידעס זייַנ קאָרעספּאָנדענצ, וועגנ דעמ זאָגט, איידעס שעווטשענקאָס שאפונג, זייַנ טאָגבוכ, די זיכרוינעס פונ זייַנע מיטצייַטלער וועגנ אימ. ענדלעכ, זאָגנ וועגנ דעמ איידעס די מאטעריאלנ פונ די זשאנדארמ־פארוואלטונגענ, די פארהערנ א. אנד.

אָבער די זאכ גייט ניט אינ דעמ. די זאכ באשטייט אינ דעמ, וואָס דעמ אוקראַינישנ פאשיזמ זייַנענ נייטיק ניט אזעלכע פּאָעטנ, ווי שעווטשענקאָ, אימ זייַנענ נייטיק פּאָעטנ לויטנ מוסטער פונ יעווגעני מאלאניוק, וועלכער שארפט דאָס געווער פונ פאשיזמ אינ דער אוקראַינישער נאציאָנאליסטישער ליטעראטור, יענצ געווער, מיט וועלכנ ער האָפט צו ווירקנ אפ די מאסנ, קעדיי אָרגאניזירנ א מארש קעגנ דעמ ראטנפארבאנד, קעגנ ראטנ־אוקראַינע.

[1]) М. Хвильовий. Вальдшнепи. „Вапліте“, № 5.

פארשטייט זיך, אז דער זינגער פונעם לײַבײגענעם פויערטום, דער פּאָעט און רעוואָליוציאָנער שעווטשענקאָ, וואָס האָט געהאסט דאָס אוקראיִנישע, רוסישע און יעדער אנדער פריצנטום, גייט זיך סײַ מיט זײַן וואָרט און סײַ מיט זײַן ארבעט קאטעגאָריש פאנאנדער מיט דער טעאָריע און מיט דער פּראקטיק, וואָס אפּ אירע פּאָזיציעס שטייט איצט דער אוקראיִנישער פאשיזם.

די אוקראיִנישע נאציאָנאליסטן האָבן זיך שטארק באמיט צו פאלסיפיצירן שעווטשענקאָס שאפונג, אויסצוטײַטשן זי נאציאָנאליסטיש. צו אזעלכע פאלסי־פיקאטערס און נאציאָנאליסטישע אינטערפּרעטאטערס פון שעווטשענקאָס שאפונג געהער אויך דער נאציאָנאליסט א. ריטשיצקי.

ניט אומזיסט האָט דער אוקראיִנישער נאציאָנאליסט דאָראָשקעוויטש אין 1929־טן יאָר געזאָגט וועגן דער ארבעט פונעם הער ריטשיצקי, אז:

„...ריטשיצקיס בוך איז אייגנטלעך די ערשטע מארקסיסטישע מאָנאָ־גראפיע וועגן שעווטשענקאָן... רעטשיצקיס בוך... האָט געהאט א גרויסע געזעלשאפטלעך־פּאָליטישע און מעטאָדאָלאָגישע וואָג" [1]).

און דער אוקראיִנישער פאשיסטישער לאגער אין אויסלאנד האָט אינעם ארטיקל פונעם דאָקטער אָסטאפּ הריצײַ „פון דער נײַער ליטעראטור וועגן שעווטשענקאָן" אינעם 1924 יאָר כאראקטעריזירט ריטשיצקיס ארבעט אזוי, אז זי:

„גייס ארויס ווײַטער פון די גרענעצן פון א ריין־ליטערארישער קריטישער ארבעט" [2]).

באם טראקטירן די פויערשע באוועגונגען אין אוקראיִנע האָט ריטשיצקי געלייגט אלס גרונט די אוקראיִנישע בורזשואזע היסטאָריאָגראפיע. ער האָט ניט באוויזן דעם קלאסנקאמפּ אין אוקראיִנע, ער האָט ניט באוויזן דעם קאמפּ פון די אונטערדריקטע אוקראיִנישע מאסן קעגן די אוקראיִנישע העטמאנעס, סטארשינעס. ער האָט געגעבן די געשיכטע פון אוקראיִנע לויט די גרונט־ליניעס, לויט וועלכע עס איז געגאנגען די בורזשואזע היסטאָריאָגראפיע פון גרושעווסקין א. אנד. די דאָזיקע אוקראיִנישע בורזשואזע היסטאָריאָגראפיע האָט באוויזן די גאנצע אוקראיִנישע נאציע, ווי א בורזשואזע, ווי א נאציע, וואָס האָט אין אן איינהײַטלעכן פראָנט געפירט א קאמפּ אָדער קעגן די פּאָליאקן, אָדער קעגן די רוסן.

אָט פארוואָס ריטשיצקי האָט, ריידנדיק וועגן דעם ערשטן פעריאָד פון שעווטשענקאָס שאפן, געזאָגט:

„שעווטשענקאָס נאציאָנאליזם האָט פארמאָגט אין זיך א גאנץ באשטימטן סאָציאַלן יעסאָד, וואָס וואקסט אריבער אויך די ראמען פון זײַן נאציאָנאליזם אין דער צווייטער העלפט פון דער פּאָעטישער שאפונג פון אונדזער קאָבזאר דעם לײַבײגענעם" [3]).

[1]) Дорошкевич. Сучасний стан Шевченкознавства. — Шевченко, Річник другий, ДВУ 1930, стор. 375—376.

[2]) Д-р О. Грицай. З нової літератури про Шевченка. „Нова Громада" 1924 № 5—6. Віден.

[3]) А. Річицький. Шевченко в світлі епохи. ДВУ, 1925.

אזויארומ, באקומט זיכ, אז ריטשיצקי האָט געהאלטנ שעווטשענקאָנ פאר א נאַ־
ציִאָנאליסט פונ אָנהייב ביזנ סאָפ. נאָכ ריטשיצקינ קומט אויס, אז שעווטשענקאָ,
וואָס איז זייַנ גאנצ לעבנ געווענ א נאציִאָנאליסט, האָט בלויז אָפּגעשפּיגלט די סינע
פונעמ פארשקלאפטנ אוקראַיִנישנ פויערטומ צו אלע אנדערע נאציעס. דעמ סאָציִאלנ
קאמפ, וואָס איז אָנגעגאנגענ צווישנ די אונטערדריקטע אוקראַיִנישע ארבעטנדיקע אונ
די אוקראַיִנישע אונטערדריקער די פּריצימ,— וואָס האָט אמגלענצנדיקסטנ זיכ אָפּגע־
שפּיגלט אינ שעווטשענקאָס שאפונג,— האָט ריטשיצקי אויסגעמיטנ. ווי מיר זעענ,
שאפט ריטשיצקי א נייַע טעאָריע וועגנ דעמ, אז טע קענ, קלוימערשט, זייַנ א נאַ־
ציִאָנאליזמ, וואָס האָט א היסטאָרישע בארעכטיקונג.

ריטשיצקי האָט ניט באוויזנ, אז יעטווידער נאציִאָנאליזמ איז א בורזשואז געווער,
אונ מיט דעמ אלײנ האָט ער טראקטירט שעווטשענקאָס שאפונג, ווי א פאָנ פונ די
אוקראַיִנישע נאציִאָנאליסטנ—פאשיסטנ, וועלכע טייַטשנ אויס שעווטשענקאָנ, ווי א
נאציִאָנאליסטישנ פּאָעט אונ מאכנ אימ פאר זייער פאָנ. לויטנ טאָכ זעצט ריטשיצקי
פאָר די פאשיסטישע טעאָריע וועגנ דעמ, אז די „מאָסקאלנ” זייַנעג ביכלאל סאָנימ
פונ אוקראַיִנע.

ער האָט אזוי געזאָגט וועגנ דעמ פויער פונ שעווטשענקאָס צייַטנ:

„דער פויער שטויסט זיכ צונויפ מיט די דאָזיקע פרעמדע אמאָל אינעמ
אויסזענ פונ מאָסקאלנ — אָקופּאציע־מיליטער, מיט זייערע איינקווארטירונגענ,
מיט זייערע שטייַערנ אונ רעקרוטישע מאָביליזאציעס, אמאָל אינעמ אויסזענ פונ
ליאכנ, פּריצימ, אמאָל אינעמ אויסזענ פונ זשידעס־ארענדאטערס, שענקערס,
פּראָצענטניקעס, אמאָל אינעמ אויסזענ פונ דייַטשנ־קאָלאָניסטנ אונ אינדוסטרי־
עלער” [1]).

פארעכענענדיק אלע „מאָסקאלנ”, ד. ה. די רוסישע, צו דעמ אָקופּאציע־מיליטער,
אלע „ליאכנ”, ד. ה. די פּאָליאקנ, צו די פּריצימ, אלע „זשידעס” ד. ה. די ייִדנ —
צו די ארענדאטערס, שענקערס, פּראָצענטניקעס, אלע דייַטשנ—צו די קאָלאָניסטנ אונ
אינדוסטריִעלער, האָט ריטשיצקי אזויארומ קעגנגעשטעלט די אוקראַיִנישע ארבעטנ־
דיקע מאסנ קעגנ די איבעריקע פעלקער. פאר אימ עקזיסטירנ ניט קיינ פּאָליאקנ־
פּריצימ אונ פּאָליאקנ־ארבעטנדיקע, פאר אימ עקזיסטירנ ניט ייִדנ־ארענדאטערס אונ
ייִדנ־ארבעטנדיקע, פאר אימ עקזיסטירנ ניט קיינ זייַטשנ־קאָלאָניסטנ אונ דייַטשנ־
ארבעטנדיקע, בא אימ זייַנענ אלע אנדערע נאציִאָנאליטעטנ מענטשנ, וואָס האָבנ זיכ
איזדעקעוועט איבער דער אוקראַיִנישער ארבעטנדיקער באפעלקערונג.

ס'איז פארשטענדלעכ, פארוואָס איז ריטשיצקיס נאציִאָנאליסטיש־פאשיסטישע
פאלסיפיצירונג פונ שעווטשענקאָנ געפעלנ געוואָרנ די אוקראַיִנישע פאשיסטנ. ס'איז
פארשטענדלעכ, פארוואָס האָבנ די אוקראַיִנישע נאציִאָנאליסטנ אזוי געליבט רי־
טשיצקינ.

מע דארפ אָנווייַזנ, אז דאָס ארויסגעבנ שעווטשענקאָס ווערק האָבנ די גאנצע
צייַט קימאט געהאלטנ אינ זייערע הענט די אָפענע אוקראַיִנישע נאציִאָנאליסטנ, די
פאשיסטנ פונ יעפרעמאָווס שניט אָדער זייערע אגענטנ. דורכ דער פאלסיפיצירונג

---

[1]) А. Річицький. Шевченко в світлі епохи. ДВУ, 1925, стор. 114.

פונ שעווטשענקאָס שאפונג האָבנ זיי זיכ באמיט איר צוגעבנ א נאציאָנאליסטישע אויספאָרמירונג.

ווי מיר האָבנ שוינ געזאָגט, איז שעווטשענקאָ ניט געווענ קיינ סאָציאַליסט. ער איז ניט געווענ קיינ פּראָלעטארישער רעוואָליוציאָנער, ער איז, פארשטענדלעכ, ניט געווענ קיינ קאָמוניסט. שעווטשענקאָ איז געווענ א בורזשואז־רעוואָליוציאָנערער דעמאָקראַט, ער איז געווענ א זינגער פונ דער פּויערשער רעוואָליוציע, אונ אינ דער דאָזיקער פראגע איז ער געשטאנענ אפ דער זעלבער פּאָזיציע, וואָס טשערנישעווסקי. ער האָט געלעבט אינ דער גרויליקער עפּאָכע פונ דער רעאקציע פונ ניקאָלײַ דעמ 1־טנ, ער האָט געלעבט אינ דער עפּאָכע, ווענ אלעקסאנדער דער 2־טער האָט געגעבנ „פרײַהײַט" די פּויערימ אונ האָט זיי באפרײַט פונ דער ערד, זיי איבערגעגעבנ אינ נײַע קייטנ צו די פּריצימ אונ קאפּיטאליסטנ.

זײַנ גאנצ לעבנ האָט שעווטשענקאָ געקעמפט קעגנ די דאָזיקע קייטנ, ער האָט געקעמפט, ווי א רעוואָליוציאָנער, אונ דערפאר אכטנ מיר אימ.

לענינ האָט אינ זײַנ בוכ „מעלוכע אונ רעוואָליוציע" אזוי געשריבנ וועגנ דעמ לעבנ פונ די רעוואָליוציאָנערנ, וואָס האָבנ געקעמפט פאר דער פארניכטונג פונ די קייטנ פונ דער קנעכטשאפט:

„די אונטערדריקערישע קלאסנ האָבנ באמ לעבנ פונ די גרויסע רעוואָליוציאָנערנ זיי געצאָלט מיט שטענדיקע פארפאָלגונגענ, זיי האָבנ באגעגנט זייער לערע מיט סאמע ווילדסטער בייזקײַט, מיט סאמע וואנזיניקסטנ האס, מיט סאמע צעיושעטסטער קאמפּאניע פונ ליגנ אונ רעכילעס. נאָכ זייער טויט ווערנ געמאכט פּרוּווּנ צו פארוואנדלענ זיי אינ אומשעדלעכע איקאָנעס, אזוי צו זאָגנ, צו קאנאָניזירנ זיי, שאפנ א געוויסנ רומ פאר זייער נ אָ מ ע נ, קעדיי צו „טרייסטנ" די אונטערדריקטע קלאסנ אונ קעדיי צו באשווינדלענ זיי, אויסהוילנדיק דערבײַ דעמ א י נ ה א ל ט פונ דער רעוואָליוציאָנערער לערע, אָפּטעמפּנדיק איר רעוואָליוציאָנערנ שארפ, וואולגאריזירנדיק זי"[1].

די דאָזיקע הערשנדיקע קלאסנ האָבנ, ווי באוווסט, געצאָלט שעווטשענקאָנ דערמיט, וואָס זיי האָבנ זיכ איבער אימ איזדעקעוועט, געהאלטנ אינ פארשיקונג, אונטערנ ארעסט אָדער אונטערנ אויפזיכט פונ די זשאנדארמענ.

די אוקראַינישע בורזשואזיע, די אוקראַינישע פאשיסטנ מאכנ איצט א פּרווו צו פארוואנדלענ שעווטשענקאָנ אינ א איקאָנע, אונ די איקאָנע אויסנוצנ פאר זייערע צילנ. דער פּראָלעטאריאט אָבער שלײַדערט אָפּ ווײַט די דאָזיקע שמוציקע באמיונגענ פונ די אוקראַינישע פאשיסטנ.

אָפּגעבנדיק דאָס געהעריקע שעווטשענקאָנ, וויסנדיק וועגנ זײַנע פעלערנ, וועגנ זײַנ סאָציאַלער נאטור, אכטנ מיר אימ אונ זײַנענ פול מיט שטאָלצ פאר דעמ קאמפּ, וואָס ער האָט געפירט אינ די סאמע שרעקלעכסטע צײַטנ פונ ניקאָלײַס רעאקציע קעגנ די פּריצימ, קעגנ די לײַבייגנטימער, קעגנ דעמ צארישנ רוסלאנד.

פארשטענדלעכ, אז שעווטשענקאָ איז געווענ ניט קיינ פּראָלעטארישער, נאָר א פּויערשער אונ דעריבער א קלײנבירגערלעכער רעוואָליוציאָנער. שעווטשענקאָ האָט

---

[1] В. И. Ленин. Сочинения, изд. 3, т. XXI — „Государство и революция", стр. 371.

אי אין זײַן שאפונג, אי אין זײַנע שטימונגען אָפּגעשפּיגלט די קלײנבירגערלעכע וואקלונגען, וואָס זײַנען געווען כאראקטעריסטיש פאר יענער עפּאָכע, זײַנען געווען כאראקטעריסטיש פארן פויערטום, וואָס האָט געקעמפט קעגן דער לײַבאייגנטימערישער אָרדענונג.

## 8

מיר ווילן זיך אָפּשטעלן אפ די פראגעס פונעם קאמף, וואָס איז אָנגעגאנגען אום גײט נאָך אָן ארום שעווטשענקאָן אין צוזאמענהאנג מיט דער פראגע וועגן אוועקשטעלן אים א דענקמאָל. דער דאָזיקער קאמף האָט א טיפּ־קלאסאווע, פּאָליטישן כאראקטער. ער באווײַזט, וויאַזוי יעטווידער פּעטליורישער אויסוואורף האָט געוואָלט אויסנוצן פאר זײַן נאציאָנאליסטישער ארבעט דעם נאָמען פון שעווטשענקאָן, וועלכער האָט מיט זײַן ארבעט און שאפונג געשפּילט אין זײַן צײַט א קאָלאָסאלע רעוואָלוציאָנערע ראָל. דער דאָזיקער קאמף באווײַזט, וויאַזוי די קאָלערליי אוקראַינישע נאציאָנאליסטן שטרעבן אויסצונוצן פאר זייערע צוועקן די געשטאלט פונעם גרויסן פויערשן רעוואָלוציאָנער שעווטשענקאָ, וועלכער האָט זײַן גאנצן לעבן אומבאראכמאָנעסדיק געקעמפט קעגן צאריזם און פריצנטום, אויסנוצן זײַן נאָמען צוליב קאמף קעגן דער פּראָלעטארישער רעוואָליוציע, קעגן די אוקראַינישע ארבעטנדיקע מאסן.

פון דעם דאָזיקן שטאנדפּונקט איז אינטערעסאנט צו דערמאנען דאָס, וואָס ס'איז פּאָרגעקומען ארום דער פראגע וועגן אוועקשטעלן א דענקמאָל שעווטשענקאָן. אין דער דאָזיקער געשיכטע ווערט אין א באדײַטנדיקער מאָס אָפּגעשפּיגלט דער קאמף, וואָס איז אָנגעגאנגען ארום שעווטשענקאָן, דער קאמף קעגן זײַן שאפונג, דער קאמף, וואָס האָט פארטריבן שעווטשענקאָן אין אָרסקער פעסטונג, דער קאמף, וואָס האָט אזוי פרי אים פארטריבן אין קייווער.

דער געדאנק אוועקצושטעלן שעווטשענקאָן א דענקמאָל איז אופגעקומען טאקע גלײַך נאָך זײַן טויט, דאן ווען מע האָט שעווטשענקאָס קערפער אריבערגעפירט אפ אוקראַינע און מע האָט אים באהאלטן לעבן קאניעוו. דאָס איז געווען אין 1861־טן יאָר.

און אָט זײַנען אדורך אסאך יאָרן נאָך זײַן טויט, אָבער אפ שעווטשענקאָס קייווער זײַנען ניט געווען קיינע סימאָנים, וואָס זאָלן זאָגן, אז דער אָנדענק פונעם דאָזיקן פאָלקס־פּאָעט איז באצייכנט געוואָרן דורך זײַנע נאָענטסטע פרײַנט. דער קייווער איז געווען פארלאָזט, איז געווען אין אזא צושטאנד, וועלכער האָט אמקלאָרסטן באוויזן, אז ס'האָט אויסגעפעלט די געהעריקע אופמערקזאמקײַט צו דער דאָזיקער זאך. עס איז ניט געווען קיין אייגן געזעלשאפטלעכע אָרגאניזאציע אָדער גרופּע מענטשן, וואָס זאָלן ערנסט זיך פארנעמען מיטן אײַנאָרדענען א דענקמאָל שעווטשענקאָן, מיטן ברענגען אין אָרדענונג זײַן קייווער. וועגן דעם זאָגט איידעס אפילע דער פאקט, וואָס אין אָקטיאבער 1882־טן יאָר האָט זיך געלאָזט הערן א יעדיע, אז שעווטשענקאָס קייווער איז פולשטענדיק רויִנירט.

דעם 26־טן דעקאבער דעם זעלבן יאָר האָט מען טעלעגראפיש פון קאניעוו מיטגעטיילט:

„דער קייווער פונעם אוקראַינישן פּאָעט ט. ג. שעווטשענקאָ שטעלט מיט זיך פאָר אינעם איצטיקן מאָמענט פילזאָגנדיקע (красноречивые) רויִנעס. דער

צײלעמ פונעמ קיִיוער האָט זיכ די טעג אומגעוואַלגערט צומ דניעפּער־צו און האָט זיכ צעבראָכנ אַפּ צוויי שטיקער, נידעריקער פונעמ קראַנצ און בײַ זײַנ באַזיס. די רעשטנ פונעמ צײלעמ צינדנ ייִנגלעכ פּאַסטעכער, דערוואַרעמענדיק זיכ פונ קעלט בײַמ צופוסנס פונעמ קיִיוער" [1].

קלאָר, אַז אַזאַ צושטאַנד פונעמ קיִיוער האָט באַוויזנ, אַז שעווטשענקאָ איז אינגאַנצנ פאַרגעסנ געוואָרנ דורכ די מענטשנ, וועלכע האָבנ בײַ זײַנ לעבנ זיכ גערעכנט פאַר „זײַנע בעסטע פרײַנט".

אַזויאַרומ, ווי מיר זעענ, האָט וועגנ שעווטשענקאָס קיִיוער קײנער ניט גערעדט העכער 20 יאָר זינט ער איז געשטאָרבנ, פונעמ 1861־טנ יאָר ביזנ 1882־טנ יאָר.

„אַ דורכפאָרער" האָט געשריבנ אינ אַ בריוו פונ קאַניעוו אינ 1875־טנ יאָר אַזוי:

„מע קענ, מײנ איכ, ניט גרײַזנדיק פאָרויסזאָגנ, אַז אינ אַ יאָר אַרומ, העכסטנס אינ צוויי יאָר אַרומ, וועט דער גאַנצער פּלאַצ, וואָס רינגלט אַרומ דעמ קיִיוער, ניט אויסגעשלאָסנ אויכ דעמ קיִיוער אַלײנ, פאָרשטעלנ מיט זיכ אַ פולשטענדיק בילד פונ רויִנירונג, אַ גרויסנ העסלעכנ כורבנ, אויב עמעצער פונ דער סוויווע פונ דעמ פּאָעטס פאַרערער וועט זיכ ניט דערטראַכטנ כאָטש אַפּ צונויפגעזאַמלטע מיטלענ, אַפּ צונויפגעקלאַפּטע גראָשנס אונטערצוהאַלטנ אינ אָרדענונג דעמ אָנשיט און זענ, אַז אינ דער צוקונפט זאָל באַזײַטיקט ווערנ די מעגלעכקײַט פאַר דער ווײַטערדיקער רויִנירונג פונעמ קיִיוער" [2].

און אָט האָט מענ אָנגעהויבנ „ברענגענ אינ אָרדענונג" דעמ קיִיוער. די אוקראַיִנישע ליבעראַלע פּריצימ, וועלכע האָבנ געוואָלט אויכ אַפּ דער אײַנאָרדענונג פונ שעווטשענקאָס קיִיוער פאַרדינענ פאַר זיכ אַנ אַנטשפּרעכיקנ פּאָליטישנ קאַפּיטאַל בײַ די ברײטע אַרבעטנדיקע מאַסנ, האָבנ שוינ ניט אַזוי שטאַרק גערעדט טאַקע צו ברענגענ אינ אָרדענונג דעמ קיִיוער. פונ אײנ זײַט, האָבנ זיי געוואָלט אונטערשטרײַכנ, אַז זיי באַערנ דעמ אָנדענק פונ שעווטשענקאָנ, גלײַכצײַטיק אָבער האָבנ זיי ניט געוואָלט קאַליע מאַכנ זײערע באַציִונגענ מיט דער צאַרישער רעגירונג, מיט אירע זשאַנדאַרמענ, ווײַל די צאַרישע זשאַנדאַרמענ האָבנ ניט ליב געהאַט, ווענ מע האָט זיי דערמאַנט וועגנ שעווטשענקאָנ.

אָט, צ.ב., ווענ אינ 1882־טנ יאָר איז אופגעקומענ דער געדאַנק וועגנ גרינדנ אינ דאָרפ קיריִלאָווקע אַ שול א. נ. פונ שעווטשענקאָנ, איז דער אינספּעקטאָר פונ פאָלקס־שולנ איבער קיִעווער גובערניע—סאַמטשעווסקי, וועלכער האָט געשטעלט די דאָזיקע פראַגע, אַראָפּגענומענ געוואָרנ דערפאַר פונ זײַנ שטעלע.

די צאַרישע רעגירונג איז געווענ קעגנ באַצײכענענ שעווטשענקאָס אָנדענק, און די אוקראַיִנאָפילישע ליבעראַל־פּריצישע קרײַזנ האָבנ זיכ אויכ ניט זײער געאײַלט מיט דער דאָזיקער זאַכ, ווײַל זיי האָבנ געזענ, אַז אינ די ווערק און אינ דער טעטיקײַט פונ שעווטשענקאָנ זײַנענ דאָ אַסאַכ עלעמענטנ, געווענדעטע קעגנ זיי. אָט פאַרוואָס די אַרבעט אַפּ ברענגענ אינ אָרדענונג דעמ קיִיוער האָט זיכ ניט גערוקט פאָרויס.

[1] „Зоря" 1882, № 236.

[2] „Киевский Телеграф" 1875, № 75, 24.VI.

דער קיִעווער גענעראַל־גובערנאַטער האָט געקוקט אפנ איינאָרדענענ שעווטשענקאָס קייווער, ווי אפ א געפערלעכער זאַך. זיינ ענטפער אפ דער ביטע וועגנ דערלויבנ ברענגענ אינ אָרדענונג שעווטשענקאָס קייווער און אוועקשטעלנ דאָרט א שטיבל איז געווענ אזא:

„ניט איינזעענדיק אינ דעמ קיינ נויטווענדיקייט, האַלט איך דאָס ברענגענ אינ אָרדענונג דעמ קייווער פאַר אבסאָליוט איבעריק”.

דער זעלבער קיִעווער גענעראַל־גובערנאַטער האָט געשיקט אזא באפעל דעמ קאַ־ניעווער איספראַווניק:

„אינ פאַל, ווענ עס וועט פּאָרקומענ דער רעמאָנט אפ שעווטשענקאָס קייי־ווער... דאַרפ געווענדעט ווערנ א באַזונדער אופמערקזאַמקייט אפ דער פּערזאָנ, וואָס וועט ווירקלעך פאַריכטנ דעמ צייילעמ און וועט מאַכנ די פאַרצוימונג, און ווענ עס וועלנ פאַרענדיקט ווערנ די אַרבעטנ, דאַרפ מענ אכטונג געבנ, אז באַם אָפּריכטנ די פּאַניכידע, ווי עס פירט זיך, זאָלנ אפנ קייווער ניט פּאָרקומענ קיינע מענטשנ־געזעמלענ, מאַניפעסטאַציעס אָדער עטוואָס ענלעכס צו דעמ, אפ דעמ זייט איר מעכוייעוו אָנצונעמענ באַצייטנס די געהעריקע מאָסמיטלענ, און אויב ס'וועט עפּעס פּאַסירנ—מיר גלייך טעלעגראַפירנ”.

די צאַרישע מאַכט האָט אפילע געזאָרגט וועגנ דעמ, וואָס פאַר א צייילעמ ס'זאָל געשטעלט ווערנ אפ שעווטשענקאָס קייווער.

אפ דער מיטיילונג פונעמ קאַניעווער איספראַווניק וועגנ מאַכנ דעמ צייילעמ אפ שעוו־טשענקאָס קייווער האָט דער קיִעווער גובערנאַטער אָנגעשריבנ:

„... איך האָב געמאָלדנ דעמ אינזשעניער יאַקובענקאָ, אז ביז מע וועט מיר ניט צושטעלנ די צייכענונגענ פונעמ צייילעמ מיט זיינ מאָס, מיט א דערקלע־רונג פונ די אופשריפטנ, דעמ פּלאַנ פונעמ וואַך־שטיבל מיט דער מאָס, לאָז איך איבער אינ קראַפט די פאַראָרדענונג פונעמ איספראַווניק וועגנ אָפּשטעלנ די אַרבעטנ, וועלכע וועלנ קענענ באַנייט ווערנ בלויז נאָכדעמ, ווענ די צוגע־שטעלטע פּראָיעקטנ וועלנ באַשטעטיקט און באַגיטיקט ווערנ”.

אפילע דעמ עסקיז פונעמ צייילעמ האָט די צאַרישע מאַכט געפאָדערט, קעדיי צו פאַרהאַלטנ, אונטער וועלכע מאָטיוונ ס'זאָל ניט זיינ, דאָס ברענגענ אינ אָרדענונג שעווטשענקאָס קייווער. קעגנ ברענגענ אינ אָרדענונג שעווטשענקאָס קייווער זיינענ מאָביליזירט געווענ קימאַט אלע קרעפטנ פונעמ צאַרישנ רוסלאַנד.

עס איז אינטערעסאַנט צו ברענגענ אזא עפּיזאָד, וואָס וועגנ אימ זיינענ דאָ די אַנטשפּרעכיקע דאָקומענטאַלע מאַטעריאַלנ:

„... דער נאַטשאַלניק פונעמ קאַנט און דער מיליטער־קאָמאַנדיר פונ קיִע־ווער מיליטער־קרייז, דער גענעראַל־אַדיוטאַנט א. ר. דרענטעלנ האָט אַרויס־געפאָדערט צו זיך וו. ג. שעווטשענקאָנ צוליב א פּערזענלעכער דערקלערונג. דערזעענדיק דעמ דאָזיקנ בעקאָוועדיקנ זאָקנ, האָט דער קעמפערישער גענעראַל אימ אָפּגעמאָסטנ מיט א דורכדרינגענדיקנ בליק און, קוקנדיק שאַרפ אפ אימ, האָט ער אימ שטרענג געפרעגט: „צוליב וואָס האָט איר פאַרטראַכט דאָס פאַ־ריכטנ דעמ קייווער פונ אייער קאָרעוו און צוליב וואָס דאַרפ מענ נאָך אויס־בויענ דאָרטנ עפּעס א שטיבל?” אפ דער פראַגע האָט וו. ג. דערקלערט דעמ

גענעראל, אז צום סאָפ פונ זײַנ לעבנ פילט ער זיכ מאָראליש פארפליכטעט דאָס דאָזיקע צו טאָנ..." [1]).

ווי מיר זענ, האָט דער מיליטער־קאָמאנדיר פונ קיִעווער מיליטער־קרײַז דער גע־נעראל דרענטעלנ באטראכט דאָס ברענגענ אינ אָרדענונג שעווטשענקאָס קייווער, ווי אנ אנטימעלוכישע זאכ.

אונ בעעמעס, די באאמטע, די פאָליצײַ־לײַט פונעמ צארישנ רוסלאנד האָבנ גוט פארשטאנענ, אז מיטנ נאָמענ שעווטשענקאָ איז פארבונדנ דער קאמפ, וועלכנ עס האָבנ געפירט די רעוואָליוציאָנערע פויערשע מאסנ קעגנ צאריזמ, קעגנ די פריצימ.

אָט וואָס עס האָט געשריבנ דער קיִעווער גענעראל־גובערנאטער:

„דער קאניעווער אויעזד־איספראווניק האָט מיר ראפאָרטירט, אז צווישנ די אײַנוווינער פונ דעמ אימ אָנפארטרויטנ אויעזד האָט זיכ פארשפרייט א קלאנג וועגנ די אָוואציעס, וואָס מע גרייט זיכ מאכנ צומ סאָפ פונ די ארבעטנ, וואָס ווערנ געפירט אפנ קייווער פונעמ פאָעט טאראס שעווטשענקאָ. לויט די קלאנגענ וועלנ די אָוואציעס באשטיינ אינ פאָלגנדיקנ: נאָכנ אָפּריכטנ די פאני־כידע וועט אפנ קייווער פאָרקומענ א צונויפקומ פונ די כאָכלאָמאנענ, אפ וועלכער עס וועלנ בײַזײַנ אסאכ אדעליקע פונ פאָלטאווער גובערניע, איבער־הויפט פונ פערעיאסלעווער אונ זאָלאָטאָנאָשער אויעזדנ, אונ אויכ פונ אנדערע ערטער. מע קלײַבט זיכ דאָרט האלטנ רעדעס אפ דער קליינרוסישער שפראכ, דאָס הייליקנ דעמ דענקמאָל וועט באצייכנט ווערנ מיט עפּעס א געשעעניש, נאָר וואָס פינקטלעכ פאר א געשעעניש, איז ניט באוווסט; אינעמ הויז, וואָס איז דערלויבט אלס א וווינונג פארנ וועכטער, קלײַבט מענ זיכ אָרגאניזירנ א שול, אונ אז דער אָנשיט איבערנ קייווער אינ דער דערלויבטער מאָס וועט נאָכנ אוועקשטעלנ אנ אכטארשיניקנ טשוהונענעמ צייל"עמ, צוציענ די פארערער פו־נעמ פאָעט שעווטשענקאָ אינ א באדײַטנדיקער צאָל, באזונדערס זומער־צײַט אונ, לויט דער מיינונג פונעמ איספראווניק, קענ עס דינענ פאר א סיבע פאר דעמאָנסטראציעס, וואָס ניט שטענדיק וועט מעגלעכ זײַנ ניט דערלאָזנ דערצו איבער דעמ, וואָס דער קייווער איז ווײַט פונ שטאָט (2 ווערסט) אונ די פאָ־ליציי האָט באגרענעצטע מיטלענ. דעריבער, אנערקענענדיק די נויטווענדי־קײַט אָנצונעמענ באצײַטנסדיקע מאָסמיטלענ אפ ניט דערלאָזנ אומאָרדענונ־גענ, וואָס קענענ האָבנ אנ אָרט, האָט דער איספראווניק געהאלטנ פאר נייטיק צו האָבנ אינ שטאָט א מיליטער־קראפט, וועלכע זאָל אינ פאל, ווענ עס וועט ניי־טיק זײַנ, קענענ געבנ הילפ דער פאָליציי, אונ צוליב דעמ ציל אריבערפירנ פונעמ שטעטל קאָרסונ א מייע קאָזאקנ קיינ קאניעוו" [2]).

די צארישע סאטראפּנ זײַנענ געווענ באומרויִקט, וואָס שעווטשענקאָס אָנדענק לעבט אינ די אוקראַיִנישע פאָלקס־מאסנ, וואָס שעווטשענקאָס רופ צומ קאמפ קעגנ פריצנטומ, קעגנ לײַבייגנטימער האָט איבערגעלאָזט טיפע שפורנ אינ דער ברייטער ארבעטנדיקער פויערשער מאסע. די פאָליציי־לײַט, די זשאנדארמענ האָבנ מוירע

---

[1]) מאנוסקריפטנ־אָפטייל פונ וו. ב. או. נומ. 334.

[2]) Спр. Київ. губ., 1883, № 379.

געהאט, אז דאָס באַצייכענע שעווטשענקאָס אָנדענק קאָנ דערפירנ צו קאָלעראַליי עקס־צעסנ אפנ קייווער אונ דראָענ דער עקזיסטירנדיקער אָרדענונג.

ק. פּאָבעדאָנאָסצעוו האָט דעמ 20־טנ פעווראַל 1881־טנ יאָר געגעבנ אזא דעפּעש דעמ דירעקטער פונעמ דעפּארטאמענט פונ דער מעלוכע־פּאָליציי דעמ באַראָנ וועליִאָ:

„הײַנט האָב איכ געלייענט אינ „גאָלאָס" א טעלעגראמע, אז אינ קיִעוו וויל מענ פײַערנ שעווטשענקאָס יובילײַ אונ מע ווארט אפּ א דערלויבעניש.

איכ וועל מיר דערלויבנ צו באמערקנ, אז דאָס דערלויבנ פײַערנ דעמ דאָזיקנ יאָנטעוו איז א געפערלעכע זאכ. אינ צוזאמענהאנג מיט דעמ קענענ אופקומענ אונ עס וועט געוויס אופקומענ די סאמע ווילדע דעמאָנסטראציע פונ די אוקראַינאָפילנ אונ פונ די פּאָליאקנ, אונ אזיווי שעווטשענקאָ איז געווענ א פארשיקטער, פלעכטנ זיכ דאָ איבער נאָכ אנדערע געפערלעכע מאָטיוונ. 20 פעווראַל, 1881 יאָר".

ווי נאָר עס האָט זיכ באקומענ פּאָבעדאָנאָסצעווס מיטיילונג, האָט דער באַראָנ וועליִאָ געמאכט אזא אָנפרעג באמ קיִעווער גובערנאטער העסע:

„צי איז עמעס, אז אינ קיִעוו קלײַבט מענ זיכ פײַערנ שעווטשענקאָס יובילײַ? מע דארפ אָנעמענ מיטלענ אפּ אויסמײַדנ יעטווידער דעמאָנסטראציע. טיילט מיט טעלעגראפיש די יעדיִעס. באַראָנ וועליִאָ".

אפנ צווייטנ טאָג האָט דער גובערנאטער מיטגעטיילט:

„קיינ באשטימטע יעדיִעס וועגנ דער צוגרייטונג צו פײַערנ שעווטשענקאָס יובילײַ זײַנענ ניטאָ. נאָר מע קענ דערלאָזנ, אז עס וועט אָפּגעריכט ווערנ א פּאניכידע, צו דעמ רופט די אָרטיקע פּרעסע. מאָסמיטלענ אפּ וואָרענענ פונ אומאָרדענונגענ זײַנענ אָנגענומענ".

דער באַראָנ וועליִאָ האָט געשיקט א צווייטע שיפרירטע טעלעגראמע:

„דער מיניסטער רעכנט, אז איר וועט קענענ באזײַטיקנ יעטווידע אנטפּלעקונג פונ ניט פּאסיקנ כאראקטער. אינ אײַער ארבעט דארפט איר זיכ האלטנ בא דעמ, וואָס עס איז פריִער דערלויבט געוואָרנ אונ פארבאָטנ געוואָרנ.

באמ איצטיקנ מאָמענט זײַנענ דעמאָנסטראציעס מער אומגעווונטשנ, ווי ווענ עס איז".

אָט פארוואָס דער קיִעווער גובערנאטער האָט געהאלטנ פאר נייטיק ארומצורינגלענ די פײַערונג אפּ שעווטשענקאָס קייווער מיט אזא „בעקאָוועדיקער" וואכ, ווי א מייע צארישע קאָזאקנ.

אינ 1899־טנ יאָר האָט דער ליטעראטנ־פארבאנד אופגעהויבנ א הישטאדלעס, מע זאָל דערלויבנ אווועקשטעלנ א דענקמאָל שעווטשענקאָנ. די דאָזיקע הישטאדלעס האָט ניט געגעבנ קיינע פּאָזיטיווע רעזולטאטנ. מע האָט ניט דערלויבט אווועקשטעלנ שעווטשענקאָנ דעמ דענקמאָל.

דעמ 17־טנ סענטיאבער 1904־טנ יאָר האָט זאָלאָטאָנאָשער זעמסקע, פארזאמלונג באשטימט צו ווענדנ זיכ צומ פּאָלטאווער גובערנאטער מיט א ביטע צו דערלויבנ צונויפנעמענ אינ די גרענעצנ פונ פּאָלטאווטשינע נעדאָוועס אפּ אויסבויענ א דענקמאָל. אינ מײַ 1905־טנ יאָר האָבנ 32 גלאסנע פונ קיִעווער שטאָט־דומע זיכ געווענדעט

צו דער דומע מיט א פֿאָרשלאַג צו פֿאַרייניקן זיך צו די באַשטימונגען פֿון פּאָלטאַווער און זאָלאָטאָנאָשער זעמסטוועס און אָנערקענען פֿאַר געוווּנטשן און פֿאַר נייטיק אויסצובויען א דענקמאָל פֿאַר שעווטשענקאָן אין קיִעוו און אויך בעטן א דערלויבעניש צונויפֿנעמען אף דעם געלט, אויסקלייבנדיק אף רעאַליזירן דעם דאָזיקן פֿאָרשלאַג א ספּעציעלע קאָמיסיע.

אונטערן דרוק פֿון די רעוואָליוציאָנערע געשעענישן פֿון 1904—1905 איז די צאַרישע רעגירונג געגאַנגען אף געוויסע האַנאָכעס אין דער פֿראַגע וועגן צונויפֿנעמען נעדאָוועס און אָנהייבן די אַרבעטן אַרום שעווטשענקאָס דענקמאָל. אפֿילע דער קיִעווער גובערנאַטער איז געצוווּנגען געווען צו דערלויבן אזא קאָמיסיע און דאָס צונויפֿנעמען געלט אפֿן דענקמאָל, נאָר די הערן גלאַסנעס האָבן זיך ניט געיילט. ערשט אין 1906־טן יאָר, נאָכדעם ווי ס'איז אויסגעקליבן געוואָרן א נייער באַשטאַנד פֿון דער דומע, זיינען דעם 5־טן דעקאַבער אויסגעקליבן געוואָרן די מיטגלידער פֿון קאָמיטעט אין דער צאָל פֿון 11 גלאַסנעס אף דערלייזן די פֿראַגע וועגן אוועקשטעלן א דענקמאָל שעווטשענקאָן.

מע דאַרף אונטערשטרייכן, אז פּונקט אזוי, ווי די פֿאָרשטייער פֿון דער רעגירונג — דער גובערנאַטער א. אנד.,— אזוי האָבן אויך די גלאַסנעס פֿון דער דומע און די דומע אליין דערלויבט אייניקע מאָסמיטלען בענעגייע שעווטשענקאָס דענקמאָל בלויז אלס רעזולטאַט פֿון דעם אלץ גרעסערן דרוק מיצאַד די פֿאָלקס־מאַסן. וועגן דעם זאָגט איידעס שוין דער פֿאַקט, וואָס גלייך נאָך דער דערשטיקונג פֿון דער רעוואָליוציע פֿון 1905־טן יאָר, אין די יאָרן פֿון רעאַקציע האָט די צאַרישע רעגירונג ווידער זיך אומגעקערט צו אירע אלטע פּאָזיציעס אין דער פֿראַגע וועגן דעם דענקמאָל. די פֿאָרשטייער אָבער פֿונעם אוקראַינישן „בירגערטום”, די פֿריי־צימלעך־גלאַסנעס אין די פֿאַרשיידענע דומעס האָבן פֿאָרגעזעצט זייער „אַרבעט” איבערן אוועקשטעלן דעם דענקמאָל, פּונקט אזויווי זיי „האָבן געאַרבעט” אינעם פּעריאָד פֿון 1861 ביז 1882־טן יאָר.

וועגן דעם זאָגן איידעס אזעלכע ביישפּילן: דער קאָמיטעט פֿון 11 גלאַסנעס פֿון קיִעווער דומע, וואָס איז אויסגעקליבן געוואָרן אין 1906־טן יאָר, האָט זיך ערשט צונויפֿגעקליבן דעם 16־טן מאַרט 1907־טן יאָר, נאָר, צונויפֿגעקליבן זיך, האָט דער קאָמיטעט אָנערקענט פֿאַר נייטיק בלויז אויסצוקלאָרן די ווענדונג פֿון פּאָלטאַווער זעמסטווע צום קיִעווער קאָמיטעט און באַקומען יעדיעס וועגן דער דערלויבעניש צונויפֿנעמען געלט.

אזויאַרום, האָט אף דער ערשטער זיצונג דעם 16־טן מאַרט 1907־טן יאָר דער דאָזיקער קאָמיטעט פֿון קיִעווער שטאָט־דומע זיך פֿאַרנומען מיט הוילע בורזשואַזע דריידלעך, קעדיי צו נאַרן דעם אוילעם, אז מע וועט קלוימערשט אוועקשטעלן א דענקמאָל שעווטשענקאָן. אין טאָך אָבער האָט ער גאָרנישט געטאָן.

ערשט אין 2 יאָר אַרום (דעם 16־טן אָקטיאַבער 1908־טן יאָר), נאָכדעם ווי עס איז אויסגעקליבן געוואָרן דער קאָמיטעט, האָט ער זיך דערשלאָגן צו באַקומען אן ענטפֿער פֿון פּאָלטאַווער זעמסקער אופּראַווע און א מיטיילונג פֿון גובערנאַטער וועגן א דערלויבעניש צונויפֿנעמען געלט.

דעם 11־טן אַפּרעל 1909־טן יאָר, ד. ה. אין דריי יאָר אַרום נאָכדעם ווי דער קאָמיטעט איז אויסגעקליבן געוואָרן, איז באַשטעטיקט געוואָרן די אינסטרוקציע וועגן דער

ארבעט פונעמ קאָמיטעט אונ ערשט דעמ 1־טנ מײַ 1910־טנ יאָר, ד. ה. אינ 4 יאָר נאָכנ אָנהײב פונ זײַנ עקזיסטענצ, האָט דער קאָמיטעט דערקלערט א צווישנפעלקערלעכנ קאָנקורס אפ א פראָיעקט פונ א דענקמאָל שעווטשענקאָנ.

אפ דער זיצונג פונעמ 31־טנ מײַ 1910־טנ יאָר האָט דער פאראײניקטער קאָמיטעט באטראכט די פראָיעקטנ פונעמ ערשטנ קאָנקורס אונ, אנערקענענדיק, אז קײנ אײנ פראָיעקט פאסט ניט, האָט ער באשלאָסנ צו באשטימענ אפנ 1־טנ פעווראל 1911 יאָר א צווײטנ צווישנפעלקערלעכנ קאָנקורס.

ווי מע האָט געקענט דערווארטנ, האָט דער צווײטער צווישנפעלקערלעכער קאָנקורס אויכ ניט געגעבנ קײנ פאָזיטיווע רעזולטאטנ. צומ 2־טנ קאָנקורס זײַנענ צוגעשטעלט געוואָרנ 45 פראָיעקטנ. פונ דער קינסטלערישער זײַט זײַנענ די רעזולטאטנ פונעמ צווײטנ קאָנקורס געווענ נידעריקער פונעמ ערשטנ. נאָכנ באטראכטנ די פראָיעקטנ פונעמ צווײטנ צווישנפעלקערלעכנ קאָנקורס, האָט דער קאָמיטעט באשטימט א דריטנ צווישנפעלקערלעכנ קאָנקורס אפנ 12־טנ דעקאבער 1912־טנ יאָר. צו דעמ דאָזיקנ קאָנקורס זײַנענ צוגעשיקט געוואָרנ בלויז 37 פראָיעקטנ. אונ דער דאָזיקער דריטער קאָנקורס איז אויכ דורכגעפאלנ. מע האָט קײנעמ ניט באשטימט קײנ פרעמיעס, אונ די זשורי האָט זיכ ארויסגעזאָגט פאר דערקלערנ א נאָמענטלעכנ קאָנקורס. דער קאָמיטעט האָט אפ זײַנ זיצונג דעמ 13־טנ מארט 1913־טנ יאָר באשטימט צו בעטנ באזונדערע קינסטלער, באזונדערס זשוקנ, טרושנ, זײ זאָלנ צושטעלנ זײערע פראָיעקטנ. אפ דער זיצונג דעמ 20־טנ מײַ איז אָפּגעוואָרפנ געוואָרנ דער סקולפּטור־פראָיעקט פונ לעוואנדאָווסקינ פונ ווינ, אונ דער קאָמיטעט האָט באשטעלט פראָיעקטנ בא די סקולפּטאָרנ שערוווד, וואָלנוכינ, אנדרײעוו, גאווריליקאָוו אונ שיאָרטינאָ מיט א באלוינונג פונ 1000 רובל יעדערנ בא א באדינג, אז די פראָיעקטנ זאָלנ צוגעשיקט ווערנ אינ קיעווער שטאָט־אופראווע דעמ 1־טנ פעווראל 1914־טנ יאָר. דעמ 3־טנ פעווראל 1914־טנ יאָר האָט דער פאראײניקטער קאָמיטעט אויסגעהערט דעמ אווטער פונ אײנעמ פונ די אמערסטנ־פאסיקע פראָיעקטנ—שערווודנ, נאָר מיט א מערהײַט שטימענ קעגנ צווײ האָט דער קאָמיטעט אָנערקענט פאר מעגלעכ צו רעאליזירנ דעמ פראָיעקט פונ שיאָרטינאָ. נאָכדעמ האָט אינ דער דומע זיכ אָנגעהויבנ א גרויסער שלאכט אינ צוזאמענהאנג מיט די פראָיעקטנ. אזא גלאסנער, ווי יאָזעפי, איז ארויסגעטראָטנ אינ אלגעמײנ קעגנ אוועקשטעלנ א דענקמאָל אונ ער האָט ארויסגעזאָגט זײַנ געדאנק, אז אויב שוינ יאָ אוועקשטעלנ א דענקמאָל שעווטשענקאָנ, דארפ מענ דעמ דענקמאָל בויענ, ווי פאר א פאָעט „פונעמ אײנהײַטלעכנ רוסישנ פאָלק". די שווארצמײַיש־מאָנארכיסטישע, די ליבעראלע אונ גאלאָכישע באנדע איז ארויסגעטראָטנ מיט א נײַער קראפט קעגנ בויענ א דענקמאָל שעווטשענקאָנ. אָט וואָס עס האָט געשריבנ אינ 1911־טנ יאָר דער „סטארעצ" דער ארכימאנדריט אנטאָני אינ צוזאמענהאנג מיט שעווטשענקאָס דענקמאָל צומ גענעראל־גובערנאטער טרעפּאָוו:

„קיעווער שטאָט־דומע, וואָס באשטײט אינ איר מערהײַט פונ לינקע גלאסנעס, האָט אינ איר זיצונג דעמ 19־טנ מארט האיאָר באשטימט: אויסזוכנ אינ קיעוו א פאסיק אָרט אפ אוועקשטעלנ א דענקמאָל דעמ בארימטנ קלײנרוסישנ פאָעט ט. ג. שעווטשענקאָ, דערבײַ האָט זי אונטער דער ווירקונג פונ פּאָליטיקאנערײַ ניט צוגעגעבנ קײנ שומ באטײַט דעמ וועזנטלעכ־וויכטיקנ פאקט אינ

געגעבענעמ פאַל, אַז שעווטשענקאָ האָט אַבסאָליוט ניט קיינע פאַרדינסטנ פאַרנ פאָטערלאַנד און ער איז באַוווסט, כוץ זײַנ לידערשאַפונג, מיט זײַנ שאַרפ אַנטימאָראַלישער און טיפ געזעצבּרעכערישער לעבּנס-טעטיקײַט, ווי עס איז צו זענ פונ דעמ אונטנגעבּראַכטנ:

וועגנ שעווטשענקאָנ האָט זיכ אויסגעבּילדעט א גענוג בּרייטע ליטעראַטור: א) געזאַמלטע ווערק און בּריוו פונ פּ. א. קוליש, אַרויסגעגעבּנ אונטער דער רע-רעדאַקציע פונ אי. מ. קאַמאַנינ; בּ) מאַטעריאַלנ פאַר דער בּיאָגראַפיע פונ ט. ג. שעווטשענקאָ, אַרויסגעגעבּנ דורכ וו. אי. עוואַרניצקי (יעקאַטערינאָסלאַוו 1909-טנ יאָר); ג) אַנ אָפּרופ פונעמ פּראָפעסער נ. פּ. דאַשקעוויטש וועגנ דעמ בּוכ פונ פּראָפעסער פּעטראָוו (ס.-פּעטערבּורג 1888-טנ יאָר); ד) אָטשערקנ וועגנ דער פּסיכאָלאָגיע פונעמ סלאַווישנ שײַועט פונ מ. אורסינ (ס.-פּעטערבּורג 1868-טנ יאָר); ה) שעווטשענקאָס ווערק, „קאָבּזאַר“, „נײַמיטשקא“, „טאַראַסאָוואַ ניטש“, „נאַזאַר סטאָדאָליא“, „נעאָפּיטי“ א. אַנד. אינ דער אָנגעוויזענער ליטע-ראַטור געפינענ זיכ פאָלגנדיקע יעדיעס וועגנ שעווטשענקאָנ:

1. דער פּאָעט שעווטשענקאָ איז אינ דער יוגנט געווענ א מוירעדיקער שיקער, ער איז געווענ אומגעבּילדעט און אַפילע ווייניק-גראַמעטנע און איז שטענדיק פאַרבּליבּנ א ניט-אַנטוויקלטער האַמוינ-מענטש, וואָס האָט פאַרלאָרנ די בּעסטע אייגנשאַפטנ פונ זײַנ פויערשער סוויווע, כאָטש ער איז געווענ בּאַגאַבּט מיט א גרויסנ טאַלאַנט פונ קינסטלערישער שאַפונג. דערבּײַ האָט ער זיכ שטענדיק דערוואַרעמט מיט בּראָנפנ און מיט ראָמ, זיכ אָנגעשטעקט מיט די פּוילישע רעוואָליוציאָנערע שטימונגענ און איז צוביסלעכווײַז געוואָרנ אַנ אַטעיסט, א גאָט-לעסטערער, א פרעכער אָפּלייקענער און טאַדלער פונ דעמ אַלעמ, וואָס איז טײַער פאַר די ערלעכע רוסישע לײַט.

2. שעווטשענקאָס פּאָעזיע געפינט זיכ אינ ענגער פאַרבּינדונג מיט די בּאַ-זונדערס רעוואָליוציאָנערע פּוילישע ווערק פונ: מיצקעוויטש, טשײַקאָווסקי, זאַלעווסקי און גאָשטשינסקי, מיט וועלכע שעווטשענקאָ האָט זיכ בּאַקאָנט בּייס ער האָט געלעבּט אינ וואַרשע אינ 1830-טנ יאָר, ער האָט איבּערגענומענ בּאַ די פּאָליאַקנ, פאַרגעדענקט אַפנ גאַנצנ לעבּנ און אויסגעדריקט אינ זײַנ פּאָעזיע דעמ ווילדנ האַס בּיכלאַל צו דער צאַרישער „מאָסקווע“ און בּיפּראַט צומ אימ-פּעראַטער ניקאָלײַ פּאַוולאָוויטש און צו בּאָגדאַנ כמעלניצקי.

3. דער רעוואָליוציאָנערער כאַראַקטער פונ די אויבּנדערמאַנטע און פונ אַנדערע ווערק שעווטשענקאָס, וואָס געפינענ זיכ אינ דרוק, און אויכ די פאַרשײַ-דענע לעגענדעס וועגנ דער גענ‎יאַלקײַט פונ שעווטשענקאָנ און וועגנ דעמ, אַז זײַענדיק אַנ אומגעבּילדעטער האַמוינ-מענטש, האָט ער זיכ פאַרוואַנדלט אינ א פּאָעט, — דאָס אַלץ האָט געשאַפנ א בּאָדנ, אַז איצט זאָל אופקומענ די עקזיס-טירנדיקע פּילצאָליקע פאַרטיי כאָכלאָמאַנעס, וואָס רופנ זיכ אָנ מיטנ נאָמענ אוקראַינער, א פאַרטיי מיט הײַנטצײַטיקע ראַדיקאַלע טענדענציעס.

די פּילצאָליקע בּאַאָבּאַכטונגענ האָבּנ בּאַוויזנ, אַז די אָנגערופענע ווערק שעווטשענקאָס נעמענ שטאַרק אויס בּאַ דער פאַרטיי כאָכלאָמאַנענ און בּאַ דער שטודירנדיקער יוגנט טאַקע מיט דעמ, וואָס אינ די דאָזיקע ווערק ווערנ קלאָר און

דײַטלעכ אפ א פרעכנ אויפנ דורכגעפירט פארשווערערישע געדאנקענ אונ געפילנ, ווי: אטעיִזמ, גאָטלעסטערונג, דאָס ניט אָנערקענענ די מאכט אונ דעמ געזעצ, האס צומ אייגענעמ פאָטערלאנד — רוסלאנד, צו זײַנ רומפולער ארמיי, צו זײַנ גרויסער פארגאנגענהײַט, צו זײַנ פראוואָסלאווישער קירכע, צו זײַנ לײַבלעכ־אייגענער צארישער זעלבסטהערשונג, צו זײַנע גרויסע מאָנארכנ פּיאָטער דעמ ערשטנ, יעקאטערינע דער צווייטער אונ ניקאָלײַ דעמ ערשטנ, דאָס אונטערהעצנ אָפּצורײַסנ קליינרוסלאנד פונ רוסלאנד, צו בלוטיקע רײַסערײַענ אונ צו פיל אנדערע רעוואָליוציאָנערע אנטפלעקונגענ.

דעריבער איז קלאָר, אז דער דענקמאָל, וואָס קיִעווער שטאָט־דומע דענקט אוועקשטעלנ לעקאָוועד שעווטשענקאָנ, איז ניט אפנ אָרט אונ איז ניט נייטיק אינ קיִעוו. אונ אויב אדאנק אוועלכנ ניט איז שווינדל מיצאד דער פארטיי כאָכלאָמאנעס וועט די מאכט ניט פארבאָטנ אוועקשטעלנ דעמ דאָזיקנ דענקמאָל, וועט ער דינענ, ווי א שטענדיקער אָנשוילעכער וועקער אונ סטימול פאר דער רעוואָליוציאָנערער יוירונג אינ דער געזעלשאפט; עס איז אויכ קלאָר דאָס, אז פאר דער קיִעווער שטאָט־דומע איז אבסאָליוט ניט אָנשטענדיק אונ עס פאסט ניט מיטצוהעלפנ דער דאָזיקער העסלעכער שטימונג פונ דער געזעלשאפט.

וועגנ דעמ אויבנדערמאנטנ רעכנ איכ פאר מײַנ מאָראלישנ פאטריאָטישנ כויוו צו דערפירנ צו קענטעניש פונ אײַער עקסעלענצ אונ אונטערטעניק בעטנ אָנצונעמענ מיטלענ, אז די כאָכלאָמאנישע אידייע פונ קיִעווער שטאָט־דומע וועגנ אוועקשטעלנ א דענקמאָל דעמ פּאָעט שעווטשענקאָ זאָל ניט רעאליזירט ווערנ, דערפאר וואָס אינ די געזעצנ וועגנ דעמ רעכט אוועקצושטעלנ א דענקמאָל איז ניטאָ קיינ אָנווײַזונג, אז עס זאָל דערלאָזט ווערנ צו שטעלנ א דענקמאָל לעקאָוועד אזא אומווירדיקנ מענטשנ, ווי שעווטשענקאָ. אונ אויב אפילע עס וועט זיכ ארויסווײַזנ אוועלכע ניט איז געלט־סומע, וואָס איז צונויפגעקליבנ פאר שעווטשענקאָס דענקמאָל, וואָלט געווענ ריכטיק די דאָזיקע סומע פארייניקנ צו די מיטלענ פונעמ רויטנ קרייצ.

סטארעצ־ארכימאנדריט אנטאָני, געוועזענער פארטרעטער פונ קיִעווער פעטשערסקער לאווורע. (אייגנהאנטיקע אונטערשריפט).

13־טער אפרעל 1911־טנ יאָר. קיִעווער לאוורע" [1]).

דאָכ איז פונ דער פאָרמעלער זײַט די פראגע וועגנ בויענ דעמ דענקמאָל, קלוימערשט, דערלייזט געוואָרנ. מע האָט נאָכ געדארפט זיכ ווענדנ צו דער רוסלענדישער אקאדעמיע פאר קונסט אונ נאָכ איר דערלויבעניש אָנהייבנ די ארבעט אפ אוועקשטעלנ דעמ דענקמאָל. נאָר די דאָזיקע דערלויבעניש איז ניט געגעבנ געוואָרנ.

אָט וויִאזוי די צארישע רעגירונג האָט פונ 1882 ביז 1914 מיט אלע מיטלענ טאָרמאָזירט דעמ איניציאטיוו... 

[1]) צענטראלער ארכיוו פונ דער רעוואָליוציע, פונעמ איניענ 501 וועגנ אופבויענ א דענקמאָל ט. ג. שעווטשענקאָנ.

בא דער אקטיווער מיטהילף אינ דעמ מיצאד די אוקראַינישע פּריצימ, ליבעראלנ און אַלערליי אנדערע בורזשואזע און קליינבורזשואזע עלעמענטנ.

ס'האָט זיכ אָנגעהויבנ די אימפּעריאַליסטישע מילכאָמע, און די פּראגע וועגנ שטעלנ א דענקמאָל שעווטשענקאָן איז אינגאנצנ אראָפּגענומענ געוואָרנ.

נאָכ דער פּעוורואַל־רעוואָליוציע אינ 1917־טנ יאָר האָט די אוקראַינישע בורזשואזע צענטראלע ראדע, פּונקט ווי אירע פּאָרגענגער — די אוקראַינישע פּריצימלעכ, — פּאָרגעזעצט צו ספּעקולירנ אפנ אויסבויענ א דענקמאָל שעווטשענקאָן. אלע מאָס־מיטלענ פונ דער אוקראַינישער בורזשואזער צענטראלער ראדע זיינענ באשטאנענ בלויז אינ דעמ, וואָס דער פּאָרזיצער פונעמ גענעראלנ סעקרעטאריאט פונ דער צענטראלער ראדע ווינישענקאָ האָט געפירט לאנגע שמועסנ וועגנ דער דאָזיקער פּראגע. וויַיטער פונ די דאָזיקע שמועסנ איז די פּראגע ניט געגאנגענ.

אינ אַפּרעל 1918־טנ יאָר איז פּאָרגעקומענ די העטמאַנישע איבערקערעניש און דער הער „הויפּט־פּארוואלטער פונ קונסט־געביטנ און נאציאָנאלער קולטור" פּ. דאָראָ־שענקאָ האָט אויכ אָנגעהויבנ צו טומלענ מיט זיצונגענ ארומ דער פּראגע וועגנ אוועק־שטעלנ דעמ דענקמאָל. נאָר אויכ דאָ איז די זאכ ניט אוועק וויַיטער פונ פּוסטנ טומל און איז באשטאנענ בלויז אינ פּאָליטישער ספּעקוליאציע, וויַיל עפּעס קאָנקרעטס, ווי מיר זעענ, האָבנ די אוקראַינישע פּריצימ ניט אויפגעטאָן. די העטמאנצעס האָבנ זיכ באצויגנ און באציִענ זיכ צו שעווטשענקאָן, פּונקט אזוי־ווי עס האָט זיכ צו אימ באצויגנ ניקאָלײַ דער ערשטער און זיַינע יאָרשימ.

מיר וועלנ ברענגענ נאָכ עטלעכע דאָקומענטנ פונ יענע צייַטנ, ווענ די דאָזיקע פּראגע איז געשטאנענ אמערסטנ שארפ.

ווי געזאָגט, איז אינ 1914־טנ יאָר די פּראגע וועגנ שעווטשענקאָס דענקמאָל באַ־האנדלט געוואָרנ אינ קיִעווער דומע. די אוקראַינישע פּריצימ און פּריצימלעכ האָבנ ניט געפירט קיינ ערנסטנ קאמפּ פאר אוועקשטעלנ דעמ דענקמאָל, און ס'איז פאר־שטענדלעכ איבער וועלכע מאָטיווג. אינ יענער צייַט טאקע איז די שווארצמייעדיקע פּרעסע — אזעלכע צייַטונגענ, ווי „קיִעוו" און „כארקאָווסקי וועדאָמאָסטי" — ארויס־געטראָטנ קעגנ אוועקשטעלנ דעמ דאָזיקנ דענקמאָל.

אָט וואָס עס האָט געשריבנ די שווארצמייעדיקע צייַטונג „קיִעוו":

„שעווטשענקאָ איז דער פאנאטישער פּלאנצער פונ די אנטימעלוכישע און אנטימאָראלישע אידייענ.

פּארוואָס־זשע שוויַיגנ אלע אונדזערע מאָנארכיסטישע און נאציאָנאלע אָרגאַ־ניזאציעס, ווענ זיי זעענ, אז קיִעוו גרייט זיכ שטעלנ א דענקמאָל דעמ פאר־ביטערטנ סוינע פונ דער זעלבסטהערשונג, וואָס האָט געטרוימט „הייַליקייַט אפ די קייסאָרימס קרוינענ טרייַבנ, אפ אלע זיי, די גאָטגעזאלבטע", וואָס האָט פּאָרגעלייגט די קייזערלעכע מאנטיעס רייַסנ אפ אָנגעטעשעס, און אינ מעשוגאס האָט ער גערופנ די טאליאָנימ, זיי זאָלנ אראָפּנעמענ די קעפּ באַ די צארנ?..

פּארוואָס־זשע איז אנדערעמלט געוואָרנ אונדזער יוגנט און זי זעט ניט, אז די שטאָט קיִעוו שטעלט א דענקמאָל דעמ סוינע פונ דעמ „צווייקעפּיקנ אָדלער", דעמ סימבאָל פונ אומצעטיילבארנ רוסלאנד, מע שטעלט א דענקמאָל דעמ אויסגעשפּראָכענעמ פּריידיקער פונ סעפּאראטיזמ?

פּאַרוואָס־זשע דרעמלענ אונדזערע רוסישע ערלעכע פרויענ, די מוטערס, מיידלעכ אונ ווײַבער, ווענ זיי הערנ, אז מע קלײַבט זיכ צו ליבנ דעמ, וועל־כער האָט, פאַרגעסנדיק יעטווידער שאַנדע, זיכ געווענדעט צו יעדערער פונ זיי: „שפּײַ אפ דער מיידלשער ערע אונ פונ רייִנעמ הארצנ כאָטש איינמאָל, טײַע־רינקע, גיב א זינדיק!"

פּאַרוואָס־זשע, לעצטנס, שווײַגנ די וועכטער פונ גאָטס הויז, פונ דער פּראַוואָסלאַווישער קירכע, ווענ זיי הערנ, אז עס איז שוינ באַשטימט געוואָרנ אײַנצולאַדנ זיי אפ דער קירכלעכער שאַנדע? נאָכ ווענ רופט מענ זיי אָפּ־צוריכטנ א פײַערלעכע פּאַניכידע? נאָכ ווענ בעט מענ, זיי זאָלנ לאָזנ אינ הימל דעמ רויכ פונ דעמ הייליקנ ווײַרעכ פאַר גאָטס טראָנ? דאָס וועט איר אָפּריכטנ די פּאַניכידע נאָכ אָט דעמ גאָטלעסטערער, וועלכער האָט גערופנ „באַ די קאַדילעס פאַרויכערנ די ליולקעס אונ מיט די אנפּלעקטע איקאָנעס הייצנ די הרובע"? צוליב וואָס פאַר א איניענ לאַדט מענ זיי אײַנ צו הייליקנ דאָס אָרט אפ קאַראַוואַיעווער פּלאַצ, צי איז דאָס דענ ניט צוליב א דענקמאָל דעמ מענטשנ, וועלכער שרײַט אויס פונ מעשוגאַס: „אפ דער ערד איז ניטאָ קיינ הייליקטומ", „מיר וועלנ מיט די קראָפּילעס די הײַזער אויסקערנ..."

צי דענ וועט די קירכלעכע מאַכט, וואָס האָט שוינ געווענדעט איר אופ־מערקזאַמקײַט אפנ פּאָעט דער לעסטערער, דערלויבנ אָט די דאָזיקע לעסטע־רישע טעטיקײַט? אויב די בירגערלעכע מאַכט האָט געמאַכט א פעלער, איז איז עס א פעלער — א זינד פונ אומוויסנ; נאָר אויב די קירכלעכע מאַכט וועט דערלויבנ צו הייליקנ דאָס אָרט פאַר א דענקמאָל דעמ אווטער פונ די גאָט־לעסטערנדיקע ווערק, וועט זי דערלאָזנ אבסאָליוט באַוווסטזיניק א זינד. אונ ווער ווייס עס ניט, אז „דער, וואָס האָט געוווסט דעמ ווילנ פונ זײַנ האַר אונ ער האָט ניט געטאָנ לויט זײַנ ווילנ, וועט שטאַרקנ געשלאָגנ ווערנ" (לוקא 12, 47).

הייב־זשע זיכ אופ, ווי איינ מענטש, פּראַוואָסלאַוונער רוסישער קיִעוו, וואָס איז איבערגעגעבנ זײַנע צאַרנ אונ וואָס האָט אוועקגעשטעלט א דענקמאָל באָגדאַנ כמעלניצקינ, דרייסט אונ אזעסדיק דערקלער ווענ מע דאַרפ וועגנ דעמ פלעק ניט אָפּצוואַשנ, וואָס עס גרייט זיכ אפ דײַנ גרויענ קאָפּ! וועק אופ די שלאָפנדיקע, עפנ אופ די אויגנ פונ די ניט־זעענדיקע אונ פעסט, אומגעוואַקלט שטעל זיכ אפ באַשיצנ דײַנ קירכלעכע, געזעלשאַפטלעכע אונ מעלוכישע הייליקײַטנ" [1].

ווײַטער לייענענ מיר אינ דער זעלבער צײַטונג „קיִעוו":

„שעווטשענקאָ איז אנ אויסגעשפּראָכענער פּריידיקער פונ סעפּאַראַטיזמ, א פאַרביטערטער סוינע פונ דער זעלבסטהערשונג, אנ אָפענער לעסטערער פונ דער קריסטלעכער קירכע אונ לערער פונ אמאָראַלישקײַט.

מיר ווענדנ די אופמערקזאַמקײַט פונ די רוסישע מענטשנ פריִער פאַר אלצ אפ דעמ, ווענ סאַמע אונ באַ וועלכע באַדינגונגענ איז עס אַרויסגעכאַפּט גע־וואָרנ א דערלויבעניש אפ אופשטעלנ א דענקמאָל שעווטשענקאָנ. די דאָזיקע

---

[1]) „Киев" 1914.

דערלויבעניש איז געגעבנ געוואָרנ אינ 1906־טנ יאָר, ד. ה. אינ יענער צײַט, ווענ אונדזער בירגערלעכע מאכט האָט זיכ פארלאָרנ אינ דער אלגעמיינער אופרעגונג אונ יוירונג אונ האָט דערלאָזנ ניט ווינציק פעלערנ, — ווענ אינעם הייליקנ רוסלאנד האָט מענ געקענט שעוטשענקאָנ נאָר לויט דער פריערדיקער צענזור־אויסגאבע פונ „קאָבזאר”, ווענ אונדזער צענזור האָט פארלאָרנ דעמ געפיל פונ איר פליכט אונ האָט דערלויבט צו דרוקנ די פולע לעמבערגער אויסגאבע פונ „קאָבזאר”...

וואָס־זשע איז זיכ דאָ צו ווונדערנ, וואָס אינ אזא צײַט איז געגעבנ געוואָרנ אפ דעמ א דערלויבעניש?”

דער ארכיעפיסקאָפ ניקאָנ, מיטגליד פונעמ „הייליקסטנ סינאָד”, טרעט ארויס אינ זײַנ ארטיקל „ווהינ גייענ מיר” קעגנ אוועקשטעלנ א דענקמאָל דעמ פאָעט שעוטשענקאָנ אינ קיעוו. שעוטשענקאָס פאָעזיע רופט אָנ דער ארכיעפיסקאָפ ניקאָנ „שיקערע”, אונ דעמ פאָעט אליינ „שיקער”, „פערזנ־פלעכטער”, „אטעיסט”. דעמ „קאָבזאר”, וואָס איז קאָנפיסקירט געוואָרנ אינ 1911־טנ יאָר, רופט ער אָנ א „שעדלעכע זאמלונג”, „מיעסקײַט, וואָס איז ענלעכ אפ א פעסט־אָנשטעקונג”.

די רעדאקציע „כארקאָווסקיע וועדאָמאָסטי” פרעגט:

„צי איז פאסיק אוועקצושטעלנ א דענקמאָל דעמ לעסטערער אינ דער קרוינ־שטאָט קיעוו באגלײַכ מיט די דענקמאָלנ — דער הייליקער פירשט וולאדימיר, ניקאָלײַ דער ערשטער, אלעקסאנדער דער צווייטער, באָגדאנ כמעלניצקי, פ. א. סטאָליפינ, איסקרא אונ קאָטשובײ, דאָרט, ווו ס'געפינט זיכ די הייליקע גרויסע פעטשערסקער לאַוורע, אינ יערושאָלאימ פונ דער רוסישער ערד?” [1]

פונ דעמ איז צו זענ, אז די רוסישע שווארצמייעניקעס האָבנ געקוקט אפ שעוטשענקאָנ, ווי אפ א פארביסענעמ סוינע פונ דער רוסישער אימפעריע, פונ דער קריסטלעכער קירכע.

אָט וואָס עס שרײַבט אינ דער צײַטונג „כארקאָווסקיע וועדאָמאָסטי” דער שווארצמייעדיקער גלאסנע פונ כארקאָווער שטאָט־דומע, פראָפעסאָר וויאזיגינ אינ זײַנ ארטיקל „א באזונדער מיינונג וועגנ באערנ דעמ אָנדענק פונ ט. ג. שעוטשענקאָ”:

„ט. ג. שעוטשענקאָ רײַסט אונטער אינ א גאנצער ריי זײַנע ווערק די הויפט־יעסוידעס פונ קריסטנטומ אונ ער גייט זיכ אבסאָליוט פאנאנדער מיט דער יעוואנגעלישער פסורע־דערציילונג, דערבײַ האָט ער די סאמע אפיקאָרסישע אונ גאָטלעסטערדיקע ווערק אָנגעשריבנ ניט ביז זײַנ פארשיקונג, נאָר גראָד נאָכדעמ ווי ער האָט זיכ אומגעקערט פונ דער פארשיקונג. אונ דאָס דאָזיקע פארניכטעט אבסאָליוט די אויסגעבויטע טעאָריע פונ פראָפעסאָר נ. פ. סומצאָוו. „די כאראָטע” אונ „די באָרויקונג” שעוטשענקאָס האָבנ עקזיסטירט אלס א שילד, אלס א פארבלענדעניש אינ זײַנ „טאָגבוכ”, אינדערעמעסנ אָבער האָט שעוטשענקאָ, וואָס איז אינ 1857־טנ יאָר באגנעדיקט געוואָרנ פונ דער העכסטער מאכט, שוינ זײַענדיק אינ ניזשני־נאָווגאָראָד געשריבנ אינ דעמ זעלבנ יאָר זײַנ געדיכט „דער דולער”, וואָס איז פול מיט בייזקײַט אונ מיט כויזעק־מאכנ פונעמ קייסער אונ איז פול מיט גאָטלעסטערײַ.

[1]) „Харьковские Ведомости“ № 1468, 4. I. 1914.

די רעוואָלוציאָנערע שטימונג זאַפּט אַדורך די בּרוטאַלע לידער: „ווירשי”, „איך בּין ניט שלאָף הײַנט...”, וואָס ער האָט אָנגעשריבּן אין נאָיאַבּער 1859־טן יאָר אין פּעטערבּורג. צום יאָר 1859 געהערט די נאָכאַמונג „הוישייע, קאַפּיטל XIV”, וואָס איז איבּערגעפּולט מיט האַס און רופט צו בּלוטיקער נעקאָמע, און דאָס סאַמע העסלעכע און גאָטלעסטערנדיקע פון שעוטשענקאָס ווערק די פּאָעמע „מאַריאַ”. די דאָזיקע פּאָעמע צעקאַליעשטעט אַפּן כוצפּעדיקסטן אויפן די יעוואַנגעלישע דערציילונג וועגן דער הייליקער פּסורע און וועגן קריסטוסעס געבּורט און שילדערט דעם טויט פון גאָטס מוטער אַזוי, אַז דאָס האַרץ ניט נאָר פון יעדן גלויבּיקן קריסט, נאָר פּראָסט פון יעדן מאַן, וואָס אַכטעט דאָס פרעמדע גלויבּן, דאַרף פאַרציטערט ווערן פון האַס און פאַראַכטונג. יעדער קולטורעלער „אינטעליגענט” וועט, נאָכדעם ווי ער וועט זיך בּאַקענען מיט דער דאָזיקער עמעס־פּאַסקודנער פּאָעמע שעוטשענקאָס, ניט קענען פאַרגעסן זײַן כוצפּעדיקן כויזעק איבּער די הייליקע קירכלעכע לײַט, איבּער די פאָלקסטימלעכע גלויבּונגען, ווײַל די עמעסע קולטורעלקײַט אַנטוויקלט בּאַם מענטשן קעגנזײַטיקן געדולד און אַכטונג צו דעם גלויבּן, בּאַ וועלכן עס האַלטן זיך אַנדערע, דאַן ווען נאָר אַ בּרוטאַלער גײַסטיק־ווילדער מענטש קען זיך דערלויבּן איזדעקעווען זיך איבּער דעם, וואָס שטעלט מיט זיך פאָר דאָס „הייליקע פון אַלע הייליקטימער” בּאַ מיליאָנען מענטשן.

ענדלעך, דער לעצטער (1860) יאָר פון שעוטשענקאָס לעבּן איז בּאַזונדערס רײַך מיט ווערק, וואָס צוליבּ מעלוכע־מאָטיוון זײַנען זיי איצטער אויסגעשלאָסן פון פרײַען בּאַנוץ. אַזוי שרײַבּט ער אָן אין מײַ זײַן ליד „טפּילעס”, אין וועלכער ער טרעט אַרויס שאַרף קעגן די צאַרן, און אין יוני פאַרפאַסט ער אַ לעסטערנדיקן „מאָנאַכישן הימן” און אין דער ליד „שײַן דו קלאָרע, שײַן דו שטילע” לייגט ער פאָר „פון קייזערלעכע מאַנטיעס רײַסן אָנעטשעס, פון קאַדילעס פאַרויכערן די ליולקעס, מיט די „אַנטפּלעקטע” (איקאָנעס) הייצן די הרובּע, מיט די קראָפּילעס די נײַע שטוב אויסקערן”. אין סענטיאַבּער מאַכט ער אַ נײַעם אַרויסטריט קעגן די צאַרן (זײַן „אַרכימעד און גאַליליי”); אין אָקטיאַבּער ווערן די דאָזיקע געדאַנקען דורכגעפירט אין „שאָול” און אין דער ליד „כאָטש אַ ליגנדיקן...”, ווו עס ווערט בּאַזונגען, וויאַזוי „מענטשן האָבּן אין דער שטיל, אָן קיין בּייז דעם צאַר צום טאַליען געפירט”... אין נאָיאַבּער — אַ „דאַנקבּאַרער” פאַר דער בּאַגנעדיקונג, וואַרפט זיך שעוטשענקאָ ווידער אַרויף אַפּ דער צאַרישער מאַכט („אָ, מענטשן, נעבּעכדיקע מענטשן”), ער לייקנט אָפּ גאָטס עקזיסטענץ („איך גיי זיך שטיל בּאַנאַכט”) און ער לאַכט אויס גאַלאַגאַנען, קיסעלן און קאָטשובּייען, אויסדריקנדיק די האָפענונג, אַז ס׳וועט אָנקומען אַ צײַט, ווען „מע וועט צעשמעטערן דעם טראָן, צערײַסן די פּאָרפירן”... („געוועזן מילכאָמעס”).

בּאַ אַזעלכע בּאַדינגונגען בּאַקומט דאָס בּאַערן ט. ג. שעוטשענקאָן אַ כאַראַקטער פון אַ נײַער בּאַליידיקונג, וואָס ווערט געוואָרפן אין פּאָנעם דעם גלויבּיקן און געטרײַ־אונטערטעניקן רוסלאַנד. מענטשן געטרײַע צום אַלטאַר, צום טראָן און צו דער אייגענער פאַמיליען־היים, אָן אונטערשייד אין די שאַטירונגען

פון זייערע געזעלשאַפטלעכע און פּאָליטישע אָנשויונגען, קענען ניט שאָלעם מאַכן מיטן געדאַנק, אַז אין דער קרוינשטאָט פונעם הייליקן וולאַדימיר וועט אופגעשטעלט ווערן אַ דענקמאָל דעם אַפּיקוירעס און גאָטלעסטערער, וועלכער האָט פאַרוואָרפן מיט שמוץ אַסאַך זייטלעך פון אונדזער רומפולער פאַרגאַנגענהייט.

צום באַדויערן, איז איבער די צענזור־באַדינגונגען ניטאָ קיין מעגלעכקייט אופצודעקן די גאַנצע העסלעכע וווּלגאַרקייט פון שעווטשענקאָס אָנפאַלן, נאָר דאָך איז נייטיק צו באַצייכענען, אַז ער האָט זיך איזדעקעוועט איבערן באַוווּסטן קיִעווער גענעראַל־גובערנאַטאָר ביביקאָוו („דער דולער"), איבערן אימפּעראַטאָר ניקאָלײַ דעם ערשטן (זע אויך „סלאַוואַ", „איך בין ניט שלאָפּ הייַנט"), איבערן גרויספירשט וולאַדימיר („קייסאָרים"), איבער באָגדאַן כמעלניצקין („צעגראָבענער קייווער", „ווען דו וואָלסט איצט, באָגדאַן דער שיקער"), ד. ה. פּונקט איבער די דאָזיקע היסטאָרישע טוער, וואָס זייערע דענקמאָלן זייַנען שוין אופגעשטעלט אין קיִעוו. צווישן זיי איז ניטאָ קיין אָרט פאַרן בילד פון דעם, וועלכער איז געווען אַ פאַרניכטער פון זייער היסטאָרישן העלדנטאַט און אַ פּאָנענטרעגער פון דער מאַזעפּיאַדע, וואָס האָט אַרייַנגעטראָגן צעריסנקייַט און פייַנטשאַפט אין דער איינהייַטלעכער גרויסער פאַמיליע פונעם רוסישן פאָלק. עס איז ניטאָ קיין אָרט פאַר אַ דענקמאָל דעם לעסטערער פון דער ריינסטער יונגפרוי מאַריאַ אין אַ שטאָט, ווו עס דערהייבט זיך פון אַמאָליקע צייַטן די רומפולע פּעטשערסקער לאַווורע. איר קלויסטער־יאָנטעוו, דער טאָג פונעם ערלעכן טויט פון דער אַלערהייליקער גאָטס־מוטער, וואָס איז פריער באַשמוצט געוואָרן דורך שעווטשענקאָן, ווערט נאָך באַזונדערס באַערט מיצאַד דער פּראַוואָסלאַווישער באַפעלקערונג... צי דען איז נייטיק אַרייַנגיסן גיפט אין די נעשאָמעס פון די פּילצאָליקע גאָטבעטער מיטן אופשטעלן צווישן די דווירעסדיקע רעליגיעזע און היסטאָרישע הייליקייַטן אַ דענקמאָל פאַר דעם, וואָס האָט זיי געטראָטן מיט די פיס? צי דען וועט ניט זייַן דאָס דאָזיקע באַערן אַ ווייען פון אַ ווינט, וואָס זאָגט אָן אַ שטורעם, אַ קוואַל פון אייביקע שפּאָטערייַ און איזדעקעווען זיך פאַר די אַפּיקאָרסים, סעקטאַנטן און ייִדן איבער דעם הייליקן פּראַוואָסלאַווישן גלויבן און דער רוסישער מעלוכעשאַפט?...

...און איך וואָלט פאַרלאָרן יעדע אַכטונג צו זיך אַליין, ווען איך וואָלט פאַרטויבט די שטים פון דעם אייגענעם פרייַען געוויסן, וואָס הערט ניט אוף צו באַפוילן מיר, איך זאָל אָפן און הויך פּראָטעסטירן קעגן דעם פאַרפירערישן באַשלוס, וואָס איז לייַכטזיניק אָנגענומען מיצאַד איינע און קונציק פאַרטראַכט געוואָרן מיצאַד אַנדערע, צו פייַערן דעם 100־יאָריקן געבורטסטאָג פון דעם, וואָס איז אַ סוינע פון דער הויפּט־שטיצע פונעם הייליקן רוסלאַנד — פונעם קריסטלעכן גלויבן" [1].

ווי מיר זעען, איז די שוואַרצמייעדיקע באַנדע פונעם צאַרישן רוסלאַנד אַרויסגעטראָטן מיט ווילדער אַגיטאַציע קעגן באַצייכענען דעם אָנדענק פונעם פאָלקס־

[1] „Харьковские Ведомости № 1486, 26. I. 1914.

 

פּאָעט פונ אוקראַינע שעווטשענקאָנ, זי איז ארויסגעטראָטנ קעגנ באַערנ זײַנ אָנדענק דורכ אופשטעלנ אימ א מאָנומענט. אינ די דאָזיקע זידלדיקע שמוציקע בלעטלעכ, ארטיקלענ, ארויסטרעטונגענ פונ אלערליי גובערנאטערס, איספּראַווניקעס, פּריצימ, יעפּיסקאָפּנ א. אנד. דינער פונ דער קירכע אונ פונעמ טראָנ פונ דער רוסלענדישער אימ־פּעריע זעענ מיר די קלאסנ־סינע פונ די רוסישע אונ אוקראַינישע פּריצימ קעגנ דעמ זינגער פונ דער אוקראַינישער אָרעמשאפט, קעגנ דעמ, וועלכער האָט געטרוימט צו צעברעכנ די קייטנ פונ קנעכטשאפט אונ מאכנ פרײַע די ארבעטנדיקע מאסנ פונ רוסלאנד.

בלויז דער פּראָלעטאריאט אינ שפּיצ מיט דער באָלשעוויסטישער פּארטיי פונ לענינענ אונ סטאלינענ האָט אופגעהויבנ זײַנ שטימ אפּ צו פּארטיידיקנ די נייטי־קײַט צו באצייכענענ דעמ אָנדענק פונעמ גרויסנ פּאָעט־דעמאָקראט.

די זאכ איז דאָ געגאנגענ ניט נאָר אינעמ שטעלנ אוועקשטעלנ א דענקמאָל שעוו־טשענקאָנ. די צארישע רעגירונג האָט אינ 1914־טנ יאָר פארבאָטנ צו באצייכענענ דעמ 100־יאָריקנ געבורטסטאָג פונעמ פּאָעט. קעגנ דעמ דאָזיקנ פארבאָט איז די איינציקע ארויסגעטראָטנ בלויז די פּארטיי באָלשעוויקעס, אינ שפּיצ מיטנ כ׳ לענינ, וועלכע האָט געפאָדערט צו באצייכענענ שעווטשענקאָס יאָרטאָג, האָט געפאָדערט צו באַערנ דעמ אָנדענק פונעמ גרויסנ אוקראַינישנ שרײַבער־רעוואָליוציאָנער.

אָט וואָס וו. אי. לענינ האָט געשריבנ אינ א פּראָיעקט פונ א רעדע, וואָס ג. אי. פּעטראָווסקי האָט געזאָלט האלטנ אפּ א זיצונג פונ דער 4־טער דומע:

„דער פארבאָט צו באַערנ שעווטשענקאָנ איז געווענ אזא אויסגעצייכנט, גלענצנדיק, זעלטנ־גליקלעכ אונ געלונגענ מאָסמיטל פונעמ שטאנדפּונקט פונ אגיטאציע קעגנ דער רעגירונג, אז קיינ בעסערע אגיטאציע קענ מענ זיכ אפילע ניט פאָרשטעלנ. איכ מיינ, אלע אונדזערע בעסטע סאָציאַל־דעמאָקראטישע אגיטאטערס קעגנ דער רעגירונג וואָלטנ קיינמאָל ניט דערגרייכט אינ אזא קורצער צײַט צו אזעלכע קאָפּשווינדלדיקע דערפאָלגנ, וואָס דאָס דאָזיקע מאָס־מיטל האָט דערגרייכט אינעמ זינ פונ אגיטאציע קעגנ דער רעגירונג. נאָכ דעמ דאָזיקנ מאָסמיטל האָבנ מיליאָנענ אונ מיליאָנענ „באלעבעסלעכ" אָנגעהויבנ זיכ פארוואנדלענ אינ באוווסטזיניקע בירגער אונ זיכ איבערצײַגנ אינ דער ריכ־טיקײַט פונ דעמ אויסדרוק, אז רוסלאנד איז „א טפיסע פאר פעלקער" [1].

קעגנ דער דאָזיקער באָלשעוויסטישער ליניע איז ארויסגעטראָטנ דער גאנצער שווארצמייִשער לאגער אונ האָט אָנגעהויבנ צו דערווײַזנ, אז די ליניע, וועלכע ס׳פירנ די רוסישע שווארצמייִניקעס, איז די איינציק מעגלעכע, די איינציק ריכטיקע.

אינ איינקלאנג מיט די רוסישע שווארצמייעניקעס זײַנענ ארויסגעטראָטנ די אוקראַינישע נאציאָנאליסטנ. בעשאס דעמ 100־יאָריקנ יובילײ פונעמ געבורטסטאָג פונעמ פּאָעט, אינ 1914־טנ יאָר, האָט די אוקראַינישע „געזעלשאפטלעכקײַט" זיכ באמיט שאָלעמ צו מאכנ צווישנ שעווטשענקאָנ מיט דער רוסישער מאָנארכיע אונ. מיט דער פּראָוואסלאווישער קירכע. די אוקראַינישע נאציאָנאליסטנ האָבנ זיכ באמיט אוועקצו־

---

[1]) Ленин—Соч. т. XVII. „К вопросу о национальной политике", стр. 324—325.

שטעלן שעווטשענקאָן אונטערן שוץ פונעם „פּאַטערל־קייסער" און פון דער פּראַ־וואָסלאַווישער קירכע.

אָט וויאַזוי דאָס אוקראַיִנישע פּריצנטום האָט באַצייכנט שעווטשענקאָס יאָרצײַט בײַסן צאַריזם אינעם 1894 יאָר:

„פּאוולאָווס זאַל איז געווען פול. דאָרט זײַנען געווען בײַ 400 מאַן. ארום און ארום כאָכלען און כאָכלושקעס אין זייערע דאָרעמדיקע, העלע קאָסטיומען. די פרויען אין שטיוולעטלעך מיט קראַנצן אויף די קעפּ. אויף דער בינע — אין דער טיפ — אַ קאָלאָסאַלער פּאָרטרעט פון טאַראַס גריגאָריעוויטשן, און אויף דער אוואַנס־סצענע — זײַן ביוסט, אַן ארומגערינגלטער מיט בלומען. אויף דער בינע גייט ארויף דער קינסטלער מ. אָ. מיקעשין און עפנט אויף די פײַערונג מיט די ווערטער:

— געערטע פאַרזאַמלונג! הײַנט האָט אונדז אַלע פאַרזאַמלט דאָ און עס פאַראייניקט אונדז די פּראַכטפולע מוזע פונעם פאָלקס־זינגער און דעם באַרימטן פאָלקס־ליבהאָבער — מײַן פרײַנט און כאַווער לויט דער אַקאַדעמיע — טאַראַס גריגאָריעוויטש שעווטשענקאָ. זאָל־זשע באַרימט ווערן זײַן נאָמען איבערן גאַנצן אומגעהייערן רוסלאַנד!..

איבערן גאַנצן זאַל ברעכן אויס שטורמישע אויסגעשרייען פון מיטגעפיל און באַווייליקונג. די באַערונג־פײַערונג איז געעפנט. אויף דער בינע טרעט ארויס אַ כאָר אין מאַלאָראָסישע קאָסטיומען און הייבט אָן זינגען „באָזשע, צאַריאַ כראַני". עס דערהערן זיך אומענדלעכע אפּלאָדיסמענטן און אַ לאַנגדויערנדי־קער „הוראַ". דאָס געזאַנג צעקײַקלט זיך איבערן גאַנצן גרויסן זאַל און באַ־גײַסטערט כאַפּט מען אים אונטער אויך פון די איבעריקע זאַלן.

דער קליינרוסישער דיאַלעקט, די זשופּאַנעס, שטיוולעטן, פּאַטשיילעס, די באַנדורע און די פּרעכטיקע געמעלן אויף די ווענט האָבן דערמאַנט קליינרוס־לאַנד. עס האָט נאָר געפעלט די דאָרעמדיקע זון־היץ און די העל־געלע זון־רויזן. אַסאַך זײַנען געווען דאָרט גרויע בערדיקע זקיינים, וואָס האָבן שוין לאַנג, אַזוי צו זאָגן, געלאָזט טיפע וואָרצלען אין פּעטערבורג און זיי פאַרגעסן גאַנצן הויכע שטעלעס, וואָס אויף זיי האָט דאָס געזאַנג „אוי, דניפּרע, דניפּרע" געמאַכט אַ באַצויבערנדיקן אײַנדרוק און האָט ארויסגערופן דערינערונגען פון דער קינדהײַט, וואָס זיי האָבן פאַרבראַכט אויף אוקראַיִנע.

אויף דער בינע איז ארויסגעטראָטן אין אַ מאַלאָראָסישער סוויטקע און אין אַ גרויסער באַראַשקענער היטל אַ יונגער כאָכאָל מיט אַ באַנדורע, ער האָט אָפּגעווישט די וואָנצעס מיט דער היטל, אַ דריי געטאָן דאָס הענטל פון זײַן אינ־סטרומענט און האָט פאַרצויגן די ליד „לאַזאַר"... זײַן אינסטרומענט הייסט אויף דאָרעם „לירע", און ער אַליין — „לירניק". די פּאָשעטע מאָנאָטאָנע ליד האָט ארויס־גערופן בײַ די זקיינים טרערן און האָט עלעקטריזירט די יוגנט: מע האָט געַ־שריגן, געפּלעסקעט און אפּלאָדירט אָן אַ סאָף. דער „לירניק" האָט זיך שפּע־טער באַוויזן אין אַ מונדיר — די אוניפאָרם פון איינער פון די הויכשולן.

אויף דער בינע זײַנען ארויסגעגאַנגען און האָבן געזונגען אַקטערס, וואָס האָבן געשאַפן מוזיק צו די פּאָעטישע סטראָפעס פון שעווטשענקאָן. אַמאָל האָבן זיי פאַרמאָגט מעכטיקע באַצויבערנדיקע שטימעס... בײַ דער יוגנט האָבן

ארויסגערופנ ענטוזיאזמ „סאָנצע ניזענקאָ—ווטשיר בליזענקאָ”, „ווישנעוויע סאדיקי”, „זאפּאָראָזשצי”. עס האָט דורכויס געאָטעמט מיט דאָרעמ.

דער אָוונט איז דורכגעגאנגענ גלענצנדיק.

דער טאָסט, וואָס איז געהאלטנ געוואָרנ בא דער וועטשערע פארנ קייסער אונ זײַנ קייזערלעכער פאמיליע, האָט ארויסגערופנ א הילכיקנ „הורא”, וואָס מע האָט אונטערגעהאלטנ אונ אופגעכאפּט איבער אלע זאלנ. מ. אָ. מיקעשינ האָט געהאלטנ א טאָסט פאר דער פּרינצעסנ יעווגעניע מאקסימיליאנאָוונע אָל־דענבורגסקע, „דעמ רינג, וואָס פאראייניקט אונדזער דאנקבארנ אָנדענק מיט דער גרעסטער ווילטעטיקערנ פונ טאראס שעווטשענקאָ”. אלס ענטפער האָט אָפּ־געהילכט „הורא” [1].

אונ אָט האָבנ מיר ווײַטער די באצייכענונג פונ שעווטשענקאָס יאָרצײַט אינ 1914:

„דער געוויינלעכער ליטערארישער יאָרצײַט, וואָס די קליינרוסנ האָבנ גע־פּראוועט זייער „באטקאָ” ט. שעווטשענקאָ, איז דורכגעגאנגענ, ווי שטענדיק, אויסערגעוויינלעכ פּראָסט, אינטימ, נאָר גלײַכצײַטיק אויסערגעוויינלעכ לעבעדיק. דעמ אָוונט האָט געעפנט ד. ל. מאָרדאָווצאָוו מיט א רעדע, געווידמעט שעוו־טשענקאָס אָנדענק. נאָכ דער רעדע האָט מענ געזונגענ מאלאָראָסישע לידער, וואָס עס האָט ארויסגעפילט א ליבהאָבער־כאָר, וועלכער באשטייט פונ שטודירנ־דיקער יוגנט. דער זאל אונ די בינע האָבנ מיט זיכ פאָרגעשטעלט א פארביקנ בלומענ־גאָרטנ פונ מאלאָראָסישע כאראקטעריסטישע קאָסטיומענ. די מיידלעכ— אינ פלאכטעס אונ קארעלנ, האלדזבענדער מיט דוקאטנ, מיט די שטענדיקע העלע בלומענ־קראנצנ אפנ קאָפּ אונ אינ קאָלירטע שטיוולעטלעכ אפ די פיס. די מאנצ־בלענ—פאראָבקעס—אינ סוויטקעס אונ שאראווארעס אונ מיט די שטענדיקע באראשקענע היטלענ... זייער וויל האָט איבערגעליינט א „דיוושינע” שעוו־טשענקאָס פאָעמע „ליליא”. מע האָט געצוווּנגענ די ארויסטרעטערנ, זי זאָל עס איבערכאזערנ, אונ דאָס כאָכאָלישע „שטשע ראז”, וואָס האָט פארביטנ דעמ אלגעמיינ־אָנגענומענעמ „ביס”, האָט פארהילכט דעמ זאל נאָכ יעדער ארויס־טרעטונג... איינער פונ אונדזערע בארימטע קינסטלער האָט געמאכט א גאנצנ פוראָר, ער איז ארויסגעטראָטנ פארשטעלט פאר א בלינדנ קאָבזאר מיט א באנ־דורע אינ די הענט. נאָכנ קאָנצערט האָט זיכ אָנגעהויבנ די וועטשערע מיט די שטענדיקע ווארעניקעס. דער דאָזיקער ליטערארישער יאָרצײַט האָט זיכ פאר־ענדיקט 3 אזייגער אינדערפרי”.

ווי איר זעט, האָט מענ געטאנצט, געגעסנ ווארעניקעס, געטרונקענ בראָנפנ, גע־זעסנ ביז פארטאָג אפ די באנקעטנ, דערמאנט דעמ „באטקאָ” טאראס, געזונגענ „באָ־זשע, צאריא כראני” אונ „קאָל סלאווענ”, אונ אינ די רעדעס אונ ארטיקלענ האָט מענ דערוויזנ, אז שעווטשענקאָ איז קיינמאָל ניט געווענ קעגנ דער רוסישער מאָנארכיע, אז ער איז קיינמאָל ניט געווענ קעגנ דעמ צאר, קעגנ דער קירכע.

לאָמיר כאָטשבי נעמענ דאָס, וואָס עס שרײַבט גרושעווסקי אינ צוזאמענהאנג מיטנ 100־יאָריקנ יובילײ פונ שעווטשענקאָס געבורטסטאָג:

---

[1]) „Чествование памяти Т. Шевченко“, 1894.

„מע וואָלט געקענט מיינען, אז אינעם גרויסן טאָג פונעם 100־יאָריקן יוביליי, פארגעסנדיק אלץ, וואָס וואָלט געקענט וועמען ס'ניט איז צערייצן און איבעראשן, צוליב דער דאָזיקער גרויסער שיינקייט פון גייסט, אין נאָמען פונעם דאָזיקן קולט פון עמעס און ליבע, וועלן אָפּגעבן קאָוועד און וועלן זיך צו אים בוקן אלע שוואָטים, וואָס זיינען באשיינט מיטן ליכט פון זיין וואָרט, און וועלן דערציילן זיין אייביקן רום מיט ניט קיין בייז הארץ און מיט ניט קיין פארשוועכטע ליפּן. אזוי האָט געדארפט זיין, און דער גרויסער אוקראינישער יאָנטעוו האָט גלייכצייטיק געדארפט ווערן א יאָנטעוו פון אלגעמיינער פאראייניקונג פון אלע, אָן אונטערשייד פון פאָלק, גלויבן און שטאנד, וועמען עס זיינען נאָענט די גרויסע אידעאלן פון גערעכטיקייט און ליבע, וואָס דער גרויסער „קאָבזאר" האָט געפּריידיקט — געדארפט ווערן די מינוט, ווען עס וועלן אָפּשטארבן כאָטשבי צייטווייליק די ביטערע זיכרוינעס פון סינע און קריוודע"[1] (אונטערגעשטראָכן פון מ. גרושעווסקי — א. כ.).

שעווטשענקאָ האָט גערופן צום קאמף קעגן די פּריצים, שעווטשענקאָ האָט אויסגעלאכט די רעליגיע, ער האָט באוויזן, אז מע נוצט זי אויס, קעדיי צו פארפינצטערן די מאסן.

גרושעווסקי אָבער, ווי מיר זעען, האָט באוויזן שעווטשענקאָן, ווי א מענטשן, וואָס האָט זיך אלציינס באצויגן אי צו דער אָרעמשאפט, אי צו די פּריצים. עס איז אינגאנצן קלאָר, אז מ. גרושעווסקי טרייבט רעכילעס אף שעווטשענקאָן, ער ניצעוועט איבער שעווטשענקאָן אף זיין מאניר, ער מאכט פון אים א זינגער פון דער אוקראינישער בורזשואזיע.

נאָר דאָס איז ווינציק. גרושעווסקי האָט געוואָלט מאכן פון שעווטשענקאָן א פּאָן פון פאראייניקונג מיט דער צארישער רעגירונג, א פּאָן פון אונטערטעניק מאכן די ברייטע ארבעטנדיקע מאסן צו דער רוסישער מאָנארכיע. רעדנדיק וועגן שעווטשענקאָן, האָט גרושעווסקי אָפּגעוואָרפן דעם גאנצן קאמף, וואָס שעווטשענקאָ האָט געפירט קעגן רוסישן צאריזם. לויט גרושעווסקין באקומט זיך, אז שעווטשענקאָ האָט, פארקערט, אָנגעזאָגט צו האלטן אונטערטעניק דעם האלדז אונטערן יאָך פון סאָציאלער און נאציאָנאלער קנעכטשאפט.

שעווטשענקאָ האָט גערופן אין זיינע ווערק צו שארפן די האק און מיט דער דאָזיקער האק אָפּהאקן דעם קאָפּ פונעם רוסישן מאָנארך. שעווטשענקאָ האָט געשריבן וועגן דעם, אז „ס'וועלן אינגיכן באפרייט ווערן די פארשמידטע מענטשן, עס וועט קומען דער טאָג פון געריכט, עס וועלן א רעד טאָן אי דער דניעפּער, אי די בערג, און עס וועלן פליסן טייכן בלוט פון אייערע קינדער אינעם בלאָוון יאם", — און גרושעווסקי, ווי מיר זעען, זאָגט וועגן שעווטשענקאָן פונקט דעם היפּעך.

שעווטשענקאָ האָט געהאסט, האָט אויסגעלאכט די רוסישע מאָנארכיע, ווי א „טפיסע פאר פעלקער", „ווו אלץ אף אלע שפראכן שוויגט, ווייל מע לעבט אין

[1]) М. Грушевський. „Шевченкове століття". „Літературно-наук. Вісник" 1914 р., кн. 2

ווילטאָג". שעווטשענקאָ האָט גערופן ניקאָלײַ דעם 1־טן—טאַליען, „דער טאָרמאָז, וואָס מע קען אים ניט אָנרופן באַם נאָמען", און מ. גרושעווסקי, ווי מיר זעען, זאָגט, אַז אין שעווטשענקאָס שאַפונג איז ניט געווען קיין לאָזונג פון פּראָטעסט קעגן דער צארישער רעגירונג.

## 9

עס איז אינגאַנצן קלאָר, אַז די אוקראַיִנישע נאַציאָנאַליסטן האָבן זיך באַמיט צו פֿאַלסיפֿיצירן שעווטשענקאָן אינעם גייַסט פֿון דער רוסישער מאָנארכיסטישער באַנדע. זיי האָבן עס געטאָן ספּעציעל צוליב דעם, קעדיי אויסצוהוילן פֿון זײַן שאַפונג אַלץ, וואָס איז קלאַסנפייַנטלעך דעם פּריצנטום, די קאַפּיטאַליסטן, קעדיי אוועקצושטעלן זײַן געשטאַלט, זײַן אַרבעט און שאַפונג צו דינסט די הערשנדיקע קלאַסן.

און אין דער דאָזיקער פראַגע, ווי אין אַלע אַנדערע פראַגעס, איז די אוקראַיִנישע בורזשואַזיִע געגאַנגען צוזאַמען מיט דער רוסישער בורזשואַזיִע, מיטן רוסישן צאַריזם, מיט דער רוסישער שוואַרצער מייע.

אָבער וויִאַזוי די אוקראַיִנישע בורזשואַזע עלעמענטן האָבן זיך ניט באַמיט צו פֿאַלסיפֿיצירן שעווטשענקאָן, צו אונטערפּוצן אים, פֿאַרשלייערן אים פֿאַר א מיטקעמפֿער פֿון דער רוסישער מאָנאַרכיע, האָט דער רוסישן צאַריזם דאָך גוט פֿאַרשטאַנען, וואָס פֿאַר א באַטייַט שעווטשענקאָ האָט און וויִאַזוי באַציִען זיך צו אים די אַרבעטנדיקע מאַסן.

אָט וואָס עס האָט געשריבן דער קיִעווער גענעראַל־גובערנאַטאָר דער פּאָדפּאָל־קאָווניק קוליאַבקאָ אין 1910־טן יאָר אין צוזאַמענהאַנג מיטן באַצייכענען שעווטשענקאָס יאָרצייַט:

„בא דער איצטיקער פֿאַרשאַרפֿונג פֿון דער נאַציאָנאַלער פראַגע אין דאָרעם־מייַרעווודיקן קאַנט אין אַלגעמיין, און אין דער שטאָט קיִעוו באַזונדערס, וועט די מאַניפֿיסטאַציִע, וואָס איז פֿאַרבונדן מיטן נאָמען פֿונעם בונטאַר דעם פּאָעט (ט. שעווטשענקאָ), צערייצן די נאַציאָנאַלע לייַדנשאַפֿט און וועט אַרייַנטראָגן געפֿערלעכע רייַבונגען אינעם געזעלשאַפֿטלעכן לעבן, וואָס ווערט אייַנגעשטעלט מיט אַזויפֿיל מי. און ריכטן זיך אַף דעם, אויב די פייַערונג זאָל פֿאָרקומען, איז אומבאַדינגט נייטיק".

דער פּאָדפּאָלקאָווניק קוליאַבקאָ איז קעגן פייַערן שעווטשענקאָס יאָרצייַט. קו־ליאַבקאָ פֿאָדערט קאַטעגאָריש צו פֿאַרבאָטן די פייַערונג.

קוליאַבקאָ מאַכט אַזאַ אויספֿיר:

„אַזויאַרום, קען אָפּגעשוואַכט ווערן דער גלויבן אין דער רעגירונג סיי בא דער געזעלשאַפֿט, סייַ אויך בא די פֿאָלקס־מאַסן".

די רוסישע פּריצים, די אוקראַיִנישע פּריצים האָבן גוט פֿאַרשטאַנען, אַז אין דעם קעסל, וואָס ס'האָט מיט זיך פֿאָרגעשטעלט די רוסישע אימפּעריע,— נעמען די אויפֿגעבראַכטע, באַשווינדלטע פֿאָלקס־מאַסן בא שעווטשענקאָן דאָס, וואָס ס'איז פֿאַר זיי ווירקלעך טייַער. פֿאַר די אַרבעטנדיקע מאַסן זייַנען טייַער געווען יענע ווערטער, מיט וועלכע שעווטשענקאָ האָט גערופֿן דאָס פֿויערטום, די אָרעמשאַפֿט אַרויסצוטרעטן אין קאַמף קעגן צאַריזם און קעגן די פּריצים.

אָט פאַרוואָס גלײַך נאָכדעם, ווי לעם קאַניעוו, וואָס איבערן דניעפּער, האָט מען באַהאַלטן שעווטשענקאָן, האָבן די צאַרישע זשאַנדאַרמען פאַרפירט אַ איניען אין צוזאַמענהאַנג מיט דער דאָזיקער לעוויִע. מע האָט פאַרפירט דעם „איניען לויטן ראַפּאָרט פונעם פליגל־אַדיוטאַנט פירשט לאָבאַנאָוו־ראָסטאָווסקי וועגן אַ פאַרשווערונג קעגן די פּריצים, וואָס זאָל האָבן עקזיסטירט אין דער שטאָט קאַניעוו און אינעם שטעטל קאָרסונ". פון דעם דאָזיקן איניען, וואָס וועגן אים ווערט אויסגעדערציילט אויף 125 בויגנס, ווערט קלאָר, וויאַזוי דאָס פויערטום האָט זיך באַצויגן צו שעווטשענקאָן און וויאַזוי עס האָט אים געשאַצט.

אָט איז אַ בריוו פון קאַניעווער אויעזדישן אַדל־מאַרשאַל אויפן נאָמען פונעם קיִעווער גובערניאַלן אַדל־מאַרשאַל.

„וויסנדיק, אַז אַלץ, וואָס האָט אַ שײַכעס צו דער געפאַרלאָזיקײַט און רו פונעם אַדלטום, איז אַ זאַך פון באַזונדער זאָרגעוודיקײַט בײַ אײַער עקסעלענץ,—רעכן איך פאַר מײַן כויוו מיטצוטיילן דאָ פאָלגנדיקע אומשטאַנדן:

ערשטנס. שוין אַ שטיק צײַט, אַז צווישן דעם פּראָסטן פאָלק, ד.ה. צווישן די מעשטשאַנעס פון דער שטאָט קאַניעוו און די פויערים פון די שכיינעסדיקע דערפער, ווערן פאַרשפּרייט קלאַנגען, וועלכע האָבן אַרײַנגעבראַכט דעם גאַנצן קאַנט אין אַ צושטאַנד פון אָפּהענטיקײַט און אומרויִקײַט. די דאָזיקע קלאַנגען באַשטייען אין פאָלגנדעס: אַז אינגיכן וועט קומען די שאָ, ווען דאָס פאָלק וועט, ווי אַמאָל, קוילן די גוטבאַזיצער (פּריצים), און דערבײַ וועט עס ניט שוינען ניט דאָס גאַלאָכנטום, וואָס האַלט יאַדאַכעס מיט די פּריצים, און ניט די טשינאָווניקעס, וואָס דאָס אַדלטום צאָלט זיי קעדיי זיי זאָלן אויסבאַהאַלטן פונעם פאָלק זײַנע רעכט; אינגיכן וועט אָנקומען אַ צײַט, אַז דאָ וועט פאַרבלײַבן נאָר דאָס פאָלק אַליין;—דער קייסער פאַרלאַנגט דאָס, דאָס דאָזיקע באַשטעטיקט דער פירשט קאָנסטאַנטין, דאָס רעדט מען וועגן עפּעס אַ פּערזאָן, וואָס איז אַהער געקומען צו פאָרן, און וועלכע דאָס פאָלק רעכנט פאַר אַ פירשט. עס גייען אַרום מײַסעס וועגן דעם, אַז אין שעווטשענקאָס קיִווער זײַנען באַהאַלטן הייליקע מעסערס אויף צו פאַרניכטן מיט זיי אַלע פּריצים, זשידעס, גאַלאָכים און אַלע מענטשן, וואָס טראָגן דינע זשופּאַנעס מיט גרויסע קעלנער,—וועגן אַן אָנצאָליקער מאַסע קאָזאַקן, וואָס זײַנען צעשאָטן איבער גאַנץ אוקראַיִנע פון כאַרטיצע ביז טאַוואַנ — איבער גאַנץ זאַפּאַראָזשיע — לענגויס דעם דניעפּער און אין אַנדערע קאַנטן, — זיי וועלן זיך צונויפנעמען קיין קאַניעוו און וועלן טאָן דאָס, וואָס עס האָט געפּריידיקט דער „פּאָטער טאַראַס" (שעווטשענקאָ); קאַניעוו וועט ניט זײַן אימשטאַנד אַרײַנעמען זיי אַלע, אַזויפיל וועלן זיי זײַן,—די צײַט פון זייער אָנקומען איז באַשטימט אויף הײַנטיקס יאָר, צווישן די אַלע ריינסטע יאָנטויוים, ד. ה. פונעם 15־טן אויגוסט ביזן 1־טן סענטיאַבער; אויף אָנהייבן די שכיטע דערוואַרט מען אַ באַזונדער סיגנאַל.

די דאָזיקע דערציילונגען האָבן איבערגעכאַזערט אַסאַך פון די הערן טשינאָווניקעס, וועלכע האָבן אַליין זיי געהערט פון די קאַניעווער מעשטשאַנעס און אויך פון די פויערים פון די אַרומיקע דערפער און פון אַנדערע האַמוין־מענטשן; די דאָזיקע דערציילונגען האָט מען אויך געהערט אויפן מאַרק

און אפנ האנדל־פּלאַצ, אפ דער גאס און בײַסנ ארויסגייג פונ קירכע, קימאט אלע באאמטע, מיט וועלכע איכ האָב וועגנ דער דאָזיקער פראגע געשמועסט, האָבנ מיר באשטעטיקט, אז זיי אליינ האָבנ געהערט די דאָזיקע דערציילונגענ.

ענלעכע קלאנגענ ווערנ פארשפרייט אפילע אינ די ווײַטסטע דערפער פונ קאניעווער אויעזד, און באזונדערס זינט סע האָט זיכ אָנגעהויבנ די אויספּאָר־שונג; — דאָס פאָלק דערציילט אפ די יארידנ, אז מע זוכט די הייליקע מעסערס, וואָס זײַנענ צוגעשיקט געוואָרנ אפ קוילנ די פּריצימ, און אז די דאָזיקע מע־סערס זײַנענ באהאלטנ אינ שעווטשענקאָס קייווער. די אויבנדערמאנטע קלאנ־גענ — כאָטש זיי באזירנ זיכ ניט אפ באשטימטע באווײַזנ, אז ווער עס איז האָט געהעצט דאָס פאָלק צו פארניכטנ די גוטבאזיצער, נאָר אנ און פאר זיכ שטעלנ זיי מיט זיכ פאָר א וויכטיקע און א שרעקלעכע דערשײַנונג — און דעריבער באומרויִקנ זיי אלע אדעליקע־גוטבאזיצער. לאָמיר דערלאָזנ, אז אסאכ פונ זיי וועלנ צוליב זייער אייגענער רו און געפארלאָזיקײַט ארויספאָרנ פונ די דער־פער, — וועט די אומפארמײַדלעכע פאָלג פונ דעמ זײַנ די פארניכטונג פונ זייער אייגנטומ און די אבסאָליוטע רויִנירונג פונ דער אָרדענונג, וואָס זייער בײַזײַנ (פונ די אדעליקע) האלט אונטער אינ דער ווירטשאפט און אינ די דאָרפישע געמיינדעס. דער אומרו, וואָס די דאָזיקע קלאנגענ האָבנ פארשפרייט, האָט אונ־טער זיכ דעמ גרונט, וואָס ענלעכע סימאָנימ האָבנ געהאט אנ אָרט פאר דער אמאָליקער הײַדאמאקישער שכיטע אינעמ היגנ קאנט און האָבנ בּיכלאל זיכ איבערגעכאזערט אומעטומ פאר יעדער קאטאסטראָפע פונעמ דאָזיקנ מינ.

צווייטנס. שעווטשענקאָס קייווער דינט ווי א פאָנ פאר דער פאריייניקונג פונ מענטשנ, וועלכע רופנ ארויס האס באמ פאָלק צו דעמ היגנ אדלטומ — דאָס איז נאָר אנ אויסרייד — און אינ אנ אָביעקט פונעמ פאָלקס־צאָרנ ווערנ פארוואנדלט: אלע גוטבאזיצער, וואָס פאָדערנ בא זיי צינזנ פאר דער ערד; אלע באאמטע, וואָס צווינגענ זיי אויסצופילנ די פליכטנ, און אפילע דאָס גא־לאָכנטומ, וועלכנ דאָס פאָלק גלייבט אויכ ניט, דערפאר, וואָס די גאלאָכימ טײַטשנ זיי ניט אויס דעמ נײַעמ געזעצ אינ דעמ זינ, ווי זיי, די פויערימ, וואָלטנ אימ געוואָלט פארשטיינ.

שעווטשענקאָס פרײַנט, די ליבהאָבער פונ זײַנע ווערק, און, ענדלעכ, די אָנהענגער פונ זײַנע אידייענ, קומענ צו פאָרנ אינ אונדזערע קאנטנ, — זיי האָבנ אָפטע דירעקטע, געהיימע באציִונגענ מיטנ פאָלק, זיי נעמענ צונויפ מענטשנ קלוימערשט צוליב ארבעטנ באמ אײַנאָרדענענ דעמ קייווער, זיי לייענענ פאר דעמ פראָסטנ פאָלק דערציילונגענ פונ שעווטשענקאָס ווערק וועגנ דער הײַ־דאמאטשינע־שכיטע, וועלכע שטעלנ פאָר די ראָצכישע העלדנ גאָנטע און זשע־לעזניאק, וואָס זייערע נעמענ זײַנענ זייער גוט באוווּסט די היגע לײַט, ווי הייליקע העלדנ — און, ענדלעכ, שטעלנ זיי פאָר די עצעמ שכיטע מיט די הייליקע מע־סערס, ווי א גערעכטיקע הייליקע זאכ, וואָס שאפט רומ פארנ היגנ פאָלק...

דריטנס. שעווטשענקאָס ווערק: „הײַדאמאקעס", „טאראס־נאכט"... כאָטש זיי זײַנענ דערלויבט דורכ דער צענזור, נאָר זיי אנטהאלטנ אינ זיכ דער־

ציילונגען, וואָס אָטעמען מיט אָנראַכמאָנעסדיקן האס צו אונדזער אדלטום
און דערבײַ שאַרף־געשילדערטע בילדער פון דער הײַדאמאקישער שכיטע, און
גראָד אין אונדזערע קאַנטן, ווו דאָס פאָלק אליין פאַרהיט נאָך ביז איצטיקער
צײַט דעם אָנדענק פון די דאָזיקע בלוטיקע געשעעניש, זײַנען די דאָזיקע
דערציילונגען זייער געפערלעך פאַרן אדלטום און פאַר אלע איבעריקע שטאַנדן
פון דער געזעלשאַפט. ביזוואַנען די דאָזיקע ווערק זײַנען געווען א ריין־לי־
טעראַרישער איניען און זיי זײַנען פאַרבליבן אין דער ספערע פון געבילדע־
טע מענטשן — האָבן זיי געוויס ניט געקענט האָבן אזא שעדלעכע ווירקונג אפן
לייענער, נאָר ווען מע שטעלט זיי פאָר פאַרן פּראָסטן פאָלק, ווי פאָלקס־
לידער, ווי פאַרצײַטיקע לעגענדעס, וואָס שילדערן דעם רום פון די אָוועס, —
ווערן זיי זייער געפערלעך: ווײַל דאָס פאָלק, זעענדיק אין זיי אויסשליסלעך
נאָר די שילדערונג פון נעקאָמע, פון שכיטעס, פון בלוט־פאַרגיסונג,
ווערט סטימולירט אפ איבערצוכאַזערן די דאָזיקע מײַסים, וואָס ווערן אזוי געלויבט.

איינס פון די דאָזיקע ווערק איז פאַרשפּרייט געוואָרן מיט עטלעכע יאָר
צוריק, אין יענער צײַט גראָד, ווען די פאָרשטייער פון אונדזער אדלטום אין
קיִעווער גובערניִאַלן קאָמיטעט זײַנען לויטן רוף פונעם קייסער־אימפּעראַטער
צוגעטראָטן צו פאַרווירקלעכן די ווילמוטיקע קאַוואָנעס פונעם מאָנאַרך, וואָס
איז שײַעך באַפרײַען די פויערים און צו פאַרבעסערן דעם שטייגער זייערן. און דאַן
איז דאָס דאָזיקע ווערק, אלס א ווערק, וואָס וועקט האס פון איין קלאַס פון פאָלק
צום צווייטן און וואָס באַנײַט די לעגענדעס פון דער לאַנג־פאַרלאָשענער נאַציאָ־
נאַלער סינע, — אָנערקענט געוואָרן דורך דער הויפּט־מאַכט פון אונדזער קאַנט,
אלס א שעדלעך ווערק פאַר אים — און דערפאַר איז פאַרבאָטן געוואָרן דאָס
דאָזיקע ווערק צו פאַרקויפן. איצט, ווען עס ווערט אײַנגעפירט דער נײַער סטאַטוט,
ווען די אמערסטן ווילדענקענדיקע מענטשן דאַרפן זיך סטאַרען, אז די איצטיקע רע־
פאָרם זאָל פאַרווירקלעכט ווערן אינעם גײַסט פון שאָלעם און גוטפרײַנטשאַפט, —
האָט זיך ווידער באַוויזן דאָס דאָזיקע ווערק און ווערט פאַרשפּרייט סיסטעמאַ־
טיש צווישן פאָלק, מע צעטיילט עס אומזיסט אָדער מע פאַרקויפט עס פאַר
דער סאַמע נידעריקער פּרײַז...

פערטנס. שעוטשענקאָס קערפּער איז אזוי פײַערלעך געבראַכט געוואָרן צו
קיִעווע, די באַגײַסטערונג אַרום איז געשאַפן געוואָרן אזוי קונציק און מיט
אזא אייפערקײַט, אז דאָס פאָלק האָט מאַסנווײַז זיך צונויפגענומען אפ זײַן
קייווער; די מענטשן, וואָס גייען גאָט בעטן אין קיִעוו, כאַפּן זיך מיטן וועג
אַראָפּ אהערצו, ווי צו א הייליקן אָרט, זיי ערן שעוטשענקאָן, ווי עפּעס
זייערן א פאָלקס־נאָווי, און יעדער וואָרט זײַנס איז א געבאָט פאַרן פאָלק.
זעענדיק אין זײַנע ווערק, אז די שכיטע מיט די הייליקע מעסערס ווערט גע־
שילדערט, ווי א זאַך, וואָס שאַפט רום פאַרן היגן פאָלק, — קען מען זיך לײַכט
פאָרשטעלן, מיט וואָס פאַר א געפילן עס ווערן באַגײַסטערט די, וואָס קומען
אָן אהער. אלע אויבנדערמאַנטע דערציילונגען האָבן זיך פאַרשפּרייט אין קאַ־
ניעוו זינט מע האָט באַגראָבן דאָ שעוטשענקאָן און זינט ס'איז אהין טאַקע אָנגע־
קומען ג. טשעסטאַכאָווסקי אפ צו ברענגען אין אָרדענונג דעם קייווער; צו דעם דאָזיקן

פלעגנ קומענ צו פאָרנ, ווי עס דערציילנ די מעשטשאנעס, אסאכ פערזאָנענ, וואָס זײַנענ, ווײַזט אויס, באַגײַסטערט מיט די זעלבע אידייענ, וואָס ער; צווישנ פראָסטע לײַט איז ער באוווסט אונטערנ נאָמענ הריצקאָ, אימ רעכנט מענ פאר אנ אײניקל פונ גאַנצע אָדער זשעלעזניאקנ; ווענ ער באגעגנט זיכ מיט פויערימ באגריסט ער יעדערנ מיט די ווערטער: „זדראוווסטוווי, הײַדאמאקאָ!״ — ניט געקוקט דערופ, וואָס דאָס דאָזיקע וואָרט האָט ביז אהער בא אונדזער פאָלק באטײַט ניט עטוואָס אנדערש, ווי פאָשעטער רויצייעכ.

צומ סאָפ וועל איכ זאָגנ, אז אויב עס זײַנענ ניטאָ קיינ באשטימטע פאקטנ, וואָס זאָלנ ווענענ ס'ניט איז באשולדיקנ אינ העצנ דירעקט דאָס פאָלק צו פארניכטנ די גוטבאזיצער, דערווײַזט עס נאָכ ניט, אז די פארשווערונג פונ אזא מינ זאָל ווירקלעכ ניט עקזיסטירנ באמ פראָסטנ פאָלק. דאָס היגע פאָלק קענ אקשאָנעסדיק אָפהיטנ יעדער געהיימניש פונ אזא מינ. א בעסטער באווײַז פאר דעמ איז דער איניער וועגנ דעמ מאָרד פונעמ גוטבאזיצער גודימלעווקאָוויטש, וואָס עס האָבנ באגאנגענ מיט 5 יאָר צוריק די פויערימ פונ דאָרפ גריגאָראָווקע. דאָס דאָזיקע פארברעכנ, וואָס איז געמאכט געוואָרנ דורכ אסאכ פערזאָנענ, איז אָנ סאָפעק באוווסט אסאכ מענטשנ, אונ ניט געקוקט אפ דעמ, זײַנענ די לאנגדויערנדיקע אָנשטרענגונגענ, וואָס די אויספאָרש־אָרגאנענ האָבנ ניט איינמאָל געמאכט אפ אויסצוגעפינענ די שולדיקע, געווענ אומזיסט. אויב אינ די פארשפרייטע קלאנגענ איז דאָ אסאכ אומגעלומפערטקײַטנ, איז דאָס נאָר דערפאר, וואָס עס פארשפרייטנ זיי אזעלכע מענטשנ, וואָס ווארפנ אָפ דעמ געדאנק פונ יעטווידער פארשווערונג אונ זיי דענקענ אפילע, ווי מע זאָגט, צו דערווײַטערנ זיכ בייס דער שכיטע, אויב אזא וואָלט יאָ פאָרגעקומענ...

האָבנדיק צונויפגענומענ אלע יעדיעס וועגנ דעמ דאָזיקנ וויכטיקנ איניענ אונ צושטעלנדיק אימ אײַער עקסעלענצ, אזויווי איכ אלײנ פארשטיי עס אונ ווי עס פארשטייט דאָס גאנצע אדלטומ פונ מײַנ אויעזד, — בעט איכ אונטערטעניק צו פויעלנ בא די העכסטע מאכט־אָרגאנענ אלצ, וואָס איר רעכנט פאר נייטיק אפ צו באשיצנ די רו אונ געפארלאָזיקײַט פונעמ אדלטומ...

אדל־מארשאל ל. יאנקאָווסקי״.

באקומענ דעמ בריוו פונ קאניעווער אויעזדישנ אדל־מארשאל, האָט דער קיעווער גובערניאלער אדל־מארשאל דעמ 31־טנ יול 1861־טנ יאָר אָנגעשריבנ אפנ נאָמענ פונעמ פירשט וואסילטשיקאָוו א בריוו, אינ וועלכנ ער האָט קלאָר געמאכט די באציונג פונעמ אדלטומ צו שעווטשענקאָנ אונ האָט דערציילט וועגנ יענע קלאנגענ, געשפרעכנ, וואָס גייענ אומ צווישנ אדלטומ אינ צוזאמענהאנג מיט שעווטשענקאָס לעוויַיע אונ מיט זײַנ קייווער.

אָט איז דער דאָזיקער בריוו:

„צו זײַנ דורכלויכט דעמ פירשט איל־אריאָנ איל־אריאָנאָוויטש וואסילטשיקאָוו.

דער קאניעווער אויעזדישער אדל־מארשאל האָט אינ זײַנ ראפאָרט פארנ 26־טנ יול האיאָר, נומ. 790, מיר מיטגעטיילט: אז אינ קאניעווער אויעזד האָבנ זיכ באוויזנ בייזווילקע פערזאָנענ, וועלכע נעמענ צונויפ אפ שעווטשענקאָס קייווער אונטער פארשיידענע אויסריידנ די אָרטיקע מעשטשאנעס אונ די

שכיינעסדיקע פויערימ, זיי פלאנצנ בא די לעצטע אײַנ האס צו די גוטבאזיצער. קעדיי מערער צערייצנ די געדאנקענ זייערע אונ צעפלאקערנ די געפילנ פונ האס צו די גוטבאזיצער אונ אויכ צו אנדערע שטאנדנ פונ העכערער בילדונג, דערציילנ זיי, זיי לייענענ פאר זיי אונ טײַטשנ אויס אפ זייער אויפנ ארטיקלענ אונ אויסצוגנ פונ פארשיידענע ווערק, צוגעפאסטע צו דעמ ציל, וואָס זיי האָבנ פאר זיכ געשטעלט, וועגנ די בלוטיקע געשעענישנ פונ דער הײַדאמאקישער שכיטע; די אָנפירער פונ די ראָצכישע באנדעס — גאָנטענ אונ זשעלעזניאקנ, מאָלנ זיי פאר די מאסנ אלס הייליקע העלדנ, אונ די שכיטע אליינ, וואָס איז, ווי זיי זאָגנ, געמאכט געוואָרנ מיט הייליקע מעסערס, שטעלנ זיי פאָר, ווי א גערעכטיקע זאכ, וואָס שאפט רומ פארנ היגנ פאָלק. צומ קייווער פונ שעווטשענקאָנ, ווערכנ, אדאנק דער ווירקונג פונ זײַנע פרײַנט, האָט דאָס פראָסטע פאָלק אָנגעהויבנ ערנ, ווי א נאָווי, אונ יעדער וואָרט זײַנס איז ווי געבאָט פארנ פאָלק, — ציִענ זיכ מאסנ באזוכער, אונ מע האלט אינ איינ רעדנ: וועגנ די האָפענונגענ פונ די פויערימ צו פארכאפנ אינגיכנ אומזיסט די פריצישע ערד; וועגנ דעמ, אז אינ שעווטשענקאָס קייווער זײַנענ פארגראָבנ הייליקע מעסערס; וועגנ דעמ, אז אינגיכנ וועט אָנקומענ א צײַט אונ מע וועט, ווי אמאָל, קוילנ די פריצימ, באאמטע אונ גאלאָכנטומ, וואָס באהאלטנ אויס פונעמ פאָלק זײַנע רעכט א. אז. וו.

אזויווי די באשריבענע לאגע אונ די קלאנגענ אליינ וועגנ דעמ, וואָס האָבנ זיכ פארשפרייט אומעטומ אינ אויעזד, — וועקנ בא די גוטבאזיצער אומרו, האָט קאניעווער אדל־מארשאל אינ נאָמענ פונעמ שטאנד, וואָס ער פירט מיט אימ אָנ, געבעטנ, איכ זאָל זיכ מישטאדל זײַנ פאר דער רעגירונג וועגנ אָנעמענ די נייטיקע מאָסמיטלענ אויסצומײַדנ די שעדלעכע פאָלגנ, וואָס קענענ פאָרקומענ פונ דער דאָזיקער פראָפאגאנדע, וואָס ווערט פארשפרייט.

אומאָפהענגיק פונ דעמ, האָב איכ באקומענ פונ די גוטבאזיצער, וואָס קומענ צו פאָרנ פונ קאניעווער אויעזד, יעדיִעס, אז צו שעווטשענקאָס קייווער ציט זיכ טאָגטעגלעכ א גוואלדיקע צאָל פארערער פונ די פויערימ, פונקט ווי צו א הייליקנ אָרט, אז שעווטשענקאָס ווערק: „הײַדאמאקעס”, „טאראס־נאכט” ווערנ פארשפרייט פאר א נישטיקער פרײַז אונ אויכ אומזיסט.

זײַענדיק אײַנשטימיק מיט דער מיינונג פונ קאניעווער אדל־מארשאל יאנקאָווסקי וועגנ דער דאָזיקער פראגע, געפינ איכ פונ מײַנ זײַט, אז קאָלזמאנ די אָנגעוויזענע ווערק זײַנענ געווענ א ריינ־ליטערארישער איניִענ אונ זײַנענ פארבליבנ אינ דער ספערע פונ געבילדעטע מענטשנ, — האָבנ זיי געוויס ניט געקענט מאכנ מיט זייער אינהאלט קיינ שעדלעכע ווירקונג אפ די לייענער; נאָר ווענ זיי ווערנ איצט פארשפרייט צווישנ פראָסטנ פאָלק מיט מינדלעכע אויסטײַטשונגענ, וואָס זײַנענ געווענדעט, ווײַזט אויס, אפ אופצוּוועקנ די לאנגפארלאָשענע סינע צווישנ די גוטבאזיצער אונ פויערימ, אונ ווערנ צעטיילט אומזיסט דורכ געוויסע פערזאָנענ אונ ווערנ אויסגעטײַטשט פאר די פויערימ אינ אזא זינענ, וואָס שטימט מיטנ באהאלטענעמ צוועק פונ די פראָפאגאנדע־פארשפרייטער; ווענ מע סטארעט זיכ אויסצומאָלנ די הולטײַעס פארנ פראָסטנ

פאָלק, ווי הייליקע העלדנ אונ כאָטש אפ אומדירעקטנ אויפנ באווירקנ די צוהערער אונ די לייענער, זיי זאָלנ איבערכאזערנ די אזוי געליבטע מײַסים: נעקאָמע, שכיטע אונ בלוט־פארגיסונג; וועג די דאָזיקע פראָפאגאנדע האָט זיכ אָנגעהויבנ זינט מע האָט אריבערגעטראָגנ שעווטשענקאָס קערפער אינ שטאָט קאניעוו אונ זינט עס האָט זיכ דאָרט באוויזנ שעווטשענקאָס טאלמיד, דער העך טשעסטאכאָווסקי, וועג, ענדלעכ, ס'האָט אומעטום אינ אויעזד זיכ פארשפרייט וועגנ דעמ א קלאנג צווישנ אלע שטאנדנ פונ דער געזעלשאפט,— דארפ מענ דענקענ, אז דאָס אלצ קענ ניט זײַנ אָנ קיינ שומ גרונט, עס מוזנ זײַנ אָנפירער, וואָס רעגנ אופ די געדאנקענ, האָבנדיק דערבײַ א באהאלטענעמ ציל, אונ געוויס שפילט אינ דער זאכ דער הער טשעסטאכאָווסקי, וואָס פריידיקט די הײַדאמאקישע אידייענ אונ בא זײַנ באגעגעניש מיט די פויערימ ווענדעט ער זיכ צו זיי מיט די ווערטער „זדראווסטוויטע, הײַדאמאקי״ — ניט די לעצטע ראָל.

כאָטש אפילע עס זײַנענ ניטאָ קיינ באשטימטע פאקטנ אפ באשולדיקנ וועמענ עס איז אינ דירעקטנ העצנ די פויערימ צו פארניכטנ די גוטבאזיצער אונ קיינער איז מיט אזוינע באווײַזנ ניט געקומענ, נאָר דאָס דאָזיקע באווײַזט נאָכ ניט, אז אזא מינ געדאנק זאָל ניט עקזיסטירנ אינדערעמעסנ. עס איז קיינ סאָפעק ניט, אז די מערהײַט באפעלקערונג איז ניט מיטגעריסנ געוואָרנ פונ דער פראָפאגאנדע, נאָר זי קענ שעדלעכ ווירקנ אפ איינציקע אונ, צוביס־לעכ, צוביסלעכ, פאנאנדערבלאָזנ דעמ געוואָרפענעמ פונק פונ סינע. אזעלכע איינציקע, ווי עס ראפאָרטירט דער קאניעווער אדל־מארשאל, איז שוינ צו באמערקנ לויט זייער געהיימקײַט אינ די שמועסנ אונ אינ זייער האלטנ זיכ, לויט זייער כמורנעקײַט, וואָס שפיגלט זיכ אָפ אינ זייערע אויגנ אונ אפנ פאָנעמ, זיי טאקע וועקנ אומרו בא די אײַנוווינער פונ קאניעוו אונ זײַנ ארומ. אויב ס'וועלנ באצײַטנס ניט אָנגענומענ ווערנ קיינ ענערגישע מאָסמיטלענ אפ ליקווידירנ די פראָפאגאנדע, קענענ נאָכפאָלגנ ערנסטע אומאָרדענונגענ, וואָס זאָלנ דראָענ מיט שטערנ די פערזענלעכע געפארלאָזיקײַט פונ די גוטבאזיצער.

האלטנדיק די דאָזיקע זאכ פאר זייער אנ ערנסטער, האָב איכ זיכ געשטעלט פאר א כויוו וועגנ דעמ אויבנדערמאנטנ שטעלנ צו קענטעניש אײַער דורכלויכט, ווי דעמ הויפט־נאטשאלניק פונעמ קאנט, וואָס איז אײַכ אלערהעכסט אָנפארטרויט געוואָרנ; דערבײַ... — האָב איכ די ערע אונטערטעניק בעטנ אײַער דורכלויכט, צוליב באשיצנ די רו אונ געפארלאָזיקײַט פונ די גוטבאזיצער פונ קאניעווער אויעזד, ניט פארמײַדנ געבנ די געהעריקע פאראָרדענונגענ אופצודעקנ די לײַט, וואָס פארשפרייטנ צווישנ די פויעריימ די הײַדאמאקישע אידייענ, באזײַטיקנ די שולדיקע, דערינ אויכ דעמ העך טשעסטאכאָווסקי פונ קאניעווער אויעזד; ליקווידירנ די ווירקונג פונ די דאָזיקע פערזאָנענ אפ די פויערימ אונ דאָס פארשפרייטנ צווישנ זיי ווערק, וואָס רעגנ אופ זייערע געדאנקענ; פארבאָטנ דעמ פראָסטנ פאָלק זיכ צונויפקלײַבנ אפ שעווטשענקאָס קייווער, אריבערטראָגנ דעמ קערפער פונעמ דאָזיקנ לעצטנ אינ אזא אָרט, ווו דאָס צונויפזאמלענ זיכ אונ די דעמאָנסטראציעס זאָלנ ניט קענענ האָבנ קיינ אָרט.

אײַער דורכלויכט! דאָס אדלטום פארבלײַבט בא זײַן פֿולסטער האָפֿענונגג, אז איר וועט זיך ניט אָפּזאָגן צו נעמען א לעבעדיקן אָנטייל אין דער דאָזיקער זאַך און איר וועט געבן די גוטבאזיצער אײַער הויך־אמטלעכע שוץ און מיט אײַער מאכט אָפּווענדן דעם דראָענדיקן אומגליק...

אײַער אונטערטעניקער דינער א. גאָרוואט".

וועגן א פארשווערונג אפֿ שעווטשענקאָס קייווער אין 1861־טן יאָר האָט אין קיִעוו געשריבן דער גוטבאזיצער פארטשעווסקי, ווען ער האָט געזען, אז צו שעווטשענקאָס קייווער גייען הונדערטער לײַבייגענע פֿון די ווײַטסטע פארוואָרפֿענע ווינקלען.

פארטשעווסקי האָט געשריבן:

„די שטאָט קאַניעוו איז דער צענטער פֿון דער פארשווערונג קעגן די גוט־באזיצער, און קאָרסון איז זיי אויך צו דער האנט. עס זײַנען דאָ זייער טע־טיקע אגענטן צווישן שעווטשענקאָס אָנהענגער. מיר זײַנען אפֿ א ווולקאַן. דאָס ניט וויסן אָדער די זאָרגלאָזיקײַט פֿון דער פּאָליציי איז צו באוווּנדערן. איך (ד. ה. דער גוטבאזיצער פארטשעווסקי—א. כ.) האלט פֿאר מײַן הייליקן פֿליכט צו וואָרענען וועגן דעם אײַער דורכלויכט און בעט באופֿטראָגן דעם הער זמיִעווסקי, ער זאָל קומען צו פֿאָרן אהער און זיך דערוויסן וועגן דער זאַך. די יעדיִעס, וואָס איך האָב, זײַנען ניט קיין אויסגעטראכטע, און יעדערן ווערט דאָך דערלויבט צו פארטיידיקן, ווער ווייסט, קען זײַן, זײַן לעבן. און די צײַט שטייט ניט.

12 יול 1861 יאָר. P. S. איך וואָלט געבעטן דעם דאָזיקן בריוו פֿארברענען".

(אגעוו, דער בריוו איז אָנגעשריבן געוואָרן אפֿ פראנצויזיש צוליב בעסערער קאָנספּיראציע — א. כ.).

אָט וויאַזוי די צארישע מאכט, די גוטבאזיצער, זשאנדארמען, פּאָליציי, די קירכע זײַנען צוגעגאנגען צו שעווטשענקאָס שאפֿונג, צום באערן זײַן אָנדענק.

עס איז פארשטענדלעך, פארוואָס האָבן זיי מיט אזא ווילדן האס באגעגנט אלערליי מיטיילונגען וועגן דעם, אז די פּאָלקס־מאסן גייען אפֿ שעווטשענקאָס קייווער און זיי באצייכענען זײַן יאָרצײַט.

דאָס אוקראַיִנישע, רוסישע, פּױלישע פריצנטום איז געווען קעגן באערן שעוו־טשענקאָס אָנדענק. בײַס זײַן לעבן האָבן זיי אים אָפּגעשיקט אין אָרסקער פעסטונג, זיי האָבן אים אונטערגעבראָכן פיזיש, און נאָכן טויט האָבן זיי געטאָן אלץ קעדיי אויס־וואָרצלען דעם אָנדענק וועגן אים בא די פּאָלקס־מאסן, פארפלעקן אים, צונישט מאכן דעם באטײַט פֿון שעווטשענקאָן, אלס א פֿויערשן רעוואָלוציִאָנער.

אין 1914־טן יאָר, ווען מע האָט געפײַערט דעם 100־יאָריקן יובילײ פֿון שעווטשענ־קאָס געבורט, האָבן די אוקראַיִנישע נאציִאָנאליסטן, וואָס זײַנען געגאנגען אין איינ־הײַטלעכן פראָנט מיט די רוסישע פריצים, געמאכט א פרווו שאָלעם צו מאכן צווישן שעווטשענקאָס טעטיקײַט און שאפֿונג מיט דער רוסישער מאָנארכיע, וואָס אנטקעגן איר, ווי באוווּסט, האָט ער דאָס גאנצע לעבן זײַנס געקעמפט.

עס איז אבסאָלויט קלאָר, אז דאָס איז געטאָן געוואָרן צוליב דעם, קעדיי צו פארקריפּלען דעם ווירקלעכן טאָך פֿון שעווטשענקאָס ווערק לויט די נאציִאָנאליסטישע

מוסטערן, און פון שעווטשענקאָן — דעם קעמפער קעגן דעם רוסישן צאַריזם, קעגן פּריצנטום, — מאַכן אַן אָנהענגער פונעם רוסישן פּריצנטום און צאַריזם.

איז אָט, אין דער צײַט ווען אין מעשעכ פון צענדליקער יאָרן פלעג דורכפאַלן די פראַגע וועגן אופשטעלן א דענקמאָל שעווטשענקאָן, האָט דער באַוווּסטער אוקראַי־נישער נאַציאָנאַליסט סערגיי יעפרעמאָוו אין 1919 יאָר אין זײַן בוך „שעווטשענקאָס קייווער" אַזוי געשריבן:

„מע דאַרף דאָ ניט קיין גרויסאַרטיקן דענקמאָל, ניט קיין שרײַענדיקן לוקסוס... זאָל די מעכטיקע נאַטור אַליינ, ווי ביז איצט, זײַן א דענקמאָל פאַר דעם, וועלכער האָט אַמערסטן ליב געהאַט דעם מענטשן און אויך די נאַטור, און האָט אין איר געשאַפן זײַן נאַטירלעכע זאַך" [1]).

ווי מיר זעען, האָט גרושעווסקי זיך באַמיט צו מאַכן פון שעווטשענקאָן א מאָנאַרכיסט, און יעפרעמאָוו מאַכט פון שעווטשענקאָן בלויז א מענטשן, וואָס „האָט ליב געהאַט די נאַטור און האָט אין איר געשאַפן זײַן נאַטירלעכע זאַך".

יעפרעמאָוו האָט, פונקט ווי גרושעווסקי, אַלץ געטאָן אַפּ אָפּצומעקן דעם אָנדענק וועגן שעווטשענקאָן, אַלס א גרויסן בונטאַר, אַלס א קעמפער פאַר באַפרײַען די פאָלקס־מאַסן פונעם סאָציאַלן און נאַציאָנאַלן יאָך.

כאַראַקטעריסטיש איז דאָס, וואָס פונקט ווי בייסן צאַריזם, אַזוי אויך בייס דער העטמאַנשטשינע, האָט קיינער אין טאָכ ערנסט ניט געזאָרגט וועגן אופשטעלן א דענקמאָל אַפּ שעווטשענקאָס קייווער. מיר האָבן געזען, אַז דער הער דאַראָשקעוויטש האָט געטומלט, געפּראַוועט זיצונגען, געפירט לאַנגע פּלאַפּלערײַען אַפּ באַאשווינדלען די אַרבעטנדיקע מאַסן, דער הער וויניטשענקאָ האָט אויך „גערעדעוועט", נאָר קאָנ־קרעט האָט קיינער גאָרניט געטאָן.

אַפּ אוקראַינע האָט מען אוועקגעשטעלט א מאָנומענט שעווטשענקאָן און אויך זײַן ביוסט אין 1919 — 1920 י. אָבער דער ערשטער ביוסט, וואָס די ראַטנ־מאַכט האָט אוועקגעשטעלט, איז צעבראָכן געוואָרן, רויִנירט געוואָרן דורכ די דעניקינצעס, בייס זיי האָבן פאַרכאַפּט קיִעוו אין 1919־טן יאָר, און שעווטשענקאָס ביוסט, וואָס איז אוועקגעשטעלט געוואָרן אָנשטאָט דער פיגור פון דער פירשטן אָלגאַ, איז רויִנירט געוואָרן דורכ די ווײַספּאָליאַקן, בייס זיי זײַנען געווען אין קיִעוו אין פרילינג 1920־טן יאָר.

אָט אַזאַ איז די געשיכטע פון קאַמפּ אַרום שעווטשענקאָס דענקמאָל ביז דער רעוואָליוציע און אין די ערשטע יאָרן נאָכ דער רעוואָליוציע.

צו דער דאָזיקער געשיכטע וועלן מיר צוגעבן איליוסטראַציעס, פון וועלכע עס איז צו זען, וויאַזוי די ברייטע אַרבעטנדיקע מאַסן האָבן געאַכטעט שעווטשענקאָס אָנדענק אין קעגנזאַץ צו דער שטעלונג צו שעווטשענקאָס אָנדענק מיצאַד די מאָ־נאַרכיסטישע, גאַלאָכישע, פּאָליציייִשע און פּריצישע באַנדעס. די דאָזיקע מאַסן האָבן זיך באַצויגן צו שעווטשענקאָן, ווי צו זייער גרויסן זינגער־בונטאַר, וועלכער האָט אין די ערגסטע און אין די שווערסטע צײַטן פון ניקאָלײַישער רעאַקציע אײַנגעשפּאַרט

[1]) С. Єфремов. Шевченкова могила, 1919, вид. т-ва „Просвіта“ Київ, стор. 46—47.

געקעמפט פאר די בעסטע באַפרײַערישע געדאנקען פונעם דערשלאָגענעם, פאַר־שקלאַפטן פויערטום. מיר ווילן באַווײַזן, וויאַזוי אינעם באַזוכער־בוך, וואָס אָפּ־שעווטשענקאָס קיִיווער, איז פאַרן מעשעכ 1917—1921 יאָרן אָפּגעשפּיגלט געוואָרן די געדאנקען פון צוויי פּײַנטלעכע קלאַסן — דער קלאַס פון ארבעטנדיקע, וואָס גייען אין שפּיץ מיטן פּראָלעטאריאַט און בויען די נײַע סאָציאַליסטישע געזעלשאַפט, און דער קלאַס אונטערדריקער, וואָס ווילן אומקערן אַלץ צום אַלטן און ווילן אָפּסנײַ ארופוואַרפן א סאָציאַלן און נאַציאָנאַלן יאָך אויף די אוקראַינישע ארבעטנ־דיקע מאַסן.

אָט לייענען מיר אינעם באַזוכער־בוך, וואָס ס'האָט דאָ פאַרצייכנט דעם 25־טן יונ 1917־טן יאָר דער פּאָדפּאָרוטשניק איוואַנאָוו.

אויף זײַט 59 שרײַבט ער:

„בענטש, טאַטע טאַראַס, אויף א קריג־טאַט! איך גיי דערוואָרבן קאָזאַקישן רום. פּאָדפּאָרוטשיק איוואַנאָוו. 1917 יאָר, 25־טער יונ".

ווי מיר זעען, האָט דער דאָזיקער „פּאָדפּאָרוטשניק" איוואַנאָוו אינעם 1917־טן יאָר פאַרגעזעצט דעם זעלבן געדאַנק וועגן שעווטשענקאָן, וואָס עס האָט ארויסגע־זאָגט מ. גרושעווסקי נאָך אין 1914־טן יאָר, אין זײַן ארטיקל צום 100־יאָריקן יובילײַ פון שעווטשענקאָס געבורט. דאָרט, ווי באַוווּסט, האָט גרושעווסקי געשריבן, אַז שעוו־טשענקאָ האָט ניט געקעמפט קעגן דער רוסישער צאַרישער רעגירונג, אַז ער איז ניט קעגן רעליגיע, אַז ער איז ניט קעגן דעם עקזיסטירנדיקן רעזשים. ווי מיר זעען, איז דער „פּאָדפּאָרוטשיק" איוואַנאָוו אויך פאַר דעם רעזשים, וואָס האָט עקזיסטירט אין 1914־טן יאָר, און ער האָט זיך אראָפּגעכאַפּט אויף שעווטשענקאָס קיִיווער, קעדײַ צו פאַרצייכענען מיט זײַן אָפּיצערישן טלאָ זײַן שוואַרצמייעדיקן, נאַציאָנאַליסטישן באַגער און בעטן „א בראָכע" באַם טאַטן טאַראַס.

אָבער ניט נאָר דער איינער „פּאָדפּאָרוטשיק" איוואַנאָוו האָט געשריבן אינעם באַזוכער־בוך.

דאָרטן זײַנען דאָ אויך אַזעלכע פאַרצייכענונגען:

„9־טער אווגוסט 1917־טן יאָר. איך האָב באַזוכט דעם קיִיווער פון דעם הייס־געליבטן פּאָעט טאַראַס גריגאָריעוויטש שעווטשענקאָ. דעלעגאַט פונעם ראַט פון די פּויערשע דעפּוטאַטן ק. ארטעמטשוק" (ז. 116).

אָדער ווײַטער:

„מיר שיקן דיר א גרוס פונעם ווײַטן צאָפן, גרויסער שרײַבער פון אוקראַינע, טאַראַס שעווטשענקאָ, דורכן פּאָרשטייער פון די רעוואָליוציאָנערע ארבעטער פון מאָסקווער געגנט, דורכן ארבעטער אַלעקסאַנדער וואָלאָסאָוויטש מאַליִנין" (ז. 313).

עס איז אָנגעקומען דאָס 1918 יאָר. און דעם 26־טן אַפּרעל קומט דאָס ערשטע מאָל אויפן קיִיווער א דײַטשישער אָפּיצער — דער לייטענאַנט פונעם „קיניגלעכן פּוסגייער־פּאָלק נומ. 7/400" — ערנסט בראַנדט. מיט זײַן אונטערשריפט אינעם באַ־זוכער־בוך פיקסירט ער, צו וואָס פאַר א לאַגע די אוקראַינישע נאַציאָנאַליסטן האָבן דערפירט אוקראַינע, פאַרקויפנדיק זי דעם דײַטשישן קײַזער, די דײַטשישע זשאַנ־דאַרמען.

נאָר אינעם זעלבן טאָג, די טינט פון ערנסט בראַנדטס אונטערשריפט האָט נאָך ניט באַוויזן אויסצוטריקענען, און לעמ זיין אונטערשריפט באַוויַזן זיך אַזוינע שורעס:

„מיר גיבן איבער, כאָוער טאַראַס, אַ אייביקן גרוס. קאָמוניסטן". (צוויי אונטערשריפטן).

מיט דער הילף פונעם דייטשישן שוצמאַן און פונעם קייזערס פאָלקן פייניקט פּאַוועל סקאָראָפּאַדסקי, דער העטמאַן פון אוקראַיִנע, די אוקראַיִנישע אַרבעטנדיקע.

און אָט דעמ 12־טן מיַי 1918־טן יאָר באַוויַזן זיך אינעם באַזוכער־בוך אַזעלכע ווערטער:

„טאַטע! ניט מיט קיין פּערז באַגריס איך דיך, נאָר פונעם האַרצן, מיט טרערן ווענד איך זיך צו דיר: ווען דו וואָלסט אופגעשטאַנען, וואָלסטו דער־זען פּאַוועל סקאָראָפּאַדסקין, וועלכער ברענגט אום זיין פאָלק... 12־טער מיַי 1918 יאָר. באַכמוטער פּאָוויט, אַפּ קאַטערינאָסלאַוושינע. פּ. דודניק" (ז. 223).

אין יענער צייַט איז שעווטשענקאָס קייווער געוואָרן אַ פּונקט, ווו אַ באַשטימ־טער טייל אַרבעטער און רעוואָליוציאָנער־געשטימטע פּויערים פיקסירן זייערע פּאָ־ליטישע געדאַנקען.

דעמ 16־טן מיַי 1918־טן יאָר לייענען מיר אינעמ באַזוכער־בוך אַזעלכע ווערטער:

„און עס וועלן אופוואַכן אַלע מענטשן, די אַרבעטנדיקע מענטשן, און וועלן באַפּוילן די בלוטזויגער ניט טרינקען מער קיין בלוט. ניט די העטמאַ־נעס וועלן הערשן..." (ז. 230).

און ווייַטער:

„ס'האָבן זיך באַוויזן העטמאַנעס,
זיי האָבן די פרייַהייַט אין קייטן פאַרשמידט,
און מיט שווערער בייזער קראַפט
אונטערדריקן זיי דאָס פאָלק..."

אָבער:

„ס'וועט אופוואַכן דער עמעס, ס'וועט אופוואַכן די פרייַהייַט,
און די העטמאַנעס, די בייזע זשופּאַנעס באַשטראָפט וועלן ווערן".

(אונטערשריפט — אַרבעטער פון קאַטערינאָסלאַוו — אַ. קאָלבאַסאַ).

אָדער אַזאַ אופשריפט:

„אָ, ס'איז אַ צאָרע, אַן אומגליק אונדז! ניט באַוויזן אייַנע קייטן אַראָפּוואַרפן, און שוין ווידער די טיראַנען — די מענטשנפרעסער שמידן אַנדערע, פון קנעכטשאַפט און פאַרשקלאַפונג. אין קיִעוו אַפן טראָן איז ווידער דער העט־מאַן — דער מאָנאַך זיצט... וויפל די קויכעס וועלן אונדז טראָגן, וועלן מיר קעמפן פאַר אַרבעט און עמעס.

אַרבעטער פון קאַטערינאָסלאַוושטשינע — פּעטראָ שעווטשענקאָ" (ז. 232).

אינעמ זעלבן בוך שרייַבט אַ פּויער פון כאַרקאָוושטשינע:

„מיר האָבן פאַרלאָרן דאָס, וואָס מיר האָבן געפונען. ווידער טוען אָן אונ־דזערע סאָנים — די פּריצים — קייטן אַפּ דייַנע ברידער. ניין, ניין, טאַטע, זייַ ניט אומרויִק, מיר זייַנען נאָך ניט פאַרשמידט, פאַר אונדז גרייט מען ערשט די קייטן, זיי וועלן אָבער ניט פאַרשמידן! פּויער פון כאַרקאָוושטשינע" (ז. 235).

דעם 22־טן מײַ 1918־טן יאָר האָבן די שילער פון באָבריצקער שול, וואָס האָבן באַ־זוכט דעם קיִיווער, פאַרשריבן אַזוינס:

„אָך, דו טאַטע טאַראַס, קוק אַרויס פונעם קיִיווער, גיב אַ קוק מיט דײַנע אויגן, וואָס ס'טוט זיך אַף אוקראַיִנע, וויאַזוי זי לעבט איצט און בידעוועט אין נויט, קעמפנדיק פאַר עמעס, פרײַהײַט, גלײַכהײַט און ברודערשאַפט און וויאַזוי די סאָנים האָבן זי באַהערשט. באַזוכט האָבן די שילער פון באָבריצ־קער שול". (אסאַב אונטערשריפטן, ז. 235).

און אָט זײַנען ווערטער פון אַן אַרבעטלאָזן:

„...ער האָט געשניטן אַלץ, וואָס האָט זיך אָנגערופן פּאָרעץ" (פון „וואַרנאַק"). לייענענדיק „וואַרנאַק", האָב איך פאַרשטאַנען, אַז דו ביסט אַ פּאָעט ניט בלויז פון איין נאַציע, נאָר פון דער גאַנצער אַרבעטנדיקער מענטשהײַט. רום און לויב דיר פון די אַרבעטלאָזע פּראָלעטאַריער. 24־טער מײַ 1918־טן יאָר. ט. לעוואַ" (ז. 243).

אין דער צײַט, ווען די אַרבעטער־פויערשע מאַסן האָבן, באַזוכנדיק שעווטשענ־קאָס קיִיווער, פאַרצייכנט אין בוך ווערטער פון ליידן און קאַמף קעגן דעם דוירעס־דיקן יאָך, זײַנען אַפן קיִיווער אויך געקומען פּריצים, אָפיצערן א. אַנד.

אָט, צום בײַשפּיל, לייענען מיר פאַרן 13־טן יולי 1918־טן יאָר אַזוינע שורעס:

„אָנגעקומען בעשאָלעם. אַ גרוס דיר, טאַטע! קאָרנעט וו. גלוכאָוו".

די שוואַרצמייעניקעס, ווי מיר זעען, האָבן ניט דורכגעלאָזט שעווטשענקאָן און פון צײַט צו צײַט האָבן זיי באַזוכט זײַן קיִיווער.

ווײַטער לייענען מיר אַזעלכע ווערטער, דאַטירט 1920 יאָר.

אַ מאַטראָס פונעם באַלטישן פלאָט האָט אינעם דאָזיקן בוך פאַרשריבן:

„זײַ געזונט, קאָבזאַר פון פרײַער אוקראַיִנע,
אַפן ווײַטן צאָפן פאַר איך,
דײַנע דיכטונגען, געבאָטן, לידער
וועלן דעם גאַנצן לעבן מיר דינען פאַר אַ לײַכט־טורעם.

מאַטראָס פון באַלטישן פלאָט, וו. סאַבאָליעוו. 3 יוני 1920 יאָר".

אין 1920־טן יאָר האָבן די ווײַספּאָליאַקן געמאַכט אַ פּרוּוו צו פאַרכאַפּן, צוזאַמען מיט די פּעטליוראָווצעס, אוקראַיִנע אין זייערע לאַפּעס. און דער דאָזיקער קאַמף פון די אַרבעטנדיקע קעגן דעם פויליש־פּעטליורישן אָנפאַל האָט אויך געפונען אַן אָפּשפּיגלונג אינעם באַזוכער־בוך פון שעווטשענקאָס קיִיווער.

אַף די זײַטן פונעם בוך זײַנען געמאַכט געוואָרן אַזעלכע פאַרצייכענונגען:

„1920־טן יאָר, דעם 12־טן יוני קערן מיר זיך אום קיין קיִעוו נאָך 40 טעג הערשאַפט פון די פּריצים און פאַרעטער פונעם אַרבעטער־קלאַס, מיר קערן זיך אום, קעדיי אופצושטעלן די פרײַהײַט און צו פאַרבעסערן דעם גורל פון די אַרבעטנדיקע פון אוקראַיִנע.

עס שטאַרבט ניט אונדזער עמעס
עס שטאַרבט ניט אונדזער פרײַהײַט.

קאָמוניסטן: ס. לעבעדיעוו, א. אַלעקסייעוו, ק. גאַוועמאַן, מיכ. רעוט, וואַסילי וועדענסקי, יאַקיר, טשעקאַלענקאָ, ס. רעוט א. אַנד."



849—9

איינע פון די לעצטע פאַרצייכענונגען פונעם 1920־טן יאָר — ווײַזט אויס, אַ פאַרצײ־
כענונג פון אַן אָפיצער, וואָס איז אַנטלאָפן פון דער ווײַסער אַרמײ:

„אויך איך בין דאָ געווען, נאָר ניט מיטן ציל צו באַזוכן, נאָר מיט אַ ציל,
וואָס איז אַ שאַנדע פאַר דײַנע קאָזאַקן: באַהאַלטן זיך בין איך געקומען פון
זייער צעבונטעוועט בלוט. ווען וועט שוין אַ סאָף נעמען?" (אונטערשריפט)
5־טער אָקטיאַבער, 1920־טן יאָר (ז. 402).

די דאָזיקע פאַרצייכענונגען אינעם בוך פון די באַזוכער פון שעווטשענקאָס קײַווער שפּיגלען אָפּ נאָכאַמאָל דײַטלעך די ליבע און אופמערקזאַמקייט מיצאַד די ברייטע אַרבעטנדיקע מאַסן צו שעווטשענקאָן, צו זײַן אָנדענק, פון איין זײַט, און פון דער צווייטער זײַט, שפּיגלען זיי אָפּ די באַציִונג צו אים מיצאַד די אוקראַיִנישע נאַציִאָנאַליסטן, רוסישע שוואַרצמייעניקעס א. אַנד. די אוקראַיִנישע נאַציִאָנאַליסטן צוזאַמען מיט די רוסישע שוואַרצמייעניקעס האָבן אַלץ געטאָן אָפּ צו שענדן דעם אָנדענק פון שעווטשענקאָן, אָפּ פאַרקריפּלען זײַן געשטאַלט אין דער פאָרשטעלונג פון די ברייטע אַרבעטנדיקע מאַסן, אָפּ מאַכן צונישט שעווטשענקאָס היסטאָרישן באַטײַט אין קאַמף קעגן דעם רוסישן צאַריזם, אָפּ מאַכן צונישט זײַן אָרט אינעם קאַמף פאַר סאָציִאַלער און נאַציִאָנאַלער באַפרײַונג אין דער עפּאָכע פון ניקאָלײַ דעם ערשטן און אַלעקסאַנדער דעם צווייטן.

## 10

בלויז די ראַטנמאַכט האָט געקענט באַערן ווי עס געהער צו זײַן דעם אָנדענק פון ט. ג. שעווטשענקאָ, פונעם דאָזיקן גרויסן בונטאַר, וואָס האָט דאָס גאַנצע לעבן זײַנס געווידמעט דעם קאַמף פאַר סאָציִאַלער און נאַציִאָנאַלער באַפרײַונג פון די אוקראַיִנישע אַרבעטנדיקע מאַסן.

אָבער אויך דאָ האָבן פאַרשיידענע נאַציִאָנאַליסטישע קאָנטררעוואָלוציִאָנערע עלעמענטן, וואָס האָבן פאַרמיסטיקט אונדזערע קולטור־עלע און אַנדערע אָרגאַניזאַציעס, אָן אַ שיר געשטערט, און בלויז נאָכדעם ווי מיר האָבן צעשמעטערט דאָס דאָזיקע נאַציִאָנאַליסטישע געזינדל, האָבן מיר זיך דערשלאָגן פּאָזיטיווע רעזולטאַטן אין דער דאָזיקער זאַך.

דעם 20־טן אויגוסט 1925־טן יאָר האָט דער ראַטפאָלקקאָם אוסרר באַשטימט אָנצונעמען אַ רײ מאָסמיטלען אָפּ ברענגען אין אָרדענונג שעווטשענקאָס קייווער און באַצייכענען זײַן אָנדענק.

אָט איז די דאָזיקע באַשטימונג:

„נעמענדיק אין אַכט דעם גרויסן באַטײַט פון ט. ג. שעווטשענקאָס קײַ־
ווער פאַר דער אוקראַיִנישער קולטור, האָט דער ראַטפאָלקקאָם אוסרר באַ־
שטימט:

1. דערקלערן די טעריטאָריע פון ט. ג. שעווטשענקאָס קייווער אַרום דער שטאָט קאַניעוו אָפּן שטעכן פון 4 דעסיאַטינען פאַר אַ מעלוכישן רעזערוואַט (זאַפּאָוועדניק).

דעם קייווער איבערגעבן אינעם רעשוס פון פאָלקאָמבילד און אַרופלייגן אָפּ אים די פליכטן אָפּצוהיטן אים.

3. פארלייגנ דעמ פאָלקאָמבילד, ער זאָל פאָרויסזענ אינ זײַנ סמעטע אפנ 1925—1926 ביודזשעט־יאָר די נייטיקע מיטלענ אפ אָרגאניזירנ דעמ רעזערוואט אונ אָפהיטנ דעמ קייווער.

כארקאָוו, 20־טער אווגוסט 1925־טער יאָר".

אינ 1927־טנ יאָר האָט דער פאָלקאָמבילד אוסרר דערקלערט א קאָנקורס אפ צוגרייטנ א פראָיעקט פאר שעווטשענקאָס דענקמאָל. פונדעסטוועגנ איז דער דאָזיקער קאָנקורס אראָפגעריסנ געוואָרנ, ווײַל אינ קאָמיטעט, וועלכנ ס׳האָט געשאפנ מ. סקריפניק, זײַנענ אריינ א ריי שעדיקער־נאציִאָנאליסטנ, אזעלכע ווי מ. יאוואָרסקי, א. ריטשיצקי, יו. אָזערסקי, א. פריכאָדקאָ, דאָראָשקעוויטש, וואָס האָבנ אוועקגעלייגט אלע זייערע קויכעס אפ אראָפרײַסנ די מאָסמיטלענ פונ דער ראטנמאכט צו באערנ שעווטשענקאָס אָנדענק.

דער פאָלקאָמבילד, אונטער דער אָנפירונג פונ סקריפניקנ, האָט ניט בלויז גאָרניט געטאָנ, ער האָט נאָכ אפילע געשטערט רעאליזירנ די באשטימונג פונ דער ראטנמאכט וועגנ דער דאָזיקער פראגע. אונ עס איז ניט קיינ כידעש, פארוואָס דעמ 30־טנ דעקאבער 1927־טנ יאָר האָט דער שעווטשענקאָ־קאָמיטעט, קאָנסטאטירנדיק דעמ דורכפאל פונעמ קאָנקורס, פארפיקסירט, אז דער דאָזיקער דורכפאל איז פאָרגעקומענ איבער „אָביעקטיווע סיבעס". די זאכ, פארשטייט זיכ, איז באשטאנענ ניט אינ די „אָביעקטיווע סיבעס", ווײַל די ראטנמאכט, וואָס האָט יאָריערלעכ באערט דעמ אָנדענק פונ שעווטשענקאָנ, אלס בארימטנ פאָעט־רעוואָליוציִאָנער, אלס קעמפער קעגנ פריצישנ יאָכ, האָט אלצ געטאָנ אפ ברענגענ אינ אָרדענונג שעווטשענקאָס קייווער, שטעלנ אימ א ווירדיקנ דענקמאָל, ארויסגעבנ זײַנע ווערק אינ אנ אקאדעמישער אויסגאבע א. אנד. אָבער די אוקראִינישע נאציִאָנאליסטנ־שעדיקער, אייניקע פונ זיי אפילע מיט פארטיי־בילעטנ, האָבנ אלצ געטאָנ אפ אראָפצורײַסנ אלע מאָסמיטלענ פונ דער ראטנמאכט.

דער קאָנקורס אפ א פראָיעקט פונעמ דענקמאָל איז דערקלערט געוואָרנ צוויי מאָל אונ יעדנ מאָל האָט מענ אימ אראָפגעריסנ. די סיבעס פונעמ דאָזיקנ אראָפרײַס זײַנענ באשטאנענ אינ דעמ, וואָס סקריפניק, וואָס איז געשטאנענ אינ שפיצ פונ דעמ נאציִאָנאליסטישנ אָפנויג אינ די רייענ פונ דער קפ(ב)או אונ האָט געקעמפט קעגנ דער לענינישער נאציִאָנאלער פאָליטיק אינ אוקראִינע, אונ דער פאָלקאָמבילד פונ אוקראִינע, אונטער דער אָנפירונג פונ סקריפניקנ, האָבנ אינ דער דאָזיקער פראגע אינ טאָכ אראָפגעריסנ די מאָסמיטלענ פונ דער פארטיי.

מע דארפ דערמאנענ דעמ קאמפ, וואָס סקריפניק האָט געפירט אינ 1929—1930 יאָר קעגנ כארקאָווער פארטיי־אָרגאניזאציע, ווענ אינ איר שפיצ איז געשטאנענ כ׳ פאָסטישעוו.

פירנדיק דעמ קאמפ קעגנ דער כארקאָווער פארטיי־אָרגאניזאציע, בא דער אקטיווער שטיצע פונ אזעלכע נאציִאָנאליסטנ, ווי יאוואָרסקי, באָדאנ, ערסטעניוק, אָזערסקי א. אנד.,—האָט סקריפניק געקעמפט קעגנ די אלע מאָסמיטלענ, וואָס דער כארקאָווער פארטיי־קאָמיטעט האָט דורכגעפירט אינעמ געביט פונ בויענ די אוקראִינישע סאָוועטישע קולטור.

אינ 1929־טנ יאָר האָט כארקאָווער קרײַזפארטקאָמ, לויט דער איניציִאטיוו פונעמ כ׳ פאָסטישעוו, געשטעלט די פראגע וועגנ אויסבויענ די כארקאָווער אָפערע. לויט

כ׳ פּאָסטישעווס פאָרשלאַג, האָט דער כאַרקאָווער פּאַרטיי־קאָמיטעט און דער כאַרקאָווער שטאָטראַט באַשטימט צו בויען אין כאַרקאָוו א דענקמאָל שעווטשענקאָן. אינעם זעלבן 1929־טן יאָר איז דערקלערט געוואָרן א ספּעציעלער צווישנפעלקערלעכער קאָנקורס אף א פּראָיעקט פונעם דענקמאָל.

אָט האָבן מיר א באַשלוס וועגן דער דאָזיקער פראַגע פון כאַרקאָווער פּאַרטיי־קאָמיטעט. וואָס איז אַרויסגעטראָגן געוואָרן לויטן פאָרשלאַג פונעם כ׳ פּאָסטישעוו:

„באַשטימונג פון דער ביוראָ פון כאַרקאָווער קרייזקאָם קפּ(ב)או פון 1־טן יונ 1929־טן יאָר.

געהערט: וועגן א דענקמאַל ט. ג. שעווטשענקאָן (כ׳ פּאָסטישעוו).

באַשטימט: האַלטן פאַר נייטיק, אז אין כאַרקאָוו, ווי אין א הויפּט־שטאָטישן צענטער פון ראַטן־אוקראַינע, זאָל אין 1929־30 יאָר אוועקגעשטעלט ווערן א דענקמאָל ט. ג. שעווטשענקאָן.

באַאויפטראָגן די פראַקציעס פון קרייז־אויספּירקאָם און שטאָטראַט דורכפירן די דאָזיקע באַשטימונג פון קרייזפּאַרטקאָם דורכן פּאַרטייניקטן פּרעזידיום פון קרייז־אויספּירקאָם און שטאָטראַט און אויך אַסיגנירן אינעם 1929־30 יאָר די נייטיקע מיטלען אפן דענקמאָל.

האַלטן פאַר נייטיק צו דערקלערן א קאָנקורס אף א פּראָיעקט פון א דענקמאָל אין אַלפאַרבאַנדישן מאַסשטאַב און שאַפן א קאָמיטעט פון פאָרשטייער פון אַרבעטער־אָרגאַניזאַציעס, שרייבער, לערערשאַפט, פּראָפעסור און קונסט־טוער. דעם באַשטאַנד פונעם קאָמיטעט קאָנטאַקטירן מיטן קרייזפּאַרטקאָם.

באַאויפטראָגן די רעדאַקציעס פון די צייטונגען „קאָמוניסט“, „קאָמסאָמאָליעץ אוקראַיני“, „כאַרקאָווסקי פּראָלעטאַר“ און דער אַרבעטער־צייטונג „פּראָלעטאַר“, זיי זאָלן ברייט באַלויכטן די דאָזיקע פראַגע אין דער פּרעסע.

סעקרעטאַר פון קרייזפּאַרטקאָם פּאָסטישעוו“.

כוצדעם איז אָנגענומען געוואָרן א ריי אַנדערע מאָסמיטלען אף פּראַקטיש פאַנאַנדערוויקלען דעם קאָנקורס. אף א פּראָיעקט פאַר שעווטשענקאָס דענקמאָל, אף בויען דעם אָפּערע־טעאַטער און אַנדערע.

אָבער קעגן דער דאָזיקער גראַנדיעזער אַרבעט, וואָס די כאַרקאָווער פּאַרטיי־אָרגאַניזאַציע, באַזונדערס דער כ׳ פּאָסטישעוו, האָבן פאַנאַנדערגעוויקלט אינעם געביט פון קולטור־נאַציאָנאַלער בויונג, איז אַרויסגעטראָטן סקריפּניק.

קעדיי דיסקרעדיטירן די דאָזיקע אַרבעט, האָט סקריפּניק אָנגעשריבן אן אַרטיקל „אַרום דער אָפּערע־בויונג“.

אין דעם דאָזיקן אַרטיקל האָט ער געשריבן:

„מיצאַד דעם קרייז־אויספּירקאָם און אַנדערע אָרגאַניזאַציעס איז ניט נאָר ניט געווען קיין געדאַנק צו העלפן אָדער צו רעכענען די דאָזיקע זאַך פאַר זייער אייגענער זאַך, נאָר פאַרקערט, זיי האָבן אַרויסגעוויזן אן אָקשאָנעסדיקן טעמפּן ווידערשטאַנד, וואָס האָט געבראַכט דערצו, אז מיר האָבן נישט אין כאַרקאָוו קיין מאָסמיטלען פאַר קולטורעלער אויפווירקונג אף דער אַרבעטערשאַפט פון כאַרקאָווטשינע“ [1].

---

[1]) М. Скрипник. „Навкєло оперової будівлі“. Комуніст“ 11. VIII. 1929.

ווי מיר זעען, איז אין דער צייַט, ווען כארקאָווער פארטיי־אָרגאניזאציע האָט אוועקגעשטעלט די פראגע וועגן פאנאנדערוויקלען די קולטור־בויונג אין כארקאָוו, אין דער דעמאלטיקער הויפשטאָט פון אוקראינע, ווען זי האָט אוועקגעשטעלט די פראגע וועגן פאנאנדערוויקלען די בויונג פון דער אָפערע און פון שעווטשענקאָס דענקמאָל, אין דער צייַט, ווען ס'איז גלייַכצייַטיק מיט דעם דורכגעפירט געוואָרן א קאפיטאלער רעמאָנט פונעם טעאטער „בערעזיל", ס'איז אָרגאניזירט געוואָרן דער אוקראינישער טעאטער פון דער מוזיקאלער קאָמעדיע און עס איז דורכגעפירט געוואָרן א ריי אנדערע מאָסמיטלען לויט דער ליניע פון בויען די אוקראינישע סאָוועטישע קולטור,— אין דער זעלבער צייַט טרעט ארויס סקריפניק און דיסקרעדיטירט די דאָזיקע מאָסמיטלען און באטאָנט, אז „מיר האָבן ניט אין כארקאָוו קיין מאָסמיטלען פאר קולטורעלער אופווירקונג אפ דער ארבעטערשאפט פון כארקאָוושטשינע".

נאָר די זאך באשטייט ניט נאָר אין דעם.

דער כ' פאָסטישעוו האָט אפן פלענום פון כארקאָווער קרייַזפארטקאָם דעם 23־טן פעווראל 1930־טן יאָר געזאָגט:

„כארקאָווער פארטיי־אָרגאניזאציע אין שפיץ מיטן קרייַזקאָם האָט געקענט מאָביליזירן די ברייטע געזעלשאפטלעכקייַט ארום דעם 3־כוידעשניק פון נאצ־קולט־בויונג, ארום דעם שאפן דעם אָפערע־טעאטער, ארום דעם אופשטעלן א דענקמאָל שעווטשענקאָן און אוועקשטעלן די דאָזיקע פראגע אפ פראקטישע רעלסן. אייניקע כאווײרים האָבן געטייַנעט: צוליב וואָס דארף מען אין כארקאָוו שטעלן א דענקמאָל שעווטשענקאָן? די דאָזיקע כאוויירים פארגעסן, אז כארקאָוו איז איצט ניט נאָר א קאָלאָסאלער אינדוסטריעלער, נאָר אויך א הויפשטאָטישער צענטער פון דער ראטן־אוקראינע. די קליינבירגערלעכע נאציאָנאליסטישע עלעמענטן שרייַען, אז דאָס גייַסטיקע היימלאנד פון טאראסן איז קיעוו (זיי מיינען דאָ ניט דעם פראָלעטארישן קיעוו, נאָר דעם „אלטן" קיעוו, ד. ה. זייַנע מעשטשאניש־שאָוויניסטישע עלעמענטן).

דער טאָכ, דער יעסאָד פון טאראסן איז אין זייַן רעוואָליוציאָנערער שאפונג, וועלכע האָט אָפגעשפיגלט די דוירעסדיקע אומצופרידנקייַט, דעם בונט פונעם ארבעטנדיקן פויערטום קעגן די גוטבאזיצער, קעגן די גווירים. דאָס אָרט פונעם דאָזיקן טאראס איז ניט נאָר אין קיעוו, נאָר אויך, און פריער פאר אלץ, דאָ — אינעם פראָלעטארישן און פאָליטישן צענטער פון אוקראינע, אין דער נייַער היים, ווו ס'אנטוויקלט זיך די פראָלעטארישע אוקראינישע קולטור"[1].

גאָר אן אנדער געדאנק האָט וועגן דער דאָזיקער פראגע ארויסגעזאָגט מ. סקריפניק. דאָס באשטעטיקט נאָכאמאָל, אז סקריפניק האָט געפירט א ליניע אפ דיסקרעדיטירן די מאָסמיטלען, וואָס די כארקאָווער פארטיי־אָרגאניזאציע, אין שפיץ מיטן כ' פאָסטישעוו, האָט דורכגעפירט אין דער פראגע פון בויען די אוקראינישע סאָוועטישע קולטור.

[1]) כ' פאָסטישעווס רעדע אפן פלענום פון כארקאָווער קרייַזפארטקאָם דעם 23־טן פעווראל 1930 יאָר „די נאציאָנאלע פראגע אינעם רעקאָנסטרוקטיוון פעריאָד".

וויִאזוי האָט סקריפּניק באַהאַנדלט די פראגע וועגן אויסבויען דעם אָפּערע־טעאַ־טער און שעווטשענקאָס דענקמאָל?

וועגן דעם האָט ער אזוי געזאָגט:

„אָנהייבן זייַנען געווען אסאך, נאָר שטענדיק האָט כארקאָווער איניציִאַ־טיוו ניט געבן קיין רעזולטאטן“ [1].

פארשטענדלעך, אז סקריפּניק האָט דאָס אלץ גערעדט, קעדיי אונטערשטרייַכן, אז די כארקאָווער פארטיי־אָרגאניזאציע, הייסט עס, באַגרענעצט זיך בלויז מיט פּלאַפּ־לערייַ, און אין טאָך, הייסט עס, האָט זי גאָרניט געטאָן פאר פאנאנדערוויקלען די בויונג פון דער אוקראַיִנישער סאָוועטישער קולטור.

די כארקאָווער אָרגאניזאציע האָט לויט דער איניציִאַטיוו פונעם כ׳ פּאָסטישעוו אוועקגעשטעלט די פראגע וועגן אופבויען א דענקמאָל שעווטשענקאָן. דאכט זיך, אז דער פּאָלקאָמבילד האָט געדארפט נעמען דעם אקטיוווסטן אָנטייל אין דער דאָזיקער אר־בעט. נאָר וואָס זעען מיר?

סקריפּניק האָט געשטעלט די פראגע אזוי:

„מיך וווּנדערט זייער, ווען מע זאָגט „איצט, אז כארקאָווער אויספירקאָם קען געבן אפ דעם בלויז א באַשטימטע סומע, אויסרעכענענדיק, אז דער פּאָל־קאָמבילד וועט נעמען די איניציִאַטיוו און די זאָרגן אפ זיכערן די איבעריקע סומע פונעם מעלוכע־ביודזשעט.

איך בין דערמיט ניט מאסקים לויט צוויי ריכטונגען. ערשטנס, ארי־בערפירן א טייל הויצאָעס פון שעווטשענקאָס דענקמאָל אין כארקאָוו פונעם אָרטיקן ביודזשעט אפן מעלוכישן — באַטייַט פּאַרקריפּלען דעם טאָך און די באַ־דייַטונג פון כארקאָווער איניציִאַטיוו, דאָס באַטייַט זיך שטעלן אין קאָנקורענץ צום דורכפירן די בויונג פונעם דענקמאָל אין קאניעוו אפ שעווטשענקאָס קיי־ווער. לויט מייַן מיינונג, קען מען דאָ אין כארקאָוו אפ דער בויונג פון שעוו־טשענקאָס דענקמאָל ניט דערלאָזן ניט קיין אלוקראַיִנישע מיטלען־זאמלונג, ניט קיין מעלוכע־דאָטאציע, ווייַל דאָס וואָלט באַטייַט אראָפּרייַסן די בויונג פונעם דענקמאָל אין קאניעוו“ [2].

ווי באַוווּסט, האָט דער אלוקראַיִנישער קאָמיטעט אפ אויסבויען א דענקמאָל אין קאניעוו צוויי מאָל דערקלערט אן אלוקראַיִנישן קאָנקורס אפ א פּראָיעקט, און ביידע מאָל איז דער קאָנקורס אראָפּגעריסן געוואָרן איבער דעם, וואָס אין קאָמיטעט זייַנען געזעסן אסאך אוקראַיִנישע נאציִאָנאליסטן, דער צווייטער קאָנקורס האָט אויך ניט געגעבן קיינע רעזולטאטן, ווייַל אויך סקריפּניק אליין, ווי דאָס איז צו זען פון זייַנע ארויסזאָגונגען, איז געווען קעגן דער בויונג פונעם דענקמאָל.

עס איז אינגאנצן קלאָר, און דאָס איז אפאָנעם קלאָר געווען פאר סקריפּניקן, אז אויב עס איז אראָפּגעריסן געוואָרן די בויונג פון שעווטשענקאָס דענקמאָל אפן קייווער, אויב דער קאָנקורס, וואָס האָט זיך אָנגעהויבן אין 1927־טן יאָר און האָט זיך געצויגן ביזן 1929־טן יאָר, האָט גאָרניט געגעבן, וואָס־זשע פאר א רייד האָבן גע־קענט זייַן וועגן קעגנשטעלן דעם כארקאָווער דענקמאָל צו דעם דענקמאָל פון

[1] М. Скрипник. „Навколо оперової будівлі“. „Комуніст“ 11. VIII. 1929.

[2] דאָרטן.

קאנ־עוו? דאָס איז דאָכ א פאקט, אז אינ 1929־טנ יאָר, ד. ה. אינ 2 יאָר נאָכנ דערקלערנ דעמ קאָנקורס, איז ניט געווענ ניט קיינ פראָיעקט, עס איז אויכ ניט געווענ קיינ דענקמאָל.

סקריפניק האָט קלוימערשט מוירע געהאט פאר א „קאָנקורענצ” צווישנ דעמ קאַנ־עווער דענקמאָל אונ דעמ כארקאָווער, אונ אינ טאָכ האָט ער אלצ געטאָנ אפ צו־נישט מאכנ, ארויפצווארפנ די איניציאַטיוו פונ כארקאָווער אָרגאניזאציעס, אפ ארויפ־רײַסנ כ׳ פאָסטישעווס פאָרשלאג.

אזויארומ, צוליבטוענדיק די אוקראַיִנישע נאציאָנאליסטנ, האָט סקריפניק דורכ־געוואלגערט דאָס אופשטעלנ א דענקמאָל אפ שעווטשענקאָס קייווער אונ האָט אויכ גע־וואָלט דורכוואלגערנ די בויונג פונעמ דענקמאָל אינ כארקאָוו.

נאָר דאָס איז נאָכ ניט אלצ. אינעמ זעלבנ ארטיקל „ארומ דער אָפערע־בויונג” האָט סקריפניק ווײַטער געשריבנ:

„מיר ווײַזט זיכ אויס אונ בא מיר איז אזא אײַנדרוק, אז אייניקע פונ די כארקאָווער כאווײרימ האָבנ זיכ אָנגעכאפט פאר דער איניציאַטיוו אופצובויענ די אוקראַיִנישע הויפטשטאָטישע אָפערע אונ שעווטשענקאָס דענקמאָל אינ כאר־קאָוו, ארויסגייענדיק פונ אבסאָליוט באזונדערע זייערע מיינונגענ, וואָס האָבנ קיינ שומ געמיינזאמס ניט מיט דער ליניע, וואָס עס פירט די רעגירונג, די צענ־טראלע אונ כארקאָווער פארטיי־אָרגאניזאציעס. כארקאָווער אָרגאניזאציעס באַ־טראכטנ די דאָזיקע פראגע אינעמ אספעקט פונ דער גאנצער בויונג פונ דער אוקראַיִנישער סאָוועטישער קולטור. נאָר באזונדערע עלעמענטנ שטעלנ זיכ אינ א געוויסע מאָס קעגנ דעמ. זיי וואָלטנ געוואָלט, אזוי צו זאָגנ, אינ דער פראגע וועגנ בויענ די אוקראַיִנישע סאָוועטישע קולטור אָפקומענ מיט א דענקמאָל אונ מיט דער אָפערע: „כאפט אײַכ דער רועכ, נאט אײַכ א דענקמאָל, נאט אײַכ אײַער שעווטשענקאָן, נאט אײַכ אײַער אָפערע אונ דרייט אונדז ניט דעמ קאָפ מיט דער פראגע וועגנ בויענ די אוקראַיִנישע סאָוועטישע קולטור!” אָט די דאָזיקע עלעמענטנ גיבנ א ווידערשטאנד דער בויונג פונ דער אוקראַיִנישער סאָוועטישער קולטור אינ דער הויפטשטאָט פונ אוקראַיִנע—אינ כארקאָוו; דאָס האָבנ זיי געגעבנ א ווידערשטאנד דער בויונג פונ דער אוקראַיִנישער דראמע, אָפערע אונ אָפערעטע” [1].

אָט וויִאזוי סקריפניק האָט געשריבנ וועגנ דער איניציאַטיוו פונ כארקאָווער פאר־טיי־אָרגאניזאציע אינ דער פראגע פונ בויענ די כארקאָווער אָפערע, אינ דער פראגע פונ בויענ א דענקמאָל שעווטשענקאָן. אפ דעמ דאָזיקנ ארטיקל איז געגעבנ געוואָרנ אנ ענטפער פונ כארקאָווער פארטיי־אָרגאניזאציע אינ „קאָמוניסט”.

פונ די געבראכטע שטעלנ אינ סקריפניקס ארטיקל זעט מענ, מיט וואָס פאר א בייזקײַט, מיט וואָס פאר ווילדקײַט סקריפניק איז ארויסגעטראָטנ קעגנ די קאָנקרעטע באָלשעוויסטישע מאָסמיטלענ, וואָס די כארקאָווער פארטיי־אָרגאניזאציע האָט פאָר־גענומענ אונ האָט דורכגעפירט אפנ געביט פונ פאנאנדערוויקלענ די בויונג פונ דער אוקראַיִנישער סאָוועטישער קולטור, אינ די פראגעס פונ דער אָפערע־בויונג, פונעמ דענקמאָל א. אנד. עס איז דאָכ באוווסט, אז כארקאָווער פארטיי־אָרגאניזאציע האָט

[1]) М. Скрипник. „Навколо оперової будівлі“, „Комуніст“ 11. VIII 1929.

קיינמאָל ניט ארויסגעוויזנ קיינ ווידערשטאנד צו דער בויונג פונ דער אוקראַיִנישער אָפּערע, נאָר פארקערט, זי האָט גענומענ די דאָזיקע זאכ אינ אירע הענט אונ האָט ווי געהעריק פאנאנדערגעוויקלט די דאָזיקע ארבעט. עס איז דאָכ באוווסט, אז די כארקאָווער אָרגאניזאציעס האָבנ קיינמאָל ניט נאָר ניט געשטערט דער בויונג פונ דער אוקראַיִנישער אָפּערע, נאָר זיי האָבנ די דאָזיקע בויונג דורכגעפירט אונ איצט באווייַזנ זיי אפנ דאָזיקנ געביט מוסטערנ פונ ארבעט. ס'איז דאָכ באוווסט, אז כארקאָווער אָרגאניזאציע האָט ניט נאָר ניט געגעבנ קיינ ווידערשטאנד דער בויונג פונ דער אוקראַיִנישער מוזקאָמעדיע, נאָר זי האָט צוגעלייגט אַלע קרעפטנ צו מאכנ די אוקראַיִנישע מוזקאָמעדיע פאר א מוסטער־טעאטער. די דאָזיקע גאנצע קאָלאָסאלע ארבעט איז געגאנגענ אונטער דער דירעקטער אָנפירונג פונעמ כ' פּאָסטישעוו.

קלאָר, אז פארנעמענדיק אזעלכע פּאָזיציעס, האָט סקריפּניק אינ טאָכ דורכגעפירט די ליניע פונ די אוקראַיִנישע נאציאָנאליסטנ, ווייַל ניט קיינ אנדערע, ווי די נאציאָנאליסטנ, האָבנ געקעמפט, קעמפנ אונ וועלנ קעמפנ, האָבנ פארהאסט, פארהאסנ אונ וועלנ פארהאסנ די אַלע, וואָס בויענ באָלשעוויסטיש, לעניניש, מיט פארקאטשעטע ארבל די אוקראַיִנישע סאָוועטישע קולטור, צעשמעטערנדיק די אוקראַיִנישע נאציאָנאליסטנ. אָט פארוואָס, ווענ די אוקראַיִנישע נאציאָנאליסטנ האָבנ אייַנגעזענ, אז די כארקאָווער פארטיי־אָרגאניזאציע האָט אונטער דער אָנפירונג פונעמ כ' פּאָסטישעוו זיכ גענומענ באָלשעוויסטיש פאר דער בויונג פונ דער אוקראַיִנישער סאָוועטישער קולטור, האָבנ זיי, די אוקראַיִנישע נאציאָנאליסטנ, אויסגענוצט סקריפּניקנ, ווי א פאָנ פאר זייער קאמפ אפ דיסקרעדיטירנ די אַלע מאָסמיטלענ, וואָס כארקאָווער פארטיי־אָרגאניזאציע האָט דורכגעפירט.

ארויסטרעטנדיק קעגנ דער דאָזיקער באָלשעוויסטישער ליניע אינ דער באציִונג צו שעווטשענקאָנ, האָט סקריפּניק נאציאָנאליסטיש אָפּגעשאצט זייַנ ירושע.

ניט אומזיסט האָט דער נאציאָנאל־אָפּנויגלער סקריפּניק, ווענ ער האָט גערעדט וועגנ שעווטשענקאָנ, געשריבנ:

„שעווטשענקאָ מיט זייַנ סאָציאַליסטישער אידעאָלאָגיע קענ ווערנ אונדזער פאָנ, וואָס אפ איר פארשארפנ מיר אונדזער סאָציאַליסטישע פּאָליטיק...” [1].

סקריפּניק איז אויכ אינ די פראגעס, וואָס זייַנענ שייַכ צו שעווטשענקאָנ, געשטאנענ אפ אנטיפארטייִשע פּאָזיציעס.

נאָר מיר ווייסנ, אז ניט געקוקט אפ דעמ דאָזיקנ גאנצנ ווידערשטאנד, איז די בויונג פונ דער אוקראַיִנישער מעלוכע־אָפּערע אינ כארקאָוו אוועקגעשטעלט אפ א פעסטנ באָדנ. מיר ווייסנ, אז די פראגע פונ אויסבויענ א דענקמאָל שעווטשענקאָנ, ניט געקוקט אפ אַלע שטערונגענ, וואָס אַלערליי נאציאָנאליסטישע עלעמענטנ האָבנ געשאפנ, איז איצט אוועקגעשטעלט, ווי עס געהער צו זייַנ, אונ אינגיכנ וועט דער דאָזיקער דענקמאָל זייַנ פארטיק.

מע דארפ אונטערשטרייַכנ, אז נאָכדעמ ווי כ' פּאָסטישעוו איז אָפּגעפאָרנ פונ אוקראַיִנע אינעמ 1930 יאָר, האָבנ די אוקראַיִנישע נאציאָנאליסטישע עלעמענטנ געטאָנ אַלצ אפ אראָפּצורייַסנ די בויונג פונ שעווטשענקאָס דענקמאָל אינ כארקאָוו אונ מאכנ

---

[1] М. Скрипник, т. II ч. II, „Про одне „непорозуміння“, стор. 233.

צונישט די גאנצע ארבעט, וואָס כארקאָווער פארטיי־אָרגאניזאציע האָט דורכגעפירט אין דעם דאָזיקן געביט.

ווי עס איז שוין באוווסט, האָט דער קאָנקורס פונעם 1930־טן יאָר קיין רעזולטאטן ניט געגעבן, און ניט געגעבן האָט ער זיי דערפאר, ווייל ער איז ניט געווען אָרגאַניזירט ווי עס געהער צו זיין, ווייל דער פאָלקאָמבילד האָט ניט בלויז ניט געהאָלפן, נאָר האָט אויך געשטערט דער דאָזיקער זאך, שטייענדיק אפ יענע פאָזיציעס, וועלכע עס האָט אין דער דאָזיקער פראגע פארנומען סקריפניק. די אוקראינישע נאציאָנאַליסטן האָבן אוועקגעלייגט אלע זייערע קויכעס אפ ארויפצוריסן דעם קאָנקורס. זיי האָבן דאָס געטאָן אפ אזא אופן. זיי האָבן אָפגעוואָרפן דאָס רעאלע באווייזן פון שעווטשענקאָס סאָציאלע געשטאלט און אָנשטאָט דעם האָבן זיי געגעבן עפעס א פארקריפלטע סכעמע. אינעם דענקמאָל איז פארשוווּנדן די געשטאלט פון שעווטשענקאָ, אלס היסטאָרישע פערזאָן, און פארן צושויער זיינען אין די פראָיעקטן, וואָס זיינען אויסגעפאָרמירט געוואָרן אונטער דער אָנפירונג פון אלערליי נאציאָנאַליסטישע עלעמענטן, אנטשטאנען עפעס מעשונעדיקע פיגורן, וואָס האָבן ניט געהאט קיין געמיינזאמס מיט שעווטשענקאָס געשטאלט. דאָס זיינען געווען פיגורן מער ענלעך אפ פארזעענישן, איידער אפן מענטשן—שעווטשענקאָ, וואָס זיין געשטאלט איז באוווסט די ברייטע ארבעטנדיקע מאסן.

אין א טייל פון די דאָזיקע פראָיעקטן איז געגעבן א רעליגיעזע אויסטייטשונג פון שעווטשענקאָן. אין דעם גרעסטן טייל—א פאָרמאליסטישער צוגאנג צו שעווטשענקאָס געשטאלט. אין א באשטימטן טייל פראָיעקטן ווערט שעווטשענקאָ דערנידעריקט צו דער פונקציע פון עפעס א פראָווינציעלן אופקלערער (פראָסוויטיאנין).

קלאָר, פארוואָס איז עס אזוי געשען. דער פאָלקאָמבילד האָט ניט אָנגעפירט מיטן דאָזיקן פראָצעס. ער האָט ניט געוואָלט זיכערן די דורכפירונג פון די מאָסמיטלען, וואָס זיי האָט אָנגעצייכנט די רעגירונג און די פארטיי, וואָס זיי האָט אָנגעצייכנט כארקאָווער פארטיי־אָרגאניזאציע אפ באערן שעווטשענקאָס אָנדענק.

און אין דער זעלבער צייט האָבן אזעלכע נאציאָנאַליסטן, ווי אָזערסקי, אפ דער זיצונג פונעם שעווטשענקאָ־קאָמיטעט אזוי געזאָגט:

„מיר האָבן א שעווטשענקאָ־זאמלבוך, און דער לייטארטיקל פונעם אקאַדעמיקער יעפרעמאָוו טראקטירט וועגן שעווטשענקאָן און וועגן דעם העכסטן פונקט פון זיין שאפונג אין דעם מאָמענט, ווו ער שטאָלצירט מיט דער העטמאנשטשינע. צום באדויערן, האָב איך ניט מיטגענומען די דאָזיקע זאמלונג. דאָרט ווערט געזאָגט, אז דאָס איז דער העכסטער פעריאָד פונעם אופבלי פון שעווטשענקאָס פייקייטן און טאלאנט. מיר קענען איינשטימען מיט דער כאראקטעריסטיק, ברענגענדיק די ניי־געפונענע שורעס וועגן באָגדאן כמעלניצקי. ער זאָגט, אז די נייע כאראקטעריסטישע שטריכן פונעם סאמע נוצלעכסטן און שעפערישסטן פעריאָד שעווטשענקאָס—איז דער פעריאָד פון די יאָרן 43, 44, 47. אזוי אז ס'ווערט אויסקומען פינקטלעכער פעסטצושטעלן די דאָזיקע אידייע“ [1].

---

[1]) סטענאָגראמע פון דער בעראטונג פונעם שעווטשענקאָ־קאָמיטעט פון 27־טן אפרעל 1928 י. ז. 9.

פון דער דאָזיקער רעדע אָזערסקיס זעט מען, אז די פראגע פון אויסבויען שעווטשענקאָס דענקמאָל, דאָס באהאנדלען די פראָיעקטן פונעם דענקמאָל איז די גאנצע צײַט דורכגעגאנגען אין אן אטמאָספער פון פראָפּאגאנדירן נאציאָנאליסטישע אידייען. אזעלכע נאציאָנאליסטן מיט א פּארטיי־בילעט, ווי אָזערסקי, זײַנען אין טאָג ארויסגעטראָטן אין אײנהײַטלעכן פראָנט מיטן אוקראאינישן נאציאָנאליסט יעפרעמאָוו. די שעדיקער־נאציאָנאליסטן—יעפרעמאָוו, ריטשיצקי—האָבן געוואָלט מאכן אזוי, אז אין דער טראקטירונג פון שעווטשענקאָן זאָל אין דער ערשטער ריי ארויסטאַרטשען דער נאציאָנאלער מאָמענט. ווען זיי זײַנען צוגעגאנגען צום דערלייזן די דאָזיקע פראגע, איז אנטשטאנען א נויטווענדיקײַט, לויט ריטשיצקיס אויסדרוק, אונטערצושטרײַכן שעווטשענקאָס „פלאנעטארישקײַט”. ווי מיר זעען, זײַנען די דאָזיקע געדאנקען באשטאנען אין דעם, אז פון איין זײַט האָט מען זיך באמיט צו מאכן שעווטשענקאָן פאר א „נאציאָנאלן העלד”, און פון דער צווייטער זײַט, האָט מען געשטעלט שעווטשענקאָן באגלײַך מיט לענינען.

אין קעגנגעוויכט צו די דאָזיקע געדאנקען פון די אוקראאינישע נאציאָנאליסטן האָבן די פּראָלעטאריער פון כארקאָווער זאוואָדן וועגן פראָיעקט פארן דענקמאָל זיך אזוי ארויסגעזאָגט:

„אויפוועקשטעלן אזא דענקמאָל, וואָס וואָלט געקענט באלויכטן די גאנצע שאפונג שעווטשענקאָס”.

„אויפוועקשטעלן אזא דענקמאָל, וואָס זאָל זײַן אָנשוילעכער. יעדערער וועט טראכטן, אז די ראטנמאכט שאצט אויך שעווטשענקאָן, ווי דעם ערשטן טוער פאר דער באפרײַונג פון די אָרעמע”.

„מאכן א גראנדיעזן דענקמאָל, וואָס זאָל אויסדריקן די פארגאנגענהײַט פונעם פּאָעט אלס רעוואָליוציאָנער”.

עס איז גענוג צו ברענגען די דאָזיקע געדאנקען פון די ארבעטער, וואָס זײַנען ארויסגעזאָגט געוואָרן אין די אנקעטעס, וועלכע זיי האָבן צוגעשיקט אין דעם שעווטשענקאָ־קאָמיטעט, קעדיי צו פארשטיין, וויאזוי כארקאָווער ארבעטער זײַנען צוגעגאנגען צום באערן שעווטשענקאָס אָנדענק און וויאזוי זײַנען צו דער דאָזיקער פראגע צוגעגאנגען די אוקראאינישע נאציאָנאליסטישע עלעמענטן, וועלכע האָבן ארויפגעריסן דעם קאָנקורס און די רעאליזאציע פון די באשלוסן פון דער ראטנמאכט.

מיטן אָנקומען פון כ׳ פּאָסטישעוו אף אוקראאינע אינעם 1933־טן יאָר איז די פראגע וועגן אויפבויען שעווטשענקאָס דענקמאָל, אי אין כאַרקאָוו, אי אף זײַן קייווער, ווידער אויפגעשטעלט געוואָרן אף א רעאלן באָדן.

דער צ.ק. קפּ(ב)או האָט אויסגעטיילט א ספּעציעלע פּאָליטישע קאָמיסיע אין שפּיץ מיטן כ׳ פּאָסטישעוו. אין באשטאנד פון דער דאָזיקער קאָמיסיע זײַנען ארײַן די כ״כ פּאָפּאָוו, ליובטשענקאָ, זאטאָנסקי, שליכטער, כוויליא, שעלעכעס און וואסילענקאָ. נאָכן באארבעטן צוזאמען מיטן קינסטלער־אקטיוו פון אוקראאינע און מיט די אײַנגעלאדענע בעסטע ספּעציאליסטן פון מאָסקווע און לענינגראד די גרונט־פּרינציפּן, וואָס זײַנען שײַעך דעם כאראקטער, אידעאָלאָגישן אינהאלט און דעם אָרט פון די דענקמאָלן, האָט די קאָמיסיע באשטימט און אָנגעמערקט אלע מיטלען, וואָס זאָלן זיכערן די

רעכטצײַטיקע רעאַליזירונג פונ אופבויענ א דענקמאָל אינ כאַרקאָוו אונ אויכ א מעמאָריאַל־מוזיי אונ א דענקמאָל אפנ קיִיווער לעמ קאַניעוו.

די גרונט־אידייע פונ שעווטשענקאָס דענקמאָל — דאָס איז דער פּאָעט־רעוואָליוציאָנער, דער קעמפער פאַר סאָציאַלער אונ נאַציאָנאַלער באַפרײַונג פונ די אַרבעטנדיקע פונ אוקראַינע, דער אויסדריקער פונ די קלאַסעווע שטרעבונגענ פונעמ אָרעמסטנ פּויערטומ אונ באַטראַקנטומ.

די אַרבעטנ אַרומ דעמ אויסבויענ דעמ דענקמאָל שעווטשענקאָנ אינ כאַרקאָוו אונ אפנ קיִיווער גייענ איצט אינ פולנ גאַנג. פאַר א קורצנ טערמינ איז דורכגעפירט געוואָרנ דער פּראָיעקטנ־קאָנקורס, וועלכער האָט געגעבנ גלענצנדיקע רעזולטאַטנ. צומ קאָנקורס זײַנענ צוגעצויגנ געוואָרנ די בעסטע קינסטלערישע סקולפּטורישע קרעפטנ פונעמ ראַטנפאַרבאַנד.

דעמ 27־טנ סענטיאַבער 1933־טנ יאָר האָט די רעגירונג־קאָמיסיע אַרויסגעטראָגנ אזא באַשלוס וועגנ דעמ פאַרמאַכטנ קאָנקורס אפ א פּראָיעקט פונ א דענקמאָל שעווטשענקאָנ אינ כאַרקאָוו אונ אפנ קיִיווער לעמ קאַניעוו:

„די רעגירונג־קאָמיסיע אינ באַשטאַנד פונ די כ״כ שעלעכעס, פּאָפּאָוו, ליובטשענקאָ, קילעראָג, כווילִיאַ, יערמאָלאָוו, מיקיטענקאָ, קירילענקאָ, רודיאַקאָוו — נאָכנ באַטראַכטנ די פּראָיעקטנ פונ שעווטשענקאָס דענקמאָל פאַר דער שטאָט כאַרקאָוו אונ אפנ קיִיווער (לעמ קאַניעוו), וואָס עס האָבנ אויסגעפילט די אווטערס: אַנדרייעוו, בולדינ, בלאָכ, אשקינאַזי, בערעזאָווסקי, דאַראַגאַנ, דינדאָ, דאָבראָוואָלסקי, דאַווידאָוויטש, זיילינגער, עפּשטיינ, יאָפאַנ, קאַוואַלערידזע, קאָזיק, קאָסטירקאָ, קריטשעווסקי פ., קריטשעווסקי וו., קודריאַווצעווע, קאַסיאַנ, קאַסיאַנאָוו, קלימאָוו, לאַנגבאַרט, מאַגאַרקאָ, מיטקאָוויצער, מערקוראָוו, מאַניזער, מעלער, מוכינע, מוראַווינ, נאָוואָסעלסקי, פּעטריצקי, ראַזשבאַ, סטראַכאָוו, סיבײַסקי, טענער, אוליאַנאָוו, טשײַקאָוו, אָסנאַטש — קאָנסטאַטירט:

דורכשניטלעכ שטייט די קוואַליטעט פונ די צוגעשטעלטע פּראָיעקטנ פאַר שעווטשענקאָס דענקמאָל אפ א הויכנ קינסטלערישנ ניוואָ. באַגלײַכ מיט די פּראָיעקטנ, וואָס עס האָבנ צוגעשטעלט די קוואַליפיצירטע קאַדרענ סקולפּטור־מײַסטערס, זײַנענ פאַראַנ פּראָיעקטנ פונ דער יוגנט, וואָס האָבנ געלונגענ אוועקגעשטעלט אונ אָפּגעשפּיגלט די גרונט־קאַוואָנע צו געבנ שעווטשענקאָנ אפנ פּאָנ פונ די מאַסעווע רעוואָליוציאָנערע באַוועגונגענ פונעמ פּויערטומ אונ פונעמ זיגרײַכנ אופשטאַנד פונעמ פּראָלעטאַריאַט (בולדינ, דאַראַגאַנ, ראַזשבאַ, מוראַווינ).

די אווטערס האָבנ אופמערקזאַמ זיכ באַצויגנ צו דער אופגאַבע פונ פּראָיעקטירנ דעמ דענקמאָל אונ האָבנ צוגעשטעלט, ניט געקוקט אפנ קורצנ טערמינ, רעכטצײַטיק זייערע פּראָיעקטנ.

די קאָמיסיע באַצייכנט די הויכע קינסטלערישע קוואַליטעט פונ שעווטשענקאָס מאַסקע אונ פיגור, וואָס עס האָבנ געשאַפנ די כ״כ קריטשעווסקי פ. אונ מערקוראָוו.

די קאָמיסיע האַלט, אז דער פּראָיעקט פאַרנ דענקמאָל, וואָס עס האָבנ צוגעשטעלט קריטשעווסקי פ. אונ מערקוראָוו, קאָנ פאַרווירקלעכט ווערנ באַמ באַדינג, אז מע וועט גרינטלעכ איבעראַרבעטנ דעמ פּאָסטאַמענט אונ זײַנ קאָמפּאָזיציאָנעלע אונ אינהאַלטלעכע לייזונג.

דער סקולפטער כ׳ טשײַקאָוו האָט דערלייזט דעמ פּאָסטאמענט פונעמ דענקמאָל סײַ פונ דער קינסטלערישער אונ קאָמפּאָזיציאָנעלער זײַט, סײַ מיצאד דעמ אידעאָלאָגישנ אינהאלט פונעמ דענקמאָל. וואָס אָנבאלאנגט שעווטשענקאָס פיגור, דארפ מענ רעכענענ, אז דעמ אווטער איז ניט געלונגענ צו אנטפּלעקנ די געשטאלט פונעמ פּאָעט־רעוואָליוציאָנער.

רעקאָמענדירנ דעמ אווטער, ער זאָל צושטעלנ א נײַעמ ווארִיאנט פונ שעווטשענקאָס פיגור.

פונ די פּראָיעקטנ פאר א דענקמאָל אפנ קייווער לעמ קאניעוו באשליסט די קאָמיסיע אָנצונעמענ אפ פארווירקלעכנ דעמ דענקמאָל־פּראָיעקט, וועלכנ ס׳האָבנ געמאכט די סקולפּטערס כ״כ בולדינ אונ דאראגאנ אונ דער ארכיטעקטער כ׳ טאָרובאראָוו. די קאָמיסיע באופטראָגט די אווטערס פונעמ פּראָיעקט, זיי זאָלנ אונטער דער קינסטלערישער אָנפירונג פונעמ פארדינסטפולנ קונסט־טוער, דעמ סקולפּטאָר כ׳ מאניזער, ווײַטער פארפולקומענ דעמ פּראָיעקט פארנ דענקמאָל, האלטנדיק זיכ בא אזוינע אָנווײַזונגענ:

א) ארויסהייבנ שעווטשענקאָס פיגור אינ דער אלגעמיינער קאָמפּאָזיציע פונעמ דענקמאָל.

ב) ארויסטראָגנ פאָרויס דעמ גרונט פונ די פיגורנ, וואָס רינגלענ ארומ שעווטשענקאָנ.

ג) אראָפּנעמענ א גרופּע סטאטישע פיגורנ, וואָס זײַנענ אָפּגעריסנ פונ דער אלגעמיינער קאָמפּאָזיציע פונעמ דענקמאָל.

די קאָמיסיע באצייכנט די ארבעטנ:

פונ די כ״כ מאניזער אונ לאנגבארט, וועלכע האָבנ באמ אויספילנ דעמ פּראָיעקט פונעמ דענקמאָל באוויזנ הויכע מײַסטערשאפט אונ אויסדריקלעכקײַט.

פונעמ סקולפּטער קראטקאָ, וואָס האָט קינסטלעריש אויסגעפילט דעמ פּראָיעקט צו געבנ די געשטאלט פונ שעווטשענקאָנ אינ זײַנע יונגע יאָרנ.

פונעמ פארדינסטפולנ קינסטלער כ׳ פּעטריצקי, וועלכער האָט אינ זײַנ פּראָיעקט געמאכט א פּרוּוו אמבוילעטסטנ אונטערצושטרײַכנ, אז דעמ דענקמאָל שעווטשענקאָנ שטעלט די פּראָלעטארישע געזעלשאפטלעכקײַט.

פונ דעמ קינסטלער דעמ סקולפּטער סטראכאָוו, וועלכער האָט הויכ־קינסטלעריש געמאכט שעווטשענקאָס מאסקע.

רעקאָמענדירנ די אווטערס קריטשעווסקי פּ. אונ מערקוראָוו, זיי זאָלנ פאנאנדערארבעטנ אפנ גרונט פונ די אָנווײַזונגענ, וואָס די קאָמיסיע האָט געגעבנ, דעמ פּאָסטאמענט פונעמ דענקמאָל.

רעקאָמענדירנ דעמ סקולפּטער טשײַקאָוו, ער זאָל דערגאנצנ די פאנאנדערארבעטונג פונ שעווטשענקאָס פיגור.

רעקאָמענדירנ די סקולפּטערס מאניזער אונ סטראכאָוו, זיי זאָלנ צושטעלנ נײַע פּראָיעקטנ פארנ דענקמאָל.

דער טערמינ פאר אלע אווטערס אפ צושטעלנ די פּראָיעקטנ אונ די ווארִיאנטנ איז דער 10־טער נאָיאבער 1933־טנ יאָר.

רעקאָמענדירנ דעמ מעלוכישנ סקולפּטור־ווארשטאט קויפנ די פּאָרטרעטנ פונ ט. ג. שעווטשענקאָ, וואָס עס האָבנ אויסגעפּילט קריטשעווסקי פ. אונ מע־קוראָוו מיט סטראכאָוונ, צוליב מאסעווער פארשפּרייטונג.

אינ צוזאמענהאנג מיטנ גרויסנ קולטור־פּאָליטישנ באטייט פונעמ לעצטנ קאָנקורס פאָרלייגנ דעמ פארלאג „מיסטעצטוואָ” ארויסגעבנ אנ אלבאָמ פונ די פּראָיעקטנ פארנ דענקמאָל.

שעלעכעס פּאָפּאָוו, ליובטשענקאָ, קילעראָג, כווילייא, יערמאָלאָוו, מיקיטענ־קאָ, קירילענקאָ, רודיאקאָוו.

כארקאָוו, 27 סענטיאבער 1933 יאָר” [1]).

איצט איז שוינ דורכ דער קאָמיסיע אָנגענומענ געוואָרנ דער פּראָיעקט פאר שעוו־טשענקאָס דענקמאָל אינ כארקאָוו, וואָס עס האָט געמאכט דער סקולפּטער מאניזער.

דעמ פּראָיעקט פאר א מעמאָריאלנ מוזיי אפנ קייווער לעמ קאניעוו האָט אויסגעפּילט דער פּראָפעסער וו. קריטשעווסקי אונ דער ארכיטעקטער קאָסטירקאָ.

איצט זיינענ שוינ פאנאנדערגעוויקלט די ארבעטנ אפּ אויסבויענ שעווטשענקאָס דענק־מאָל אינ כארקאָוו אונ דעמ מעמאָריאלנ מוזיי אפנ קייווער. לויט דער באשטימונג פונ דער רעגירונג־קאָמיסיע, איז דעמ 11־טנ מארט 1934־טנ יאָר, אינ דעמ 120־טנ יאָר־טאָג פונ שעווטשענקאָס געבורט, פאָרגעקומענ דאָס פייערלעכע פארלייגנ דעמ פונדא־מענט פונעמ מעמאָריאלנ מוזיי אפנ קייווער אונ מע איז צוגעטראָטנ בויענ דעמ דענק־מאָל אינ כארקאָוו, ס'איז געעפנט געוואָרנ א גאלעריי פונ שעווטשענקאָס קונסט־בילדער.

אינ 1914־טנ יאָר האָט לענינ אינ זיינ ארטיקל „וועגנ דעמ נאציאָנאלנ שטאָלצ פונ די גרויסרוסנ” געזאָגט אזעלכע אומשטערבלעכע ווערטער:

„צי איז דענ אונדז, גרויסרוסישע באוווסטזיניקע פּראָלעטאריער, פרעמד דאָס געפיל פונ נאציאָנאלנ שטאָלצ? פארשטייט זיכ, ניינ! מיר האָבנ ליב אונ־דזער שפּראכ אונ אונדזער פאָטערלאנד, מיר ארבעטנ מער פונ אלצ איבער דעמ, אז מיר זאָלנ זיינ ע ארבעטנדיקע מאסנ (ד. ה. $^{9}/_{10}$ פונ זיינ ע באפעלקערונג) אופהייבנ צו א באוווסטזיניקנ לעבנ פונ דעמאָקראטנ אונ סאָציאליסטנ. מער פונ אלצ טוט אונדז וויי צו זענ אונ צו פילנ די גוואלדטאטנ, אונטערדריקונג אונ שענדונגענ, וועלכע עס פארשאפנ אונדזער וווּנדערבארנ פאָטערלאנד די צארישע טאליאָנימ, אדע־ליקע אונ קאפּיטאליסטנ. מיר שטאָלצירנ מיט דעמ, וואָס די דאָזיקע גוואלד־טאטנ האָבנ ארויסגערופנ א ווידערשטאנד פונ אונדזערע רייענ, די רייענ פונ די גרויסרוסנ, וואָס די דאָזיקע רייענ האָבנ ארויסגערוקט ראדישטשעוונ, די דעקאבריסטנ, די רעוואָליוציאָנערנ ראזנאָטשינצעס פונ די 70־קער יאָרנ, וואָס דער גרויסרוסישער ארבעטער־קלאס האָט געשאפנ אינ 1905־טנ יאָר א מעכטיקע רעוואָליוציאָנערע מאסעווע פארטיי, וואָס דער גרויסרוסישער פּויער האָט אָנ־געהויבנ גלייכצייטיק צו ווערנ א דעמאָקראט, ער האָט אָנגעהויבנ ארויספּווארפנ דעמ גאלעכ אונ דעמ גוטבאזיצער.

מיר געדענקענ, ווי מיט א האלבנ יאָרהונדערט צוריק האָט דער גרויס־רוסישער דעמאָקראט טשערנישעווסקי, אָפּגעבנדיק זיינ לעבנ דער זאכ פונ דער רעוואָליוציע, געזאָגט: „א קלאָגעדיקע נאציע, א נאציע פונ קנעכט. פונ אויבנ

[1]) „Bicri“ 29.IX. .1933.

ביז אונטן — זײַנען אלע קנעכט". די אָפענע און פארבאהאלטענע קנעכט-גרויס-רוסן (קנעכט בענעגייע דער צארישער מאָנארכיע) האָבן ניט ליב צו דערמאנען די דאָזיקע ווערטער. לויט אונדזער מיינונג אָבער זײַנען דאָס געווען ווערטער פון עמעסער ליבע צום פאָטערלאנד, פון ליבע, וועלכע טרויערט דערופ, וואָס עס פעלט אויס רעוואָליוציאָנערישקייט בא די מאסן פון דער גרויסרוסישער באפעלקערונג. דאן איז די רעוואָליוציאָנערישקייט ניט געווען. איצט איז זי דאָ ווינציק, נאָר זי איז שוין דאָ. מיר זײַנען פול מיטן געפיל פון נאציאָנאלן שטאָלץ, ווײַל די גרויסרוסישע נאציע האָט אויך געשאפן א רעוואָליוציאָנערן קלאס, האָט אויך דערוויזן, אז זי איז פייִק צו געבן דער מענטשהייט גראנדיעזע מוסטערן פון קאמפ פאר פרייהייט און פאר סאָציאליזם, און ניט בלויז גרויסע פאָגראָמען, רייען טליעס, פײַניקונג-קאמערן, גרויסע הונגערס (голодовки) און גרויסע קנעכטישקייט פאר די גאלאָכים, צארן, גוטבאזיצער און קאפיטאליסטן"[1].

אונדז, פראָלעטאריער פון אוקראינע, וואָס אין איינהייטלעכן פארבאנד מיט די פראָלעטאריער פון רוסלאנד און אנדערע סאָוועטישע רעפובליקן, אונטער דער אָנפירונג פון דער קאָמוניסטישער פארטיי, אונטער די פאָנען פון לענין-סטאלין, בויען מיר די גרויסע זאך פון סאָציאליזם, איז וויכטיק צו וויסן וועגן דעם, וויאזוי דער גרויסער אוקראינישער דעמאָקראט-רעוואָליוציאָנער שעווטשענקאָ האָט געקעמפט קעגן ניקאָליי דעם ערשטן, קעגן דעם צארישן רוסלאנד, קעגן די אוקראינישע און רוסישע פריצים-לײַבאייגנטימער. דער דאָזיקער קאמפ האָט ניט געקענט ברענגען צו א פראָלעטארישער רעוואָליוציע, ווײַל ער איז ניט געווען קיין אָפשפיגלונג פונעם קאמפ פונעם פראָלעטאריאט, פונעם איינציקן קלאס, וואָס איז פון דער געשיכטע פארופן צו פארניכטן יעטווידער דרוק און אײַנשטעלן די אָנקלאסעווע סאָציאליסטישע געזעלשאפט.

נאָר דער דאָזיקער קאמפ פארדינט דעם בעסטן אָנדענק אין אונדזערע הערצער, ווײַל נאָכאמאָל דערמאנט ער וועגן יענעם גרויסן היסטאָרישן וועג, וועלכן די מענטשהייט איז דורכגעגאנגען אין קאמפ פאר איר באפרײַונג.

דער כ' סטאלין, כאראקטעריזירנדיק די געשיכטע פון קאמפ פון די אונטערדריקטע קעגן די אונטערדריקער, זאָגט אזוי:

„די געשיכטע פון פעלקער ווייסט פון ניט ווייניק רעוואָליוציעס. זיי אונטערשיידן זיך פון דער אָקטיאבער-רעוואָליוציע מיט דעם, וואָס זיי אלע זײַנען געווען איינזײַטיקע רעוואָליוציעס. איין פאָרם פון עקספּלואטירן די ארבעטנדיקע איז פארביטן געוואָרן אפ אן אנדער פאָרם פון עקספּלואטאציע, נאָר די עקספּלואטאציע אליין פלעגט פארבלײַבן. איינע עקספּלואטאטערס און אונטערדריקער פלעגן פארביטן ווערן אפ אנדערע עקספּלואטאטערס און אונטערדריקער, נאָר די עקספּלואטאטערס און אונטערדריקער אליין פלעגן פארבלײַבן. נאָר די אָקטיאבער-רעוואָליוציע האָט זיך געשטעלט פאר א ציל — פארניכטן יעטווידע עקספּלואטאציע און ליקווידירן אלע און אלערליי עקספּלואטאטערס און אונטערדריקער.

די רעוואָליוציע פון די קנעכט האָט ליקווידירט די קנעכטבאזיצער און האָט אָפגעשאפט די קנעכטבאזיצערישע פאָרם פון עקספּלואטירן די ארבעטנדיקע,

[1]) Ленин. Соч. т. XVIII — „О национальной гордости великороссов", стр. 81.

אָבער אָנשטאָט זיי האָט זי אוועקגעשטעלט די לײַבייגנטימער און די לײַבייגנטימערישע פאָרמ פונ עקספלואטירנ די ארבעטנדיקע. איינע עקספלואטאטערס זײַנענ פארביטנ געוואָרנ אפ אנדערע עקספלואטאטערס. בא דער שקלאפערײַ האָט דער „געזעצ” דערלויבט די קנעכטבאזיצער צו הארגענענ די קנעכט. באמ לײַבייגנטומ האָט דער „געזעצ” דערלויבט די לײַבייגנטימער „בלויז” צו פארקויפנ די לײַבייגענע.

די רעוואָליוציע פונ די לײַבייגענע פויערימ האָט ליקווידירט די לײַבייגנטימער און האָט אָפּגעשאפנ די לײַבייגנטימערישע פאָרמ פונ עקספלואטאציע. זי האָט אָבער אוועקגעשטעלט אָנשטאָט זיי די קאפּיטאליסטנ און גוטבאזיצער, די קאפּיטאליסטישע און גוטבאזיצערישע פאָרמ פונ עקספלואטירנ די ארבעטנדיקע. איינע עקספלואטאטערס זײַנענ פארביטנ געוואָרנ מיט אנדערע עקספלואטאטערס. בא דער לײַבייגנטימערישער אָרדענונג האָט דער „געזעצ” דערלויבט צו פארקויפנ די לײַבייגענע. בא דער קאפּיטאליסטישער אָרדענונג האָט דער „געזעצ” דערלויבט „בלויז” צו פארורטיילנ די ארבעטנדיקע אפ ארבעטלאָזיקײַט און פאראָרעמונג, אפ רויִנירונג און הונגער-טויט.

בלויז אונדזער סאָוועטישע רעוואָליוציע, בלויז אונדזער אָקטיאבער-רעוואָליוציע האָט אוועקגעשטעלט די פראגע אזוי, אז ניט איינע עקספלואטאטערס זאָלנ פארביטנ ווערנ אפ אנדערע, ניט בײַטנ איינ פאָרמ פונ עקספלואטאציע אפ אנ אנדערער, נאָר אויסראָטנ יעטווידער עקספלואטאציע, אויסראָטנ אלע און אלערליי עקספלואטאטערס, אלע און אלערליי גווירימ און אונטערדריקער, אי די אלטע, אי די נײַע”[1]).

שעווטשענקאָס געשטאלט באווײַזט נאָכאמאָל, ווי לאנג און אקשאָנעסדיק ס'האָט זיכ געצויגנ דער דאָזיקער קאמפ פונ די אונטערדריקטע קעגנ די אונטערדריקער, וויאזוי אינעמ דאָזיקנ קאמפ זײַנענ אונטער די קלעפ פונ די צארנ, פריצימ, גאלאָכימ, פאָליציי-לײַט געפאלנ די בעסטע מענטשנ פונ יענער עפּאָכע. בלויז דער פּראָלעטאריאט, וואָס איז ארויסגעטראָטנ אפ דער היסטאָרישער ארענע, האָט אינ די שלאכטנ, אונטער דער אָנפירונג פונ לענינ-סטאלינ, אבסאָליוט צעשמעטערט די פעלקער-טפיסע—דאָס אלטע צארישע רוסלאנד, האָט אײַנגעשטעלט זײַנ דיקטאטור און האָט געשאפנ אפ די גרויסע שעטעכנ פונעמ צארישנ רוסלאנד די איינציקע אינ דער וועלט רעפּובליק פונ ראטנ.

אוקראינע איז געוואָרנ א מעכטיקע סאָוועטישע מעלוכע, א באשטאנדטייל פונעמ ראטנפארבאנד. ראטנ-אוקראינע האָט צעגראָמירט אלערליי פריצימ-אינטערווענטנ, ראטנ-אוקראינע האָט פאנאנדערגעוויקלט א גרויסע מעכטיקע סאָציאליסטישע בויונג נאָר אינ רעזולטאט פונ דעמ, וואָס די ארבעטנדיקע מאסנ פונ אוקראינע זײַנענ געגאנגענ אינ איינהײַטלעכנ ברידערלעכנ בונד מיט די ארבעטנדיקע פונ רוסלאנד אונטער די זיגרײַכע פאָנענ פונ לענינ-סטאלינ.

און אויב איצט פרווונ די נאציאָנאליסטנ, פאשיסטנ פונ אויסלאנד צו נעמענ מיט זייערע שמוציקע הענט שעווטשענקאָס געשטאלט און אויסנוצנ זי צוליב זייערע

[1]) Сталин. Вопросы Ленинизма, изд. 9—„Речь на первом всесоюзном с'езде колхозников—ударников, стр. 527.

קלאסנ־אינטערעסנ, ווענ זיי גרייטנ אנ אינטערווענצ קעגנ ראטנפארבאנד, קעגנ ראטנ־אוקראִינע, איז מיט דעמ אליינ ווילנ זיי אומקערנ די שרעקלעכסטע צײַטנ פונ דער רעאקציע, וואָס אינ קאמפ קעגנ איר זײַנענ אומגעקומענ טויזנטער בעסטע זינ פונ דער ארבעטנדיקער מענטשהײַט, וואָס אנטקעגנ איר האָט געקעמפט אינ דער עפּאָכע פונ ניקאָלײַ דעמ ערשטנ אונ אלעקסאנדער דעמ צווייטנ — ט. ג. שעווטשענקאָ.

אָפּגעבנדיק דעמ קאָוועד, באערנדיק דעמ אָנדענק פונעמ גרויסנ פויערשנ רע־וואָליוציאָנער־דעמאָקראט, דעמ שרײַבעד שעווטשענקאָ, זעענ מיר גוט אונ מיר הערנ דעמ ווילדנ ליארעמ פונ די אוקראִינישע פריצימ ארומ זײַנ געשטאלט.

שעווטשענקאָ איז געווענ פאר זײַנ עפּאָכע א גרויסער מענטש, א גרויסער רע־וואָליוציאָנער־דעמאָקראט, אָבער שעווטשענקאָס אידעאָלאָגיע איז ניט געווענ קיינ סאָ־ציאליסטישע, זי איז געווענ א קלייכבירגערלעכע. ניט אונטער שעווטשענקאָס פאָנ, נאָר אונטער דער פאָנ פונ לעניג־סטאלינ האָבנ די ארבעטנדיקע פונ אונדזער לאנד ארפּגעוואָרפנ די קייטנ פונ קנעכטשאפט אונ זיי בויענ א נײַע סאָציאליסטישע גע־זעלשאפט, גייענדיק פונ זיג צו זיג.

די אוקראִינישע נאציאָנאליסטנ ווילנ אויסנוצנ שעווטשענקאָנ צוליב זייערע אינ־טערעסנ, זיי פּרוּװנ זיכ אריבערצוטראָגנ די פײַנטלעכע באציִונג שעווטשענקאָס צו דער דעמאלטיקער ניקאָלײַישער צארישער גוטבאזיצערישער מאָסקווע, וואָס איז געווענ א פעלקער־טפּיסע, — די דאָזיקע סינע אריבערטראָגנ אפ דער איצטיקער רויטער סאָציאליסטישער מאָסקווע. די ניקאָלײַישע מאָסקווע איז געווענ א צארישע מאָסקווע, איז געווענ א שטאָט פונ צארישע ביוראָקראטנ, גוטבאזיצער, סאָברימ, זשאנדארמענ, פונקט אזויוי דער דעמאלטיקער סאנקט־פּעטערבורג איז געווענ די הויפּטשטאָט פונעמ צאריזמ. די צארישע מאָסקווע אונ דער צארישער סאנקט־פּעטערבורג, וואָס אנטקעגנ זיי איז ארויסגעטראָטנ שעווטשענקאָ, איז געווענ א סימבאָל פונעמ צארישנ רוסלאנד — די טפּיסע פונ פעלקער.

די איצטיקע, סאָציאליסטישע מאָסקווע איז א סימבאָל פונ דער באפרײַונג פונ די פעלקער פונ דער גאנצער וועלט פונעמ סאָציאלנ אונ נאציאָנאלנ יאָכ. מאָסקווע איצט — דאָס איז די הויפּטשטאָט פונעמ פארבאנד פונ סאָוועטישע סאָציאליס־טישע רעפּובליקנ, וואָס נאָכנ צעגראָמירנ די קאפּיטאליסטנ, גוטבאזיצער, נאָכנ צעגראָמירנ די פײַנטלעכע קלאסנ, בויט ער זיגרײַכ דעמ סאָציאליזמ. אינ דעמ דאָזיקנ מעכטיקנ פארבאנד האָט ראטנ־אוקראִינע, וואָס איז אנ אומאָפּרײַסבארער באשטאנד־טייל פונעמ ראטנפארבאנד, פאנאנדערגעוויקלט א גראנדיעזע זיגרײַכע סאָציאליס־טישע בויונג, איז שטורמיש אויסגעוואקסנ, זיכ אנטוויקלט, פארפעסטיקט.

מיר ווייסנ, אז ראטנ־אוקראִינע האָט קאָלאָסאלע היסטאָרישע דערגרייכונגענ נאָר אינ רעזולטאט פונעמ אומגעוואקלטנ פארבאנד פונ די ארבעטנדיקע פונ אוקראִינע מיט די ארבעטנדיקע פונ אנדערע נאציאָנאליטעטנ.

אינ דער דאָזיקער ברידערלעכער פאראייניקונג, אינ דעמ דאָזיקנ פעסטנ פארבאנד אונטער די גראנדיעזע זיגרײַכע פאָנענ פונ לעניג־סטאלינ גייענ מיר פעסט פאָרויס אונ צעשמעטערנ אלע צארנ, פריצימ, גאלאָכימ, פאָליציי־לײַט אונ זייערע דינער.

אונדזער פאָנ — איז די פאָנ פונעמ ניצאָכנ פונ קאָמוניזמ אינ דער גאָרער וועלט!

1934 י.